


די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

יעקב לעשצינסקי

# ערב חורבן

פון יידישן לעבן אין פוילן

1937 — 1935



אַרויסגעגעבן דורכן

**צענטראַל-פּאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע**

בוענאָס איירעס, 1951

# אינהאַלט

# אַריינפיר

די פאַרגעלייגטע ווייטער אַרבעט איבער די פּאָגראָמען און עקסצעסן, איבערפֿאַלן און אָנפֿאַלן אויף יידן אין פּוילן אין די יאָרן 1935—1937 איז געשריבן געוואָרן אונטער דעם אוממיטלבאַרן איינדרוק פון די געשעענישן. זי ווערט דאָ געגעבן אָן וועלכע ס׳נישט איז ענדערונגען. חוץ גאָר, גאָר זעלטענע קליינע סטיליסטישע תיקונים. מיר האָבן אויסגעמיטן אפילו סטיליסטישע ערנסטע ענדערונגען און תיקונים, ווייל מיר האָבן געוואָלט, אַז די אַרבעט זאָל געגעבן ווערן, אויף וויפל דאָס האָט זיך דעם מחבר איינגעגעבן, מיט דער פולער אַטמאָספער פון יענע ביטערע ערב־קאַטאַסטראָפע־יאָרן — אַן אַטמאָספער, וועלכע האָט וואַרשיינלעך געווירקט אויך אויף דעם אופן פון שרייבן.

איין טייל אַרבעט, וואָס נעמט אַרום די געשעענישן פון 1935—1936, איז געשריבן געוואָרן יולי חודש 1936 ערב דער גרינדונג־קאָנפערענץ פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און ספּעציעל פאַר דער קאָנפערענץ. זי איז אָבער געבליבן ליגן אין אַרכיוו פון קאָנגרעס און האָט נישט נאָר נישט דערזען די ליכטיקע שיין פון געדרוקטן וואָרט, נאָר איז אפילו נישט געלייענט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ און נישט פאַרטיילט געוואָרן די דעלעגאַטן, ווי דאָס איז לכתחילה געפּלאַנט געוואָרן. דער פּוילישער קאָנסול אין גענף, ווו די גרינדונג־קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען, איז אויף אַן אומבאַקאַנטן אופן געוויר געוואָרן וועגן אינהאַלט פון העקטאָגראַפירטן רעפעראַט און האָט געדראָט מיט אַ פאַרבאָט פון דער טעטיקייט פון וועלט־קאָנגרעס אין פּוילן, אויב דער רעפעראַט וועט צעטיילט ווערן אָדער געלייענט ווערן אויף דער קאָנפערענץ. די עקזעקוטיווע האָט געהאַלטן פאַר ראַטזאַם צו ברענגען דעם קרבן, אַבי האָבן אַ מעגלעכקייט צו פירן לעגאַל די קאָנגרעס־טעטיקייט אין פּוילן.

יעקב לעשצינסקי

דער צווייטער טייל פון דער אַרבעט — 1936—1937 — איז געשריבן געוואָרן סוף יאָר 1937 און איז אויך געווען באַשטימט פאַרן יידישן וועלט־קאָנגרעס, איז אָבער אויך נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן און איז באַקאַנט געוואָרן נאָר די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע. די דאָזיקעביידע אַר־בעטן זענען בשעתּם פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיטן גאַנצן אַרכיוו פון יידישן וועלט־קאָנגרעסביים לויפן פון פּאַריז, ערב דער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך, דורך די דייטשע אַרמייען.

דאָ ווערן די דאָזיקע ביידע אַרבעטן געגעבן לויט די כתב־ידן פון מיין אַרכיוו, נאָר פאַראייניקט. איך האָב זיך אַנטשלאָסן צו פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע אַרבעטן צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, שטעלן זיי פאָר מיט זיך אַ זאַמלונג פון אָפיציעלע און האַלב־אָפיציעלע מאַטעריאַלן, וואָס זענען בלי ספק ביז גאָר וויכטיק צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן אין איינעם פון די סאַמע ערנסטע מאָמענטן פון זייער לאַנגיאָריקן לעבן אין דאָזיקן לאַנד. די מאַטעריאַלן באַלייכטן דאָך די פּאָגראָמען און עקסצעסן און די רעאַק־ציע פון דער פוילישער רעגירונג און פון דער פוילישער געזעלשאַפט אויף די דאָזיקע געשעענישן אין די ערשטע יאָרן נאָך פּילסודסקיס טויט, וואָס ווערט גערעכנט פאַר אַן איבערברוך־מאָמענט אין דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פון פוילן און גאַנץ באַזונדערס אין פּרט פון באַציאונג צו יידן און זייער צוקונפט אין דאָזיקן לאַנד. די פּאַשיזירונג פון דער פוילישער רעגירונג און פון יענע קרייזן, אויף וועלכע זי האָט זיך געשטיצט, האָט זיך נאָך פּילסודסקיס טויט גענומען פיל אינטענסיווער אַנטוויקלען, און מען האָט פיל אָפענער און דרייסטער אָנגעהויבן איבערנעמען די אַנטי־יידישע קאַמף־מעטאָדן פון שכנישן היטלער־דייטשלאַנד. די דאָזיקע קרייזן האָבן זיך ווי דערפילט באַפרייט פון דער פאַרגאַנגענהייט פון זייער פירער און גענומען רעדן אָפענערע פאַשיסטישע דיבורים, באַזונדערס אין פּרט פון „לייזן" די יידישע פראַגע.

ס'איז אָבער פאַראַן נאָך אַ צווייטער מאָמענט, וועלכער האָט מיך אָנ־גערעגט און שטאַרק צוגערעדט צו פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע צוויי אַרבעטן אין זייער ערשטער פאָרעם בפירוש מיט מיינע באַלייכטונגען און פּירושים און בפירוש מיט מיינע סוביעקטיווע שטימונגען און אויסטייטשונגען. מיר ווייזט אויס, אַז דווקא אין זייער ערשטער פאָרעם שטעלן זיי פאָר מיט זיך

## ערב חורבן

אַ דאָקומענט פון גרויסן ווערט צו דער פאָרשונג פון דער גרויסער קאַ־טאַסטראָפע, וואָס האָט געקאָסט דעם יידישן פאָלק העכער אַ דריטל פון זיין צאָל און דערביי אַזאַ צווייג, וואָס האָט די לעצטע 3—4 הונדערט יאָר גייסטיק און קולטורעל געשפּייזט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק און די לעצטע 60—70 יאָר געשפּייזט אויך פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך. ווייל ס'איז מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז מען קען נישט פאַרשטיין די וואָרצלען פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע אָן אַ גרינטלעכער פאָרשונג פון דער ערב־קאַטאַ־טראָפע, פון דער לאַגע פון יידן אין די אייראָפּעאישע לענדער; אָן אַ גרינטלעכער און אָלזייטיקער פאָרשונג פון יענער אַטמאָספער, וועלכע האָט געגעבן היטלערן אַ מעגלעכקייט אויסצונוצן אַלע פעלקער פון די אָקופּיר־טע לענדער, אפילו די פיינטלעכסטע צו דייטשלאַנד, אויפן פראָנט פון יידן־אויסראָטונג, אויפן פראָנט פון יידן־שחיטות. געוויס, אין אַ פאַרשי־דענעם פאַרנעם און אין פאַרשידענע מדרגות פון אכזריות, אָבער אומעטום האָט ער אויפן אַנטי־יידישן פראָנט געפונען נישט נאָר מיטהעלפער, נאָר אויך מיטמערדער. אָט דער דאָזיקער מאָמענט איז אפשר דער וויכטיקסטער, דער צענטראַלסטער, דער וואָגיקסטער אין דער פאָרשונג פון דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע אין דער יידישער געשיכטע.

די פאָרשונג פון דער לעצטער קאַטאַסטראָפע, וועלכע איז ליידער ביז איצט נאָך אַלץ נישט אָרגאַניזירט אין דעם מאַסשטאַב און לויט די מע־טאָדן, ווי זי פאַרדינט און ווי זי איז מאָראַליש און פּאָליטיש מחייב דאָס יידישע פאָלק, טאָר נישט און זאָל נישט זיך באַגרענעצן מיט דער פעסט־שטעלונג פון די אוממיטלבאַרע קרבנות און פון די אוממיטלבאַרע סיבות און פאַקטאָרן פון דער קאַטאַסטראָפע און פון אירע אוממיטלבאַרע אָנטייל־נעמער. אַזאַ מין סאָרט באַגרענעצטע אין צייט פאָרשונג וועט נישט נאָר נישט באַלייכטן די אמתע טיפערע וואָרצלען און די ווייטערע און ברייטערע סיבות און פאַקטאָרן פון דער מאַסן־שחיטה אין כמעט אַן אַל־אייראָפּעאישן מאַסשטאַב, נאָר זי וועט אין אַ גרויסער מאָס פאַרווישן און פאַרמאַסקירן די וויכטיקסטע און וואָגיקסטע כאַראַקטער־שטריכן פון דער לעצטער קאַטאַ־סטראָפע, וועלכע האָט נישט איר גלייכנס אפילו אין דער יידישער גע־שיכטע, וואָס איז אַזוי רייך מיט מאַסן־שחיטות און מאַסן־הריגות. זאָל אונדז זיין דערלויבט זיך אַ ביסל לענגער פאַרהאַלטן ביי דער דאָזיקער

פראַגע, וועלכע האָט, לויט אונדזער מיינונג, די טיפסטע און אינטימסטע שייכות צו די מאַטעריאַלן, וועלכע מיר לייגן דאָ פאָר.

קיין שום קאַטאַסטראָפע אין דער יידישער געשיכטע האָט נישט גע־טראָגן אַזאַ ברייטן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער, ווי די פון אונדזער דור. זי האָט פאַרכאַפּט די יידן פון 21 לענדער, פון העכער צוויי דריטל פון אייראָפּע, פון קרוב צו ניין מיליאָן יידן, בכן פון מער פון ניינציק פּראָצענט פון אַלע אייראָפּעאישע יידן און פון קרוב 60 פּראָצענט פונעם וועלט־יידנטום אין 1939. די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע איז אָבער אינטערנאַציאָנאַל נישט נאָר אין דאָזיקן יידישן קוואַנטיטאַטיוון פּרט — זי איז אינטערנאַ־ציאָנאַל אין אַ סך אַנדערע פּרטים, אָבער דער עיקר און אַמוויכטיקסטן אין פּאָליטישן זין. האָט זיך דאָך היטלערן איינגעגעבן צו שאַפן נישט נאָר אין די דערמאָנטע אייראָפּעאישע 21 לענדער, נאָר כמעט אין דער גאָרער וועלט באַוועגונגען און אָרגאַניזאַציעס, ביי וועלכע דער אַנטיסעמיטיזם איז גאָר נישט געווען קיין הויפּט־ציל נאָר אַן אינסטרומענט, און דער בעסטער און שאַרפסטער אינסטרומענט, פאַר אַ סך וויכטיקערע דייטשע פּאָליטישע צוועקן. מיר זאָגן „שאַפן”, ווייל אפילו דאָרטן, וווּ די היטלער־צענטראַלע פון ערפורט פאַר אַרבעט אין אויסלאַנד האָט נישט געשאַפן פון גרונט־אויס קיין נייע אָרגאַניזאַציע נאָר האָט זיך פאַרבונדן מיט גרייטע אַנטיסעמיטי־שע אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס, האָבן די לעצטע יאָרן ערב מלחמה געאַר־בעט אַגענטן פון היטלער־דייטשלאַנד, וועלכע האָבן רעאָרגאַניזירט און אַקטיווירט די טעטיקייט אין אַזאַ מאָס און געענדערט זייער כאַראַקטער אַזוי גרינטלעך און אַזוי געריכטעט אויף דער ליניע פון פּאָליטישער סאָלי־דאַריטעט מיט דייטשלאַנד און מיט דייטשלאַנדס אינטערנאַציאָנאַלע פּרע־טענזיעס און שטרעבונגען, אַז מען קען רעדן וועגן גאַנץ ניי געשאַפענע באַוועגונגען און אָרגאַניזאַציעס.

דער אַנטיסעמיטיזם איז לכן געוואָרן איינער פון די סאַמע געפערלעכע אינסטרומענטן אין אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען. איצט איז דאָך שוין קלאָר פאַר אַלע, אַז ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס די גאַנצע וועלט־נעץ פון היטלערס אַגענטורן פאַר שפּיאָנאַזש און פאַרראַט פאַלט צונויף הונ־דערט פּראָצענט מיט די אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס פון די זעלבע לענדער. און נאָך וויניקער צופאַל איז, וואָס אַבסאָלוט אַלע פאַררעטערישע

קוויזלינג־רעגירונגען פאַלן צונויף מיט די אַקטיוווסטע אַנטיסעמיטישע גרופּעס פון די דאָזיקע לענדער. מיט דער הילף פונעם אַנטיסעמיטיזם האָט היטלער לכן באַקומען אַ צוטריט צו פעלקער, ביי וועלכע די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע תורה פאַר זיך האָט נישט געהאַט קיינע שאַנסן אויף דערפאָלג.

אין איינקלאַנג מיטן צייט־גייסט איז אויך דער מאָדערנער אַנטיסע־מיטיזם געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג, וואָס איז באַוואָפנט מיט אַלע מאָדערנע מעטאָדן פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע און מיט אַלע מאָדערנע אינסטרו־מענטן פון השפּעות און סוגעסטיעס איבער ברייטע שיכטן פון די פעלקער. פּרעסע, פילם, טעאַטער, פּאָליטישע טריבונעס און פאַרשידענע אַנדערע אינסטרומענטן פון מאַסן־השפּעות, אַלץ האָט דער היטלעריזם אויסגענוצט דורך זיינע אַגענטורן און דעריבער האָט זיך אים איינגעגעבן צו דעזאָרגאַ־ניזירן און דעזאינטעגרירן די געזעלשאַפט אפילו פון יענע פעלקער, וועלכע האָבן שוין נישט איין מאָל געליטן פון דייטשע אָקופּאַציעס און פון דייטשע איבערפאַלן.

אגב אורחא ווילט זיך מיר באַמערקן, אַז מיר זאָלן זיך נישט איינ־רעדן, אַז דאָס אַלץ איז עבר און אַבסאָלוט עבר — ווער ס'שטודירט די אונטערערדישע קאַנאַלן, דורך וועלכע די צעשפּרייטע איבער דער גאָרער וועלט נאַציס און פאַשיסטן פירן זייער אַרבעט, באַזונדערס אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, און ווי ס'ווערן ווידער גענוצט די זעלבע מעטאָדן פון אַרויסרוקן אויפן ערשטן פּלאַן דעם אַנטיסעמיטיזם און כלומרשט כלאחר יד צוטשעפּען דאָס אָרעמע דייטשלאַנד, וואָס ווערט געפּייניקט און פאַר־פאָלגט, דער וועט מיט מיר מסכים זיין, אַז דער איצטיקער שטילער אויבערפלאַך נאַרט אונדז שטאַרק אָפּ. נאַרט אונדז אָפּ און קען אונדז ביז גאָר טייער קאָסטן. נאָר מיר שמועסן דאָ נישט וועגן קעגנוואַרט.

דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער לעצטער קאַטאַסטראָפע האָט חוץ זיין כלפּי חוץ־פּנים נאָך אַ כלפּי־פּנים־פּנים. קיינמאָל ביז דער לעצטער היטלער־צייט איז נישט אַרויסגעטראָטן אַזוי שאַרף און אַזוי עק־זיסטענץ־געפערלעך פאַרן יידישן פאָלק אַלס אַ גאַנצע גרופּע זיין אויסנאַם־לאַגע. מיר האָבן געהאַט אַ רייכע פּראַקטיק אין זין פון דינען פאַר דעם פּאַסיקסטן און לוינבאַרסטן שעיר לעזאזל אין די גרענעצן פון איינצלנע

מלוכות, ווי אין רוסלאַנד פון דער צאַרישער רעגירונג, אין פוילן און רומעניע פון די רייכע פּריצים, אין דייטשלאַנד פון די יונקערס און אַזוי ווייטער. אָבער ביי היטלערן האָבן מיר דאָס ערשטע מאָל באַקומען אַ שעיר לעזאזל־פונקציע אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. געוויס, ס׳זײַנען שוין געווען אינטערנאַציאָנאַלע אַנטיסעמיטישע קאָנגרעסן אין די 80ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, אָבער דאָס זענען אַלץ געווען טעאָרעטישע חקירות און אידעאָלאָגישע פאַרבינדונגען. דאָס מאָל האָט די אַנטיסעמיטישע פּראַק־טיק, און אַ גלענצנדיק אָרגאַניזירטע און דורכגעפירטע פּראַקטיק, דעמאָנ־סטרירט די געפערלעכע לאַגע פון יידן, אַלס אַן אינטערנאַציאָנאַלער שעיר לעזאזל.

ס׳איז אָנצונעמען, אַז דער אויפקום פון מדינת ישראל מוז און וועט מסתמא אַ סך ענדערן אין דעם פּרט — מיר הערן אויף צו זיין אַן אַבסאָ־לוטע נאַציאָנאַלע מינדערהייט. מיר בלייבן אָבער נאָך אַלץ אַ מיעוט פון טיפּ מלא כל הארץ כבודו און אין דעם זין נאָך אַלץ אַ יוצא מין הכלל. חוץ דעם ווערט נישט אויך אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אַזוי גיך אָפּגעריבן אַ שינאה־טראַדיציע פון אַזאַ כאַראַקטער, ווי זי איז געווען און איז פאַראַן לגבי יידן. בפרט נאָך, אַז דערקלערן ווייטער יידן פון אַלע לענדער פון דער וועלט, איבער וועלכער זיי זענען צעשפּרייט און צעוואָרפן, אַז זיי קלייבן זיך צו בלייבן ווייניקסטנס קולטורעל אין סטאַטוס פון נאַ־ציאָנאַלע מינדערהייטן. שוין דאָס אַליין איז גענוג, כדי אויך די אינטער־נאַציאָנאַלע ראָלע פונעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געוויזן זיינע פּאָטענצן ביי דער לעצטער קאַטאַסטראָפע, זאָל ווייטער שטרעבן אויסצונוצן אונדז אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב אַלס אַ שעיר לעזאזל.

די קורצע כאַראַקטעריסטיק פונעם היטלעריזם אויפן פעלד פון אינ־טערנאַציאָנאַלע השפעות דורך דעם אַנטיסעמיטיזם איז אונדז נויטיק בכדי פעסטצושטעלן, אַז פון אַלע אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכע זענען פאַרגיפ־טעט געוואָרן פאַר דער מלחמה מיט אַ קלאָרן צוועק אויסצונוצן געוויסע טיילן פון די דאָזיקע פעלקער פאַר אויסגעשפּראָכענע דייטשע צילן, האָט דאָס פּוילישע פאָלק זיך אַמשוואַכסטן אונטערגעגעבן. היטלער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף די אַנטיסעמיטישע גרופּעס פון פוילן, אָבער צו דער מדרגה פון אַ קוויזלינג־רעגירונג איז דאָס נישט דערגאַנגען. ס׳זענען

געווען דירעקט שפּיאָנאַזש־פּאַררעטערישע פּוילישע בירגער־גרופּעס, אָבער דאָס זענען געווען דייטשן אָדער האַלבע־דייטשן לויטן אָפּשטאַם. דאָס פּוילישע פאָלק איז שטאָלץ און מעג זיין שטאָלץ אויף דעם, וואָס ס׳איז געווען אַ יוצא מין הכלל אין פּרט פון פאַרראַט־גרופּעס. אָבער טאַקע דערפאַר און טאַקע צוליב דעם איז גרעסער און טיפער די שאַנד און שרעקלעכער און פאַטאַלער דער פאַרברעכן, וואָס דאָס זעלבע פּוילישע פאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט פון אַלע אייראָפּעאישע פעלקער און איז געבליבן אין איר שנאה צו דייטשלאַנד גאַנץ און נישט געטיילט ביזן לעצטן מלחמה־מאָמענט — אָט דאָס זעלבע פּאָליטיש ריינע פּוילן האָט אויסגעשטרעקט אַ ברייטע און וואַרעמע האַנט איר גרעסטן היסטאָרישן שונא אויף דעם יידן־מאָרד־פראָנט, אויף דעם איין און איינציקן פראָנט. אַ ברייטע און וואַרעמע האַנט פון ערשטן מאָמענט פון אָקופּאַציע און ביזן לעצטן מאָמענט פון היטלערס מפּלה!

צוויי גרונט־דערשיינונגען וואַרפן זיך אין די אויגן ביים שטודירן די יידישע קאַטאַסטראָפע אין פאַרשידענע לענדער: 1) די היטלער־בעסטיע האָט געהאַט צוויי טיפּן האַנדלונגען לגבי די יידן — איינע פאַר די מערב־ און דרום־אייראָפּעאישע לענדער, וועלכע איז געווען ווייכער און איינגע־האַלטענער און אַ גאַנץ אַנדערע פאַר די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, ווו זי איז געווען אָפן מערדעריש און ציניש אויסראָטנדיק; 2) די לענדער, ווו די היטלער־בעסטיע האָט געווילדעוועט, קענען געטיילט ווערן אין צוויי גרונט־טיפּן: אַזעלכע, ווו די באַפעלקערונג האָט אין איר מערהייט אָדער יעדנפאַלס אין גרויסע מינדערהייטן זיך פאַרהאַלטן נעגאַטיוו צו דער יידן־אויסראָטונג, אָפט געהאָלפן יידן זיך אויסבאַהאַלטן, געגעבן אָפענע שטיצע באַזונדערס דער קינדער־רעטונג. אַלס אַזעלכע קענען באַטראַכט ווערן די מערב־ און דרום־אייראָפּעאישע לענדער, ווו דער פּראָצענט געראַטעוועטע יידן איז דעריבער געווען העכער ווי אין דער צווייטער גרופּע לענדער, די מזרח־אייראָפּעאישע, ווו די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך מערסטנ־טיילס אַקטיוו באַטייליקט אין דער מאָרד־וואַקכאַנאַליע, יעדנפאַלס אַקטיוו געהאָלפן די דייטשן אין דער אויסראָטונג, און ווו די דייטשן האָבן זיך אַזוי געפילט געזיכערט מיט דער יידן־פאַרניכטונג, אַז זיי האָבן אָפט גע־לאָזט די גאַנצע מאָרד־אַרבעט פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

געוויס איז דאָס אַ גרויסע פּאַראַלגעמיינערונג, ווייל פּאַקטיש זענען געווען ספּעציפישע דערשיינונגען כמעט אין יעדן באַזונדערן לאַנד. מיר זענען אָבער פעסט איבערצייגט, אַז די נאָר וואָס געמאַכטע טיפן־טיילונג איז אין גרויסע ליניעס אַבסאָלוט ריכטיק. אייניקע ביישפּילן וועלן אילוס־טרירן דאָס נאָר וואָס געזאָגטע. די דייטשן האָבן אָרגאַניזירט אין פראַנק־רייך, זומער 1942, אַ יאַגד אויף יידישע קינדער. אָבער די אַטמאָספער איז געווען אַזאַ אָפּן פיינטלעכע לגבי די דייטשן, ספּעציעל בנוגע דעם דאָזיקן ווילדן אַקט, אַז זיי האָבן דאָס מער נישט איבערגעחזרט. און דער יידישער קאָמיטעט אויף צו ראַטעווען יידישע קינדער האָט געקענט אַנטוויקלען אַ ברייטע טעטיקייט און רעלאַטיוו מיט אַ גרויסן דערפאָלג, ווייל דער קאָנ־טאַקט מיט דער פראַנצויזישער רעזיסטענץ איז געווען אַ נאָענטער, אַן אַקטיווער, אַן אינטימער; און אויך ווייל די באַפעלקערונג איז געקומען גאָר אָפט צו הילף. אַ דאַנק דעם איז דער פּראָצענט יידישע קינדער, וואָס זענען לעבן געבליבן אין פראַנקרייך, אַ גאַנץ הויכער.

ס'איז גענוג באַקאַנט, ווי די בולגאַרישע באַפעלקערונג האָט זיך גע־האַלטן ביי דער פאָדערונג פון די דייטשן דורכצופירן די אויסראָטונג פון די יידן און כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון בולגאַריע איז גע־בליבן לעבן.

און ס'איז גענוג נאָר אָנצורופן ליטע, כדי צו באַקומען אַ פאָרשטעלונג ווי די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער האָבן ממש איבערגענומען פון די דייטשן די מאָרד־פונקציע און די שחיטה פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַלע אירע עלטערס און אין אַלע אירע געשלעכטער.

ס'איז קלאָר, אַז די נאָר וואָס פאָרמולירטע און אילוסטרירטע צוויי גרונט־דערשיינונגען פון דער יידישער קאַטאַסטראָפע געפינען זיך אין ענגער אָפּהענגיקייט און אַז די באַציאונג פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג האָט באַשטימט דעם כאַראַקטער פון די אויסראָטונג־מעטאָדן פון די דייטשן און ממילא שוין אויך באַשטימט אין אַ געוויסער מאָס דעם סוף־רעזול־טאַט פון די יידישע קרבנות.

איינע פון די וויכטיקסטע דערשיינונגען, וואָס פאַרדינען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, איז בלי ספק דער פאַקט, וואָס די היטלער־רעגירונג, וועלכע איז געשטאַנען אין בלוטיקסטן קאַמף מיט אַ וועלט אַ גאַנצער און

וואָס האָט זיך גאַנץ שטאַרק געגוויטיקט אין קוילן און אין לאַקאָמאָטיוון און אין וואַגאָנעס און אין אַרבעט־הענט פון מענטשן, האָט נישט געקאַרגט די אַלע נאָר וואָס אויסגערעכנטע וויכטיקע פאַקטאָרן אין דער פירונג פון דער מלחמה און האָט געשלעפּט הונדערטער טויזנטער יידן פון די מערב־אייראָפּעאישע און דרום־אייראָפּעאישע לענדער קיין פּוילן, און כמעט אויס־שליסלעך קיין פּוילן, אַלס דעם אויסדערוויילטן לאַנד פאַרן צענטראַלן קבר פונעם אייראָפּעאישן יידנטום. לויט שאַצונגען פון זייער קאָמפּעטענטע מענטשן קומט מען צום שלוס, אַז פון אַלע דערמאָרדעטע יידן פון די לענ־דער, וועלכע ליגן צו מערב פון ראַטנפאַרבאַנד, זענען אַרום 75—80 פּראָ־צענט דערמאָרדעט געוואָרן אין פּוילן און נאָר אַרום 20 פּראָצענט אין דייטשלאַנד. אין פּראָפּאָרץ צו דער גרויסער מאַסע דערמאָרדעטע איז די צאָל אומגעבראַכטע אויף די ערטער, אין פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד אָדער אין גריכנלאַנד און יוגאָסלאַוויע, אָדער אין רומעניע, אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיע זייער קליין. אָבער דאָס איבעררעאַשנדיקע איז דאָס, וואָס אפילו גרויסע צאָלן פון די דייטשע יידן און יידן פון אונדזערע אייראָפּעאי־שע לענדער האָט מען געטריבן קיין פּוילן צום אומקום.

נישט ווילנדיק מוז מען זיך שטעלן די פראַגע: פאַרוואָס דווקא פּוילן? מיט וואָס האָט דאָס דאָזיקע לאַנד, וואָס איז היסטאָריש דאָס געפיינ־דיקסטע ביי די דייטשן און אויך באַקאַנט אַלס דער היסטאָרישער פאַר־ביסענער שונא פון דייטשלאַנד, „זוכה" געווען „אויסדערוויילט" צו ווערן פאַרן צענטראַלן קבר פונעם אייראָפּעאישן יידנטום? וואָסערע אַזעלכע גרויסע און צוזאַגנדיקע מעלות האָט די היטלער־רעגירונג געפונען אין דאָזיקן לאַנד פון פאַר דער מלחמה און באַזונדערס אין די ערשטע מלחמה־יאָרן, וואָס מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אים, אַלס דעם פּאַסיקסטן און באַקוועמלעכסטן פּלאַץ פאַר יענער מאַסן־שחיטה, וואָס איז געפּלאַנט גע־וואָרן און וואָס האָט געוויס אויך אין די אויגן פון די הויפּט־שוחטים גופא געמוזט אויסזען ווי אַן אויסטערלישע דערשיינונג, וועלכע וועט געוויס אויפטרייסלען, אויב נישט די גאַנצע וועלט, איז לכל הפחות יענע באַפעל־קערונג, וועלכע וועט זיך געפינען אוממיטלבאַר אין דער סביבה פון די גאַז־אויוונס און קרעמאַטאָריעס?

ס'איז גאָר קיין ספק נישט, אַז נישט נאָר די יידישע שחיטה בכלל,

נאָר אויך יעדער שריט, וואָס אַרום דער שחיטה, ווי די מעטאָדן פון דער אויסראָטונג, דער פּלאַץ, וואָס זאָל באַשטימט ווערן פאַרן הויפּט־צענטער פון דער גרויסער מאַסן־אויסראָטונג, די סביבה, וואָס פּאַסט אַמבעסטן פאַר דער דאָזיקער גראַנדיעזער נאָך קיינמאָל געוועזענער מאַסן־הריגה, הכלל אַלץ, אַלץ איז ערנסט און גרינטלעך, ווי עס פּאַסט פאַר דייטשן, באַטראַכט און איבערגעלייגט געוואָרן, און די באַשלוסן זענען אָנגענומען געוואָרן אין רעזולטאַט פון פילע איבערטראַכטונגען. איז לכן אָנצונעמען, אַז פון אַלע סביבות, וועלכע זענען געקומען אין באַטראַכט פאַר דער מאַסן־הריגה, איז פּוילן געשטעמפּלט געוואָרן אַלס די פּאַסיקסטע, אַלס די אַממיינסטן אָנגעלאָדענע מיט יענער גרויסער און טיפער אַנטיפּאַטיע צו יידן, וואָס וועט שאַפן די גינציקסטע באַדינגונגען פאַר דער אָפּעראַציע. די טעכנישע פראַגן האָבן בלי ספק אין געגעבענעם פאַל געשפּילט די קלענסטע ראָלע, ווייל ס׳איז זיך זייער גרינג פאַרצושטעלן טעכניש די זעלבע קרעמאַטאָריעס און גאַז־אויוונס אין פראַנקרייך אָדער האָלאַנד, אין טשעכאָסלאָוואַקיע אָדער יוגאָסלאַוויע, ווי אין פּוילן.

ס׳איז אָנצונעמען, אַז באַזונדערס אַ גרויסע ראָלע האָט געשפּילט ביי דער באַשליסונג פון דער פּלאַץ־פראַגע די דערפאַרונגען פון די ערשטע צוויי יאָר מלחמה. די אָרגאַניזירטע און פּלאַנירטע מאַסן־אויסראָטונג פון די יידן האָט זיך אָנגעהויבן זומער 1942 — געוויס זענען שוין געווען אַ סך פריער רמזים פון היטלערן גופא, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה וועט דאָס אייראָפּעאישע יידנטום באַצאָלן דעם טייערסטן פרייז, דאָך האָט מען זיך נאָך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער וועגן אַרויסשיקן אַלע יידן פון אייראָ־פּע, ווו דייטשלאַנד וועט זיין די הערשנדיקע מדינה. די דערפאַרונגען פון די דייטשן אין די ערשטע צוויי יאָר מלחמה אין דער פראַגע פון דער באַציאונג פון פאַרשידענע פעלקער לגבי די רדיפות קעגן יידן און לגבי דעם אָר־גאַניזירטן הונגער און אָרגאַניזירטער מגפה אין די געטאָס זענען געוויס געווען אַנטשיידנדיק ביים צוטרעטן צו דער מאַסן־אויסראָטונג דורך גאַז־אויוונס און קרעמאַטאָריעס.

און פּוילן איז פון צוויי צענדליק לענדער, נישט געקוקט אויף דעם פעלן פון אַ קוויזלינג־באַוועגונג אין דאָזיקן לאַנד, דאָך אויסגעקליבן גע־וואָרן אַלס דאָס פּאַסיקסטע אין פּרט פון שנאה־גראַד לגבי יידן און לכן

אויך דאָס פּאָסיקסטע פּאַר יענע מאָרד־צענטראַלעס, ווו ס׳זענען אומגע־בראַכט געוואָרן מיליאָנען יידן. פּוילן האָט אויסגעהאַלטן, ווייזט אויס, דעם עקזאַמען אפילו אין פאַרגלייך מיט דייטשלאַנד, וואָס וואָלט טעכניש גע־וויס געווען פיל באַקוועמער פאַר דעם דאָזיקן ציל.

מיר ווייסן זייער גוט, אַז אויך אין פּוילן זענען געווען קריסטן־צדיקים, וועלכע האָבן איינגעשטעלט דאָס אייגענע און דער משפּחהס לעבן און גע־ראַטעוועט יידן פון טויט. מיר ווייסן אויך אַז ס׳זענען אין פּוילן געווען פּאַרטייען, וועלכע האָבן אַגיטירט קעגן די דייטשן נישט נאָר אַלס שונאים פון פּוילן נאָר אויך אַלס מערדער פון יידן. מיר ווייסן אויך, אַז ס׳זענען געווען פּרוּוון מצד פּוילישע פּאַרטייען צו העלפן יידן אין די געטאָ־אויפ־שטאַנדן. דאָס אַלץ אָבער ענדערט אַבסאָלוט גאָר נישט אין דעם פאַקט, אַז פון אַלע לענדער, וואָס ליגן צו מערב צו פון ראַטנפאַרבאַנד, איז פּוילן געווען דאָס אָנגעלאָדנסטע מיט שנאת ישראל, דאָס גרייטסטע נישט נאָר קאַלטבלוטיק צוצוקוקן, ווי ס׳רויכערן גאַז־אויוונס, ווו מען ברענט הונ־דערטער טויזנטער יידן, נאָר אַקטיוו מיטצוהעלפן. מיר שליסן אויס אַלע אַלטע סאָוויעטישע לענדער פון אונדזערע באַטראַכטונגען, ווייל די אינ־פאָרמאַציע וועגן די מאָרד־געשעענישן אין יענע לענדער און וועגן דעם פאַרהאַלטן זיך פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג לגבי די מאַסן־אויסראָטונגען פון יידן זענען זייער קנאַפּ.

די אַנטשיידנדיקע ראָלע האָט געשפּילט נישט דאָס פאַרהאַלטן זיך פון אויסנאַמען־צדיקים און נישט די הילפלאָזע פּרוּוון פון העלפן יידן מצד לינקע פּאַרטייען — זיי האָבן אַבסאָלוט נישט געהאַט קיין השפּעה אויף דער שטימונג און אויף דער באַציאונג פון די פּוילישע מאַסן צו דער מאַסן־שחיטה. די אַנטי־יידישע שטימונג ביים גרויסן רוב פון פּוילישן פאָלק, אַבסאָלוט פון אַלע סאָציאַלע גרופּעס און קלאַסן, איז געווען אַזאַ געדיכטע, אַזאַ אָנגעלאָדענע, אַז יעדער פּאָזיטיווער פּרוּוו פון הילף מצד צדיקים איז בטל געוואָרן נישט בששים נאָר במאה. ביי די בעסטע פאָליאַקן איז געווען אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו די דייטשן, וואָס זיי באַפרייען דאָס פּוילישע פאָלק פון אַ האָרב, וואָס האָט אויף זיי געדרוקט און זיי האָבן זיך אַליין נישט אַנטשלאָסן אויף אַ ראַדיקאַלע לייזונג. ביי די ערגסטע איז געווען אַ שמחה, וואָס מען קוילעט יידן און זיי האָבן אַקטיוו געהאָלפן

דירעקט מיט אַנטייל אין די מאָרדן און נאָך מער אומדירעקט מיט אַרויס־געבן באַהאַלטענע יידן, מיט הרגענען פּאָליאַקן־„פאַררעטער", וועלכע האָבן באַהאַלטן יידן. דער רוב פון פּוילישן פאָלק איז געווען פּאַסיוו צופרידן און האָט אויסגענוצט דעם מאַסן־מאָרד פאַר ירושה — פאַר ראַבעווען יידיש האָב און גוטס, פאַר איבערנעמען הייזער און געשעפטן, פאַר זיך פּשוט באַרייכערן.

קול המון כקול שדי — און אַמאָל נישט כקול שדי, נאָר כקול שד אָן אַ „יוד". דער פּוילישער קול המון איז געווען אַזאַ קלאָרער און אויס־געשפּראָכענער קול שד, האָט פונעם ערשטן מאָמענט פון אָקופּאַציע אַזוי פעסט און באַשטימט, אַזוי ברייט און אַל־פּויליש געגעבן צו פילן די דייטשן, אַז אויף דעם דאָזיקן פראָנט, אויפן פראָנט פון טוען מיט די יידן, וואָס זייער מערדער־האַרץ וועט נאָר ווען, וועלן זיי נישט נאָר נישט אָנשטויסן זיך אויף אַ קעגנערשאַפט, נאָר פאַרקערט, אויף אַקטיווע סימפּאַטיעס און מיטהילף, אַז ביי די דייטשן איז שוין נישט געווען קיינע ספקות, אַז פּוילן איז דאָס פּאַסיקסטע לאַנד פאַרן צענטראַלן קבר פאַרן אייראָפּעאישן יידנטום, מער אפילו פּאַסיק ווי דייטשלאַנד גופא.

זענען די פּאָליאַקן די פון נאַטור ערגסטע מענטשן אין אייראָפּע? זע־נען בכלל די נישט־יידן פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער ערגער פון נאַטור אויס פון די מענטשן פון די מערב־אייראָפּעאישע אָדער פון די דרום־אייראָפּעאישע לענדער? איז דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר געווען אין געגעבענעם פאַל דער קולטור־צושטאַנד? זענען די פּאָליאַקן ווייניקער קול־טורעל ווי די בולגאַרן? זענען די דייטשן ווייניקער קולטורעל פון די נאָר־וועגער צי פון די האָלענדער?

ס'איז געווען צו שטעלן די דאָזיקע אַלע פראַגן, כדי פאַרשפּאָרן צו ברעכן באַווייזן, אַז נישט אין דער ריכטונג מוז מען זוכן אַן ענטפער אויף דעם רעטעניש, פאַרוואָס פּוילן איז פון היטלערן אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן בעסטן קבר פאַרן אייראָפּעאישן יידנטום. מוז מען אַלזאָ זוכן אין אַנדערע ריכטונגען. און ס'איז קלאָר, אַז דער איינציקער וועג איז צוגיין צו דער לאַגע פון יידן אין פּוילן און אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער פאַר דער מלחמה. אָט די דאָזיקע ריכטונג וועט אונדז געבן פאַר יעדן לאַנד די אַטמאָספער לגבי די יידן, וואָס האָט דאָרטן געהערשט און וואָס האָט

## ערב חורבן

בלי ספק געהאַט די גרעסטע ווירקונג אויף דער שפּעטערער באַציאונג פון דער באַפעלקערונג צו דער דייטשער אַנטי־יידישער פּאָליטיק.

די פאַרגעלייגטע צוויי אַרבעטן פון 1936 און 1937 צייכענען זיך אויס מיט דעם, וואָס זיי גיבן נישט איבער קיין טרוקענע פאַקטן, ווי קלאָר די גרויל־שפּראַך פון די דאָזיקע פאַקטן זאָל נישט געווען זיין. זיי שפּיגלען אָפּ די שטימונג אין לאַנד צו יענער צייט — די שטימונג נישט אַזוי פון יחידים אָדער פון קליינע גרופּקעס, נאָר בפירוש פון די פּוילישע מאַסן, פון די ברייטע שיכטן פון פּוילישן פאָלק. און די דאָזיקע מאַסן־שטימונג האָט געשפּילט די אַנטשיידנדיקע ראָלע שפּעטער אין דער באַציאונג צו די דייטשן אויף דעם אַנטי־יידישן פראָנט.

עד כאן וועגן דעם טייל פון בוך, וואָס אַנטהאַלט די נישט־פאַרעפנט־לעכטע באַריכטן, געשריבן פאַרן יידישן וועלט־קאָנגרעס. ווייטער גייען שוין אַרטיקלען, וועלכע זענען געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס". די לעצטע זענען נאָך מער געווען געשריבן אונטער דער השפּעה פון די טאָג־טעגלע־כע געשעענישן. וועט דער לייענער געוויס געפינען סתירות און קעגנזאַצן — מיין איך, אַז דאָס איז נישט נאָר נישט קיין חסרון, נאָר פאַרקערט, אַ מעלה: די דאָזיקע סתירות זענען די ווירקלעכסטע אָפּשפּיגלונג פון דעם נשמה־מצב פון די יידישע מאַסן אין יענע יאָרן. ביי יענער לאַגע אין פּוילן איז גאָר אַנדערש אוממעגלעך געווען — מען איז אַריינגעפאַלן אין פאַר־צווייפלונג און מען האָט כמעט אַראָפּגעלאָזט די הענט. אָבער די פאַר־צווייפלונג איז אָפּט מיט דער צייט אָדער אפילו אין עטלעכע טעג אַרום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרצווייפלונג־קאַמף! ס'איז אויך געווען אַ חילוק אין די שטימונגען ביי פאַרשידענע שיכטן און קלאַסן פון דער יידי־שער באַפעלקערונג. ס'איז געווען אַ גאַנץ פאַרשידענע באַלייכטונג פון די געשעענישן ביי פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען. אויף וויפל די אַר־טיקלען זענען געשריבן געוואָרן אין טומל און שטורעם פון טאָג, פּרעטענ־דירן זיי נישט אויף אַבסאָלוטע פּאָליטישע אויסגעהאַלטנקייט און אויף האַר־מאָניע אפילו אין די אויספירן. איך בין נישט מער ווי אַ מענטש און די פּויליש־יידישע גאַס, וואָס איז געווען אַזוי אָנגעלאָדן מיט אויפרייס־שטאָף, האָט מיך געוויס געהאַלטן אין איר קלעם. דעריבער דערקלער איך טאַקע, אַז איך פּרעטענדיר נישט מיט די דאָזיקע אַרטיקלען אויף געבן אַ קלאָרע

היסטאָרישע באַלייכטונג און באַגרינדונג פון די געשעעענישן — מיר איז וויכטיק געווען צו געבן דאָס ריכטיקע בילד, די אמתע אַטמאָספער, דעם לויף פון די געשעעענישן און די שטימונגען הן פון די אַרומיקע נישט־יידן און הן פון די יידישע מאַסן. צי דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבן, איז נישט פאַר מיר צו אורטיילן.

און טאַקע כדי דאָס בילד זאָל זיין אַן אמתע אָפּשפּיגלונג, ווערן דאָ געגעבן נישט נאָר פּאָגראָם־אַרטיקלען, נאָר אויך וועגן פּראָטעסטן קעגן פּאָגראָמען. איך האָב געהאַלטן פאַר פּאַסיק אויך געבן כאָטש איין אַרטיקל וועגן די זעלבסטמאָרדן — ווייל זיי זענען דאָך געווען אַן אָרגאַנישע באַגלייט־דערשיינונג פון יענע געשעעענישן, וועלכע זענען דער אינהאַלט פון דעם רוב אַרטיקלען.

איך האָב נישט געמאַכט קיינע תיקונים און קיינע שנויים אין די אַרטיקלען — זאָלן זיי פאַרבלייבן אין זייער געבורט־פאָרעם, ווי זיי זענען געשריבן געוואָרן, בשעת איך בין געווען אין קלעם פון די געשעעענישן.

נישט אַלע אַרטיקלען זענען דערשינען אין „פאָרווערטס" מיט מיין נאָמען. צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים האָב איך אָפּט געמוזט אָנקומען צו פּסיידאָנימען.

אַ גרעסערע הקדמה בנוגע מיינע קאָרעספּאָנדענצן וועגן יידן אין פּוילן צווישן די צוויי מלחמות האָב איך געשריבן אין ערשטן באַנד, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אויפן ראַנד פון אָפּגרונט", און וואָס איז דערשינען אין דעם זעלבן פאַרלאַג.

איך האַלט פאַר מיין מאָראַלישן חוב דאָ אויסצודריקן מיין טיפסטן האַרציקן דאַנק דעם פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן אין אַרגענטינע פאַר ג׳יבן מיר די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן די דאָזיקע זאַמלונגען פון אַרטיקלען וועגן דער לאַגע פון יידן אין פּוילן. די דאָזיקע אַרטיקלען זענען מיר זייער טייער — איך האָב אין זיי אַריינגעלייגט אַ סך האַרץ און נשמה. זיי האָבן מיך געקאָסט אַ סך געזונט און ס׳וואָלט מיר שטאַרק ווי געטון, ווען זיי זאָלן פאַרשווינדן אין דעם ים פון צייטונג־מאַטעריאַל. אין בוך־פאָרעם וועלן זיי אפשר באַקומען זייער תיקון און וועלן העלפן דעם קומענדיקן היסטאָריקער פון אונדזער חורבן־עפּאָכע זיך אָריענטירן אין פילע פּראָבלעמען און קשיות, וועלכע וועלן געוויס מאַטערן זיין מוח.

# ערב חורבן

זאָל נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז אין די צוויי בענדער זענען געגעבן וויט נישט אַלע מיינע קאָרעספּאָנדענצן וועגן יידן אין פּוילן אין די באַטראַכטע יאָרן. די סיבות זענען פאַרשטענדלעך — ס'איז אַ נס, וואָס ס'האָט זיך מיר איינגעגעבן כאָטש אַ טייל פונעם מאַטעריאַל אַרויסצוראַטעווען פון פאַרגעסנהייט.

עקר לעשצינסקי

ניו־יאָרק, מאַי 1951.

## ערשטער טייל

# די פּאָגראָמען אין פּוילן

(1937—1935)

יעדעס לאַנד און יעדעס פאָלק האָט זיין פּאָגראָם־נוסח. יעדע תקופה האָט איר פּאָגראָם־פאַרנעם. ווייל יעדע פּאָגראָם־כוואַליע האָט איר באַזונדערע טרייב־קראַפט, אירע סאָציאַלע טרעגער און אידעאָלאָגן, אירע אָרגאַניזאַטאָרן און אויספירער. ווייל יעדע פּאָגראָם־כוואַליע האָט איר עקאָנאָמישע באַזע, איר אייגענע פּאָליטישע אַטמאָספער, איר אייגענע געזעלשאַפטלעכע סביבה.

די צאַרישע פּאָגראָמען זענען געווען אין אַ גרויסער מאָס דירעקט אָרגאַניזירט און אויסגעפירט פון די מאַכט־אָרגאַנען. זייער געזעלשאַפטלעך־אידעאָלאָגישע סביבה איז געווען די נישטיק איינפלוסלאָזע שוואַרצמאהדיקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך געהאַלטן אַ דאַנק די געלט־שטיצעס פון דער צאַרישער רעגירונג. זייער פּאָליטישער אָנשפּאַר איז געווען אַ דינער שיכט פון רעאַקציאָנער־מאָנאַרכיסטישער אינטעליגענץ. די גרויסע גייסט־רייכע און איינפלוסרייכע רוסישע אינטעליגענץ — פון אַ זשורנאַליסט פון אַ פּראָווינץ־בלעטל ביז די גרויסע וואָרט־קלאַנג און פּענדזל־קינסטלער — זענען געווען קעגן צאַריזם, קעגן די פּאָגראָמען און קעגן דער גאַנצער אַנטי־יידישער פּאָליטיק. דער קאַמף קעגן צאַריזם איז דעריבער במילא פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם.

די עקאָנאָמישע באַזע פון די צאַרישע פּאָגראָמען איז געווען אַ גאָר שמאָלע. זי איז באַשטאַנען פון די אַזוי גערופענע „מיעשטשאַנעס" — שטאָטיש קריסטלעכע קרעמער און האַנטווערקער — די איינציקע סאָציאַלע גרופּעס, וואָס האָבן געפילט דעם טעם פון יידישער קאָנקורענץ און פון

יידישער קאַפּיטאַליסטישער רירעוודיקייט און וואָס האָבן אַ סך מער מורא געהאַט פאַר דער דאָזיקער רירעוודיקייט און קאָנקורענץ, ווי געליטן פון איר. אַלע איבעריקע קלאַסן זענען געווען אַזוי פאַרכאַפּט פונעם עקאָנאָמישן אויפשוווּנג פון קאַפּיטאַליסטישן רוסלאַנד און אַזוי באַצויבערט מיטן קאַמף פאַר צעבינדן אַלע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע צוימען און עפענען ברייטע טויערן פאַרן יונגן בלוטפולן רוסישן קאַפּיטאַליזם, אַז וועגן אָנטייל אין פּאָגראָמען פון סטודענטן, פון אינטעליגענץ, פון בעסערן בירגערטום — חוץ זייער זעלטענע אויסנאַמען — האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. גראַדע די גרויס־רוסישע בורזשואַזיע און די גרויס־רוסישע אינטעליגענץ — די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פונעם פּאָליטישן לעבן אין לאַנד — האָבן ביידע אַ סך גענאָסן פון דער געבענטשטער יידישער רירעוודיקייט, מחמת די יידן זענען געווען די פעאיקסטע און די פלינקסטע צעטרעגער איבערן ברייטן און ווייטן רוסלאַנד, ווי פון די מאַנופאַקטור־סחורות פון מאָסקווער צענטער, אַזוי אויך פון די גייסט־אוצרות פון דער גרויס־רוסישער קולטור. זיי גופא האָבן דערביי אָמווייניקסטן געליטן פון דער יידישער קאָנקורענץ, מחמת די יידן זענען דאָן געווען פאַרשפּאַרט אין דעם באַרימטן תחום־המושב.

בלוטיק און גרויזאַם זענען געווען די צאַרישע פּאָגראָמען, ווייל זיי זענען אויסגעפירט געוואָרן פון געדונגענע געהיים־אַגענטן, פון איבערגע־טוענע פּאָליציאַנטן, פון אָנגערייצטע אונטערוועלט־מענטשן און אפילו פון דער אַרמיי גופא ווי אין דעם טרויעריק באַרימטן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם אין 1906, ווען ס'זענען אויף אַ גרויזאַמסטן אופן דערהרגעט געוואָרן ביז הונדערט יידן, אַ סך אַלטע לייט, פרויען און קינדער.

דער ציל פון די צאַרישע פּאָגראָמען איז געווען אַן אויסגעשפּראָכן פּאָליטישער. דערטרינקען די רעוואָלוציע אין יידיש בלוט, אָפּשרעקן די יידן פון אָנטייל נעמען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; אָפּווענדן דעם צאָרן פון די אומצופרידענע מאַסן פון פּאָליטישן רעזשים אויפן יידישן שעיר לעזאזל.

גאָר אַנדערש האָבן אויסגעזען די פּעטלורישע און די דעניקינישע פּאָגראָמען (1918—1921).

אין דער צעגליטער אַטמאָספער פון מלחמה און רעוואָלוציע, אינעם

קאָמפּליצירט־פאַרוויקלטן קנויל פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע סתירות און קעגנזאַצן, וועלכע האָבן זיך אין אוקראַינע אַזוי אייגנאַרטיק איבערגעפלאָכטן און אַזוי פאַרטיפט דורך דעם הונגער, וואָס די רוסישע און די דייטשע אַרמייען האָבן געלאָזט בירושה; אין דער דאָזיקער פלאַם־פייער־דיקער לופט פון סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קאַמפן האָבן אין די אוקראַינישע דעזאָרגאַניזירטע אַרמיי־פאָלקן און אָרגאַניזירטע אַוואַנטוריסטן־באַנדעס געמוזט אויפוואַכן די טראַדיציעס פון די היידאַמאַקעס, די שחיטות־טראַדיציע פון כמיעלניצקעס און גאָנטעס קאָזאַקן. די אוקראַינישע פּאָגראָמען זענען דעריבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שרעקלעכע מאַסן־שחיטות מיט צענדליקער טויזנטער געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע און מיט הונדערטער טויזנטער אַנטלאָפענע פון זייערע היימען.

דער ציל איז אויך דאָ געווען אַן אויסגעשפּראָכן פּאָליטישער — דערטרינקען אין יידיש בלוט דעם באָלשעוויזם, וואָס האָט אַזוי גיך און אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט די הערצער פון די אוקראַינישע מאַסן; אָפּשרעקן די יידישע אויפגעברויזטע און אויפגעוואַכטע מאַסן פון אָנטיילנעמען אין פּאָליטישן קאַמף; אויסגראָבן אַ תהום צווישן יידישע און אוקראַינישע אַרבעטער; אָפּציען דעם קאַמף פון סאָציאַלן מאָמענט, אויף וועלכן די באָלשעוויקעס האָבן געשטעלט דעם טראָפּ, און אים קאָנצענטרירן אויפן נאַציאָנאַלן סעקטאָר.

אויב ביי די צאַרישע פּאָגראָמען איז די אָרגאַניזיר־צענטראַלע געווען אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, איז זי ביי די פּעטלורישע פּאָגראָמען געווען אין גענעראַל־שטאַב. אויב ביי די צאַרישע פּאָגראָמען האָט מען געמוזט אין יעדן פּונקט אָרגאַניזירן דעם פּאָגראָם־פּאַטאָס, איז אין די צייטן פון מלחמה און רעוואָלוציע געווען גענוג ווייזן אַ וועג, און דער פּאָגראָם־פּאַטאָס האָט זיך ווי אַ מגפה צעטראָגן און צעגאָסן איבערן גאַנצן לאַנד. אויב אין די צאַרישע פּאָגראָמען איז געווען גענוג צו הרגענען סתם יידן, כדי אָנצוּוואַרפן אַ פּאַניק אויף אַלע יידן און האַמעווען זייער פּאָליטישע אַקטיוויטעט, האָט מען אין רעוואָלוציע־פייער פון 1918—1919 געמוזט מאָרדן און פאַרניכטן יונגע יידישע מענער — די פאַקטישע אָדער מעגלעכע פּאָליטישע קעגנער. אין די פּעטלורישע פּאָגראָמען איז דעריבער דער פּראָצענט דערמאָרדעטע יידישע מענער אין עלטער פון 20 ביז 45 יאָר

געווען גוואַלדיק גרויס. ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין שחיטות אויף גאַנצע שטעט און שטעטלעך, ווו ס׳זענען אויסגעקוילעט געוואָרן נישט נאָר אַלע אַלטע לייט, פרויען און קינדער, נאָר אפילו די קראַנקע, וועלכע זע־נען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די שפּיטעלער. אָבער די אָרגאַניזאַטאָרן און די אידעאָלאָגן פון די פּעטלורישע פּאָגראָמען, די הערן פון פּעטלורעס גענעראַל־שטאַב, האָבן געצילט אין דער יידישער יוגנט.

די עקאָנאָמישע באַזע פון די פּעטלורישע פּאָגראָמען איז געווען אַ ברייטע, אָבער אַ מלחמה־באַדינגטע, אַ צייט־באַגרענעצטע. דאָס איז געווען דער טיפער קעגנזאַץ צווישן אוקראַינישן דאָרף און יידישן שטעטל. דער פּויער האָט געפירט אין שטעטל תבואה, אייער, מילך, פּוטער און אַנדערע פּראָדוקטן; האָט אָבער פאַר דעם באַקומענעם געלט נישט געקענט קריגן נישט קיין זאַלץ, נישט קיין מאַכאָרקע, נישט קיין נאַפט, נישט קיין שווע־בעלעך און אוודאי נישט קיין שטאָף אויף קליידער. דער יידישער קרע־מער, וואָס האָט די אַלע סחורות געהאַט אין מינימאַלע קוואַנטומס, האָט, ווי דער מנהג איז ביי די קרעמער פון דער גאָרער וועלט און פון אַלע פעלקער, געשונדן די הויט און געריסן הויכע פּרייזן. די שער צווישן די פּרייזן אויף אַגראַר־פּראָדוקטן און אויף אינדוסטריע־סחורות איז נישט געווען גאָר צו מעסטן. ס׳איז דעריבער אין דער אויבנגעשילדערטער אָנ־געגליטער אַטמאָספער גאָר נישט שווער געווען צו מאַכן דעם קליינשטעטל־דיקן אָרימען יידישן קרעמערל, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן פאַר צען רובל סחורה, כדי מאָרגן זי צו פאַרקויפן מיט צען אָדער צוואַנציק פּראָצענט טייע־ער — אים, דעם דאָזיקן שוואַכן ווינטיק אין דער קאָמפּליצירטער מאַשין פון דער מלחמה־ און רעוואָלוציע־עקאָנאָמיק, מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע מלחמה צרות, פאַר אַלע מאָביליזאַציעס, רעקוויזיציעס, קאָנטריבו־ציעס און סתם רויבערייען פון רעגולערע און אומרעגולערע אַרמייען, וועלכע זענען אויפגעקומען ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן און האָבן פאַרפלייצט דאָס לאַנד ווי היישעריקן. דער אויסגעהונגערטער, מלחמה־מידער, צעצאָרנ־טער און צעררייצטער אוקראַינישער פּויער איז מיט חשק צוגעשטאַנען צום לאָזונג: אויסלאָזן דאָס שווער פאַרביטערט האַרץ צום יידן, צום היסטאָ־רישן שעיר לעזאזל.

אַן אייגענעם נוסח האָבן געהאַט אויך די דעניקינישע פּאָגראָמען,

כאָטש זיי זענען מיינסטנס פאָרגעקומען אין דער זעלבער צעגליטער אָט־מאָספער פון אוקראַינע.

גרויס־רוסיש־אָפּיצירריש־ווייסגוואַרדייאיש, אָן אַן אייגענער נאַציאָנאַלער סביבה, אָן אַן אייגענער פאָלקס־מאַסע, אַקופּאַנטיש אין תוך, געטריבן און באַדראָט פון צוויי זייטן — פון די באָלשעוויקעס און אוקראַינער, — האָט די דעניקינישע אַרמיי געמוזט לעבן פון רויב און גזילה. שנאה און פאַראַכטונג צו יידן, געפּאָרט מיט אַ באַזונדערער סימפּאַטיע־שוואַכקייט צו דער יידישער פרוי, זענען אין דער דאָזיקער אָפּיצירריש־פּריצישער סביבה געווען אַ ירושה זאַך. כעס און צאָרן צו יידן אַלס אויף די גרעסטע און געפערלעכסטע שונאים פונעם צאַריזם זענען אין דער דאָזיקער סביבה אויך איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. ס'איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס די יידן זענען געוואָרן דער פּאַסיקסטער אָביעקט פאַר די דעניקינישע פּאָגראָמען, פאַר וועלכע רויב און פרויען־פאַרגוואַלטיקונגען זענען געווען דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע.

ס'איז אויך געווען פאַרן אָפּיצירריש־פּריצישן האָנאָר אַ סך אָנגענעמער אַרויפצוואַרפן די שולד פון די אייגענע ירידות און מפּלות אויף די שוואַכע קעפּ פון די יידן, איידער זיך מודה זיין אין דער אייגענער שולד — אין דער סאָציאַלער און פּאָליטישער רעאַקציאָנערישקייט, וואָס האָט אַזוי אָפּגעשראָקן די מאַסן, באַזונדערס די פּויערים, וועלכע האָבן קוים דערלעבט אָפּצונעמען ביי די פּריצים די ערד.

איןביידע פאַלן — אי אין די פּעטלורישע, אי אין די דעניקינישע פּאָגראָמען — האָט זיך געשאַפן אַ פאַרכשופטער קרייז: וואָס אָפטער און מערדערישער די פּאָגראָמען זענען געוואָרן, אַלץ שטאַרקער און גרעסער איז געוואָרן דער שטראָם פון דער יידישער יוגנט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי; און וואָס מער ס'זענען געוואַקסן ביי יידן די סימפּאַטיעס פאַר די רויטע, אַלץ גרויזאַמער און בלוטיקער זענען געוואָרן די פּאָגראָמען.

איבערגעשראָקן אויף טויט פון די טייכן יידיש בלוט, וואָס האָבן גענומען פאַרפלייצן צענדליקער יידישע שטעטלעך; אָנגעשראָקן ביז לויפן אויף עק וועלט ביי יעדן ריר פון אַ פּעטלורישער אָדער דעניקינישער אַרמיי־גרופּע, האָבן די יידישע מאַסן, באַזונדערס די יוגנט, געטריבן פון עלעמענטאַרן אינסטינקט, געהאַט פאַר זיך איין אויסוועג: צושטיין צו דער

רויטער אַרמיי; באַקומען באַוואָפּענונג און באַקומען דורכדעם אַ האָפּע־נונג אָפּצוראַטעווען פרויען און קינדער פון פּאָגראָם־טויט און אַליין פאַלן אויף אַ שלאַכטפעלד און נישט אויף אַ בוידעם אָדער אין אַ קעלער.

די באַוווסטזיניקע אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט, אַ שטאָטישע, אַ מאַרקסיסטיש־געשולטע, איז אַ סך לענגער געווען אַנטי־באָלשעוויסטיש, ווי די נישט־יידישע אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט געהאַט אין אירע רייען אַ סך פויעריש־בונטאַריש־אַנאַרכיסטישע עלעמענטן. די יידישע באַפעלקע־רונג בכלל, וואָס די בירגערלעכע עלעמענטן האָבן ביי איר אויסגעמאַכט מער ווי אַ העלפט, האָט אַ סך מער געליטן פון די באָלשעוויסטישע קאָנטרי־בוציעס און רעקוויזיציעס, ווי די נישט־יידישע באַפעלקערונג, ביי וועלכער די בירגערלעכע עלעמענטן זענען געווען נאָר אַ פּאָר פּראָצענט. און דאָך זענען אויך באַוווסטזיניקע קעגנער פון די באָלשעוויקעס און קינדער פון די פאַראָרעמטע דורך די באָלשעוויקעס בירגערלעכע עלטערן געלאָפן אין דער רויטער אַרמיי, ווייל מען איז געווען גרייט אָפּצוגעבן אַלץ, טאַקע ממש אַלץ, ביז דעם לעצטן העמד, אָפּגעבן יעדן, ווער נאָר ס׳וועט נעמען אויף זיך די מיסיע פון אָפּשטעלן אָדער אָפּהאַקן די האַנט פונעם מערדער; וועך נאָר ס׳וועט פּרווון אַרויסרייסן דאָס מעסער פון רוצחס האַנט. פאַר פיזישע רעטונג איז מען געווען גרייט צו ברענגען פאַר אַ קרבן, נישט נאָר מאַ־טעריעלע גיטער און עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, נישט נאָר סאָציאַלע פונדאַ־מענטן און דערגרייכונגען, נאָר אויך פּאָליטישע וועלט־אַנשויאונגען און אידעאָלאָגישע חלוקי־דעות.

פיזישע רעטונג — די דאָזיקע מיסיע האָט אויף זיך גענומען די רויטע אַרמיי. און מען מוז זיין אָביעקטיוו און מודה זיין, אַז זי האָט די דאָזיקע מיסיע אויסגעפירט אָפּט מיט העלדישקייט, וואָס האָט אַ סך איבערגע־שטיגן די געמיינזאַמע שנאה צום געמיינזאַמען שונא.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט נאָך מער אָנגעצונדן און צערייצט די געבליטן פון די פּעטלורישע און דעניקינישע חיילות. און וואָס גרעסער ס׳זענען געווען זייערע מפּלות אויף די שלאַכטפעלדער, אַלץ מער בלוט האָט זיך געגאָסן אין די אומבאַהאָלפענע און אומבאַוואָפנטע שטעט און שטעט־לעך; און ווידער זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז וואָס מער אומשולדיק יידיש

## ערב חורבן

בלוט ס׳איז פאַרגאָסן געוואָרן, אַלץ מער זענען געלאָפן די יידישע מאַסן אין דער רויטער אַרמיי.

אין די פּאָגראָם־כוואַליעס פון איצטיקן פוילן איז די צענטראַלע טרייב־קראַפט די אוממיטלבאַרע עקאָנאָמישע קאָנקורענץ. די טרעגער און אויס־פירער פון די אָנפאַלן און עקסצעסן זענען די אוממיטלבאַר פאַראינטערע־סירטע אין אָפּרוימען דעם יידישן קאָנקורענט; די אוממיטלבאַרע פרעטענ־דענטן אויפן יידישן מאַרק־פּלאַץ אָדער קראָם־שטעלע; די אוממיטלבאַרע קאַנדידאַטן אויפן אָרט פון יידישן דאָקטאָר אָדער יוריסט; די מוכן־ומזומן־שטייענדיקע קינדער פון ברייטע פוילישע שיכטן פון פאַרשידענעם סאָציאַלן אָפּשטאַם, וואָס וואַרטן אויפן פריי־געוואָרענעם יידישן פּלאַץ.

דער פּאָליטישער מאָמענט, דאָס באַשולדיקן יידן אין קאָמוניזם, אין זיין שונאים פון פוילישער זעלבסטשטענדיקייט, אין שטרעבן צו פאַר־וואַנדלען פוילן אין אַ יידיש־פוילישער מלוכה — דאָס אַלץ זענען בייפּאַק־טאָרן, צוגאָב־אייל צום הויפּט־פייער, צום עקאָנאָמישן קאַמף, וואָס האָט אָנגענומען פאָרמען פון פּאָגראָמען, הריגות, שטעכן מיט מעסערס און שלאָגן מיט שטעקנס דעם, וואָס האָט פריער פאַרנומען וועלכן ס׳בישט איז פּלאַץ אין האַנדל אָדער מעדיצין. דאָרטן, ביי די רוסיש־אוקראַינישע פּאָגראָמען, איז די אָרגאַניזיר־קראַפט געלעגן אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אָדער אין גענעראַל־שטאַב; דאָ, אין פוילן, אין אַ פּאַרטיי־צענטראַלע, וואָס שפּארט זיך אָן אויף גאַנץ גרויסע מאַסן פון פאַרשידענע קלאַסן, פון פריצים און גלחים, פון שטאָטישן בירגערטום און פון דער מערהייט אינטעליגענץ, פון קליינבירגערלעכן קרעמער און האַנטווערקער און פון גרויסע מאַסן טיפּיש־היינטצייטיקע דעקלאַסירטע פון אַלע סאָציאַלע שיכטן. און לאָמיר זאָגן גאַנץ אָפן: אין דער דאָזיקער פּאַרטיי זענען אויך פאַראַן נישט ווייניק אַרבעטער, כאָטש די איבערוויגנדיקע מערהייט, די פּאָליטיש־באַוווסטזיני־קערע און אַקטיווערע מערהייט פון פוילישן אַרבעטער־קלאַס איז אָרגאַני־זירט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע באַקעמפט ענערגיש די פּאָגראָמען און דעם אַנטיסעמיטיזם.

דאָרטן זענען די אויספירער געווען איבערגעטוענע אַגענטן פון דער פּאָליציי, אַנאַרכיזירטע סאָלדאַטן־פּאָלקן און באַנדעס, פאַרצווייפלטע אָפיצירן, וועלכע האָבן אין דער רעוואָלוציע פאַרלוירן די אַרמיי און די

גערשנטע פּריצישע גיטער; דאָ, אין פּוילן, אַ גרויסע מאַסע אַרבעטסלאָזע אָדער צו אַרבעט נישט צוגעקומענע; פון אַ סטודענט ביז אַ סטרוזשס אַ זון; פון אַ גלחס אַ טאָכטער ביז אַ קוימענקערער; פון אַ געוועזענעם גוטבאַזי־צערס אַ זון ביז אַ לאַנדלאָזן פּויער; פון אַן אַרבעטסלאָזן מוזיקאַנט ביז אַ שניידער־געזעל; פון אַ רעכט־אַפּליקאַנט ביז אַ גאַסן־הענדלער; פון אַ הונ־געריקן כאַלופּניק ביז אַ זאַטן באַאַמטן, וואָס האָט נישט קיין צוגעגרייטע שטעלעס פאַר זייַנע אונטערוואַקסנדיקע קינדער און גלויבט צוצוגרייטן פאַר זיי אַן אָרט דורך פאַרטרייבן די יידן פון פּוילן.

דאָרטן — רוסלאַנד — אוקראַינע — דעריבער בלוטיקע פּאָגראָמען, מאַסן־שחיטות; דאָ ספּאָראַדישע הריגות, עקסצעסן, אָנפאַלן, שטעקן־ און מעסער־אַרבעט, באָמבעס אויף יידישע געשעפטן. דאָרטן אָרגאַניזירטע, פּאָליטיש־געבונדענע און דעריבער צייט־באַגרענעצטע אַרויסטרעטונגען, וואָס האָבן דעם ציל פּאָליטישע פּאַניק אָדער פּאָליטישע איזאָלירונג, פּאָ־ליטישע דעמאַגאָגיע אָדער פּשוט פּאָליטישן שווינדל. דאָ — אין פּוילן — איינצעלנע, אָפּגעריסענע, צעוואָרפענע איבערפאַלן און אַטאַקעס, וואָס האָבן גאָר אַן אַנדער ציל — פאַרטרייבן, פאַריאָגן, צווינגען אויסצוואַנדערן, צווינגען צו פאַרלאָזן די קראָם, די מאַרק־שטעלע, דעם וואַרשטאַט, דעם שפּיטאָל, די אַדוואָקאַטן־פּראַקטיק. ס׳פּילט זיך אין די דאָזיקע איבערפאַלן און אַטאַקעס אַ צענטראַלע פאַרטיי־האַנט, אַן אָרגאַניזירנדיקע צענטראַלע קראַפט, אָבער דאָס איז אַ פאַרטיי־קראַפט, וואָס קען געבן לאָזונגען, אָנווייַ־זונגען, מיטלען, אָבער נישט קיין פּאָליציי־ אָדער אַרמיי־מאַכט, וואָס קען אָנהייבן און ענדיקן ווען זי וויל און ווי זי וויל.

די עקאָנאָמישע באַזע אָדער גראָבער און פּרימיטיווער און דערפאַר ריכטיקער — די מאָגן באַזע — איז דאָ אַ שרעקלעך ברייטע: מיליאָנען הונגעריקע פּויערים, וואָס האָבן נישט וואָס צו טון אין דאָרף און וואָס שפּאַרן מיט אַ נאַטור־קראַפט אין שטאָט אַריין און רייסן זיך און וואַרפן זיך אויף די שטאָטישע פּרנסות: אויף קליינקרעמערייַ, האַנטווערק און כאַלופּניצטווע; גרויסע טיילן רואינירטע אָדער באַנקראָטירטע פּריצים; אַרונטערגעקומענע רייכע פּויערים, פון קריזיס געליטענע שטאָטישע ביר־גערלעכע עלעמענטן; פאַראָרעמטע אינטעליגענץ; ענדלעך, דער גאַנצער יונגער דור פון אַלע שיכטן און קלאַסן, וועלכער זעט נישט פאַר זיך קיינע

ליכטיקע פערספעקטיוון אין אָרעמען פּוילן, וואָס איז צונויפגעדריקט צווישן צוויי גרויסע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַכטן — דייטשלאַנד און רוסלאַנד — און האָט נישט קיין פּלאַץ פאַר עקאָנאָמישער עקספּאַנסיע און נישט קיין האָפענונג אויף פּאָליטישע עקספּאַנסיע.

אָט די דאָזיקע ברייטע עקאָנאָמישע באַזע פונעם אַנטיסעמיטיזם מאַכט שוין קלאָר די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער, אין וועלכער דאָס פּויַלישע יידנטום לעבט, אין אַן אַטמאָספער, אין וועלכער מען קען פשוט דערשטיקט ווערן.

קריזיס און הונגער; גרויסע איבערפעלקערונג אין דאָרף; שוואַכע אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, וועלכע קען נישט צונעמען דעם גרויסן נאַטירלעכן צוװוקס פון 450 טויזנט מענטשן אַ יאָר; נידעריקע אַגראַרפּרייזן אויפן וועלט־מאַרק; דאָס פאַלן פון עקספּאָרט; דער אַרויספאַל פון דער עמיגראַציע, וועלכע פלעגט צונעמען ביז 150 טויזנט מענטשן אַ יאָר, און פון דער סעזאָן־וואַנדערונג, וועלכע פלעגט אַריינברענגען אַ סך מיליאָנען זלאָטעס אין לאַנד — דאָס אַלץ שאַפט אַ פעטן באָדן פאַר אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע און פאַר דעמאַגאָגישע אַנטיסעמיטישע לאָזונגען. אָבער מיט לעכער אין קעפּ פון יידישע סטודענטן און מיט ווונדן אין ברוסט פון יידישן קרעמער קען מען נישט לייזן די אַלע שווערע און פאַרוויקלטע עקאָנאָמישע פראַגן. פאַרקערט, מען דעזאָרגאַניזירט נאָך מער דאָס אַזוי אויך שוואַך אָרגאַניזירטע עקאָנאָמישע לעבן; מען אַנאַרכיזירט נאָך מער געוויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג; מען שטערט דורך פּאַניק דעם אַזוי אויך שוואַכן אינוועסטיציע־חשק ביי גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג.

כדי צו פאַרשטיין דעם גאַנצן קנויל פון פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אין פּוילן פאַר און קעגן דעם בלוטדורשטיקן אַנטיסעמיטיזם, מוז מען פעסטשטעלן פּאָלגנדיקס: די ענדעקישע פּאַרטיי, די עלטסטע, גרעסטע און שטאַרקסטע אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי אין פּוילן, כאָטש זי האָט אין איר אַנטיסעמיטישן פּונקט אויף איר צד חסידים און אָנהענגער פון אַלע קלאַסן און שיכטן פון פּאָלק און אין דעם דאָזיקן פּונקט איז זי שטאַרק און איינפלוסרייך, קען זי פונדעסטוועגן בשום אופן נישט געווינען די סימפּאַטיעס פון פּויערטום און אַרבעטער־קלאַס; זי בלייבט אַ פּאַרטיי פון פּריצים און גלחים, פאַבריקאַנטן און קרעמער, באַאַמטע און אינטעליגענטן. פּאַראייניקן

דורכן אַנטיסעמיטיזם, ווי דאָס ווילט זיך אַזוי שטאַרק דער דאָזיקער יעזואי־טיש־כיטרער פּאַרטיי, איז איין פּאָליטישער פּאַרטיי די פּריצים און די פּויערים, די פאַבריקאַנטן און די אַרבעטער — דאָס האָט זיך איר נישט איינגעגעבן און וועט זיך מסתמא נישט איינגעבן. די דאָזיקע פּאַרטיי האָט דעריבער אַ גאַנץ ברייטע און איינפלוסרייכע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע באַזע און דאָך זייער אַ שמאָלע סאָציאַלע באַזע. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאַקעגן, די איינציקע אָרגאַניזירטע קראַפט, וועלכע שטעלט זיך אַנטקעגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין אַלע זיינע פאָרמען און געשטאַלטן, האָט אַ גאַנץ ברייטע סאָציאַלע באַזע — פּויערים און אַרבעטער, — אָבער גאָר אַ שמאָלע פּאָליטישע באַזע, ווייל די פּרעסע, דער טעאַטער, דער ראַדיאָ און אַלע אַנדערע אָרגאַנען פון באַווירקן און באַאיינפלוסן די באַפעלקערונג ווי אויך די פאַראַנענע פּאָליטישע טריבונעס זענען אין די הענט פון די הערשנדיקע קלאַסן, וועלכע זענען אין פּוילן, אַן אויסנאַם, אַנטיסעמיטיש. אייניגע זענען פאַר פּאָגראָמען, אַנדערע פאַר אַזוי גערופענעם „קולטורעלן״ אַנטיסעמיטיזם, ד״ה פאַר עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם, אָן באָמבעס און אָן מעסערס, אָבער די פּראַקטיק האָט שוין באַוויזן, אַז די שיכטן, וואָס פירן פּראַקטיש אויס דעם אַנטיסעמיטישן פּראָגראַם, פאַרשטייען נישט קיין קונצן און ווען מען שרייבט, אַז יידן זענען שונאים פון פּוילן, שעדלעך פאַר דער באַפעלקערונג און מען מוז פון זיי וואָס גיכער פּטור ווערן און ביז וואַנען זיי זענען דאָ אין לאַנד מוז מען זיי וואָס מער איזאָלירן און פאַרשטופּן אין געטאָ, מאַכן זיי דעם איינציק לאָגישן אויספיר: מען דאַרף טון אַלץ, ביז פּאָגראָמען אין כּלל, כּדי יידן זאָלן מוזן אַנטלויפן און וואָס גיכער.

מען קען נישט באַשולדיקן די פּוילישע רעגירונג אין אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף יידן. מען קען און מען מוז זי באַשולדיקן אין צוגרייטן דעם באָדן פאַר פּאָגראָמען; אין דולדן אַן אַגיטאַציע, וואָס מוז ברענגען צו פּאָגראָמען; אין לאָזן אומבאַשטראָפט קליינע אָנפאַלן און גרינגע עקסצעסן, וועלכע וועקן די אַפּעטיטן ביי די כוליגאַנעס און ווערן סוף כּל סוף פאַרוואַנדלט אין מעסער־אָנפאַלן און הריגות; און ענדלעך אין זייער שוואַכן באַשטראָפן די מערדער און מעסער־שטעכער. אינעם פאַרביסענעם קאַמף צווישן רעכטן און לינקן לאַגער, פון וועלכע דער ערשטער וואַרפט אַלע

זיינע כוחות אויף צו קאָנצענטרירן די אומצופרידנקייט פון די מאַסן אויפן נאַציאָנאַלן מאָמענט, גיסט די רעגירונג וואַסער אויף דער מיל פון דאָזיקן רעכטן ווילד־אַנטיסעמיטישן פליגל. און עס באַקומט זיך אַ מאָדנע פאַר־פלאָנטערטע לאַגע: די רעגירונג, וועלכע ווערט באַקעמפט פון דער נאַראָ־דאָווע דעמאָקראַטיע, העלפט דער לעצטער צו פאַרשטאַרקן אירע פּאָזי־ציעס. אמת, ס׳גייט דאָ מער אין קאָנקורענץ: די רעגירונג־פּאַרטיי, די „סאַנאַציע״, וויל אַרויסרייסן דעם פּאָפּולערן אַנטיסעמיטישן לאָזונג פון די הענט פון די „נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן״ און אים אויסנוצן פאַר אייגענע פּאַרטיי־אינטערעסן. אָבער זי האָט פאַרשפּילט. ווייל, ערשטנס, האָט זי אַ ביסל פאַרשפּעטיקט; חוץ דעם, איבעריאָגן און איבערשטייגן די ענדע־קישע פּאַרטיי אין פּאָגראָם־אַגיטאַציע און אין פּאָגראָם־טאַקטיק איז ווירק־לעך אומגעהויער שווער.

דער רעזולטאַט איז אַ פּאַטאַלער: די רעגירונג איזאָלירט די יידן פּאָ־ליטיש; הונגערט זיי אויס עקאָנאָמיש; פאַרטרייבט זיי קולטורעל אין געטאָ; און די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן באַגלייטן די דאָזיקע „מלוכה״־אַרבעט מיט הרגענען און שלאָגן יידן; מיט האַקן שויבן אין יידישע הייזער און וואַרפן באָמבעס אין יידישע געשעפטן; מיט טרייבן פון מערק און מיט שטעלן באָיקאָט־אַגיטאַטאָרן ביי יידישע געשעפטן; מיט אונטערצינדן יידישע היי־זער און מיט באַגיסן יידישע סחורות מיט נאַפט, אַקאָמפּאַנירט מיט אַ האַס־העצע און מיט אַ גיפט אַגיטאַציע, וואָס ווען די מאַסן זאָלן גלויבן אַ צענטל פון די דאָזיקע באַשולדיקונגען און בלבולים, וואָלטן זיי שוין לאַנג באַדאַרפט אויסקוילענען אַלע יידן.

לאָמיר איצט איבערגיין צום פּאַקטישן טייל פון אונדזער אַרבעט, וועלכע וועט גאַנץ בולט באַווייזן, ווי טאָלעראַנט די פּוילישע רעגירונג פאַרהאַלט זיך צו דער בלוטיקסטער אַנטיסעמיטישער העצע און צו די דעטאַל־פּאָגראָמען.

2

צוערשט אַ פּאָר ווערטער וועגן מאַטעריאַל, מיט וועלכן מיר באַנוצן זיך אין אונדזער אַרבעט. לײדער איז דאָס נאָר צייטונגס־מאַטעריאַל, אָבער דער דאָזיקער מאַטעריאַל איז דורכגעגאַנגען דורך דער שטרענגסטער פּוי־

לישער צענזור, און דאָס איז גלייך ווי אַן אָפיציעלע באַשטעטיקונג. אין די אַרכיוון פון אַלע יידישע רעדאַקציעס זענען דאָ בערג מיט מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן צוליב צענזור־טעמים נישט געקענט פאַרעפנטלעכט ווערן. דאָס הייסט נישט, אַז זיי אַנטשפּרעכן נישט דער ווירקלעכקייט. פונקט פאַרקערט, ס׳איז גאָר קיין ספק נישט, אַז מען דערלויבט זיי נישט צו פאַרעפנטלעכן, ווייל זיי שפּיגלען אָפּ צו שאַרף, צו בולט דאָס ווירקלעכע לעבן. דאָך האָבן מיר נישט אויסגענוצט די דאָזיקע נישט פאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן.

מיר וועלן אָנהויבן פון די געהרגעטע. מיר האָבן אַ רשימה מיט די נעמען פון הונדערטער דערמאָרדעטע אין צענדליקער פּונקטן. פון דעם אַליין איז שוין קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ נישט צו טון מיט בלוטיקע מאַסן־פּאָגראָמען, נאָר מיט איינצעלנע איבערפאַלן, מיט איינצעלנע מאָרדן, וועלכע פּאַסן זיך זייער גוט אַריין אינעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון די פּוילישע עקסצעסן — עקאָנאָמישע קאָנקורענץ מיט מעסערס און שטעקנס, ביז מאָרד. נאָר אין גראָדנע, פּשיטיק און מינסק־מאַזאָוויעצק זענען געווען אמתע פּאָגראָמען, מיט שויבן־מוזיק, מיט פעדערן־שניי, דאָרטן זענען געווען מענטשלעכע קרבנות און אַ גרויסע צאָל פאַרוונדעטע אין יעדער שטאָט.

מיר וועלן זיך אין קורצן אָפּשטעלן אויף עטלעכע שרייענדיקע כאַראַקטעריסטישע מאָרדן.

קלייבט זיך אַ יידישע פאַמיליע, מאַי 1935, פון דוקשט (ווילנער ״האָיעוו״) אויסצוואַנדערן קיין ארץ־ישראל. זיין נאָמען איז פעלדמאַן. ער פאָרט מיט אַ פרוי און קינדער. פאָרט מען צו קרובים אין שכנישן שטעטל ווידזי זיך געזעגענען. מען איז גליקלעך, מען איז אויפגעלייגט, מען האָט ליקווידירט דעם גלות, מען פאָרט אַהיים — די פאַמיליע איז פון לאַנגע יאָרן געווען אַן אַקטיוו־ציוניסטישע; פולע האַרמאָניע אין דער משפּחה — און מען איז אויפן זיבעטן הימל. שפּאַצירט דער יונגער יעקב פעלדמאַן פרייטיק פאַרנאַכט מיט זיינע קרובים אויף די גאַסן פון ווידזי. פלוצלינג לויפן צו צוויי אומבאַקאַנטע קריסטן, דערלאַנגען דעם יונגן פעלדמאַן מיט שטיקער אייזנס אין קאָפּ און מיט מעסערס אין די זייטן. וואָלטן די כולי־גאַנעס געוווסט, אַז דער דאָזיקער יונגער ייד פאַרלאָזט פרייוויליק פּוילן,

וואָלטן זיי געוויס אַן אַנדערן געהרגעט, ווייל דער צוועק איז דאָך אייגנטלעך נישט אַזוי דער מאָרד, ווי דאָס פאַרקלענערן די צאָל יידן אין פוילן.

אָט איז אַ מאָרד אין דאָרף לעאָפּאָלדאָוו (שעדלעצער קרייז) יוני 1935: אַ 62־יאָריקער ייד גאָלדמאַן פון ריקי, אַ דאָרף־הענדלער, איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרן הויז פון פויער יאַראָס. דער זון פונעם דאָזיקן פויער, אַן אָרטיקער ענדעקישער טוער, איז אַרויס מיט אַ האַק. מיט דער שאַרפער זייט דערלאַנגט דעם יידן אין קאָפּ און אים אָוועקגעלייגט. נישט אינגאַנצן, וואָרום דעם יידן איז געווען באַשערט זיך נאָך קאָרטשען אין ווייטיקן עטלעכע שעה. ער איז געשטאָרבן אויף מאָרגן אינדערפרי ביי זיך אין שטעטל, באַוויינט און באַקלאָגט פון גאַנצן יידישן שטעטל, וואָס האָט שוין איינצייטיק באַקלאָגט און באַוויינט דעם גורל פון דער גאַנצער יידישער געמיינדע, וועלכע געפינט זיך אין סאַמע פייער פון דער ענדעקישער קאָנצענטראַציע און וועלכע גייט אָפּ מיט בלוט פון פחד און שרעק, פון זאָרגן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג און פון דאגות פאַר פרנסה שוין פאַר היינטיקן טאָג.

די יידישע געמיינדע אין מינסק־מאַזאָוויעצק איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ מאָרד פון אַ יידישן יונגן מענטשן פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, אַ באַקאַנטן אָרטיקן פועלי־ציוניסט, אַ באַליבטן אין שטאָט טוער און פירער פון זיין פאַרטיי — ישראל צירליך. ער איז געגאַנגען פון וואַקזאַל דאָנערשטיק ביינאַכט, ערב דעם ערשטן מאַי פון 1936, פּלוצלינג איז ער באַפאַלן געוואָרן פון אַ גרופּע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן שוין דעם זעלבן אָוונט עטלעכע יידן פאַרוואונדעט אויף דעם זעלבן וועג, און זיי האָבן אים אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין לונג און אין ניר. זיי האָבן אים געלאָזן ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט און אַנטלאָפן. אָפּגייענדיק מיט בלוט האָט זיך דער פאַרוואונדעטער קוים דערשלעפּט צו אַ יידישער שטוב, אָבער די שטוב־מענטשן זענען געווען אַזוי אָנגעשראָקן פון די גאַסן־געשרייען, אַז זיי האָבן מורא געהאַט צו עפענען די טיר. ער איז אויסגעגאַנגען אויף דער גאַס. דעם טאָג זענען געווען נאָך עטלעכע שווער פאַרוואונדעטע יידן. אויף מאָרגן פרי האָבן די כוליגאַנעס געפּרוווט איבערחזרן די אָנפאַלן, אָבער זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד, ביי וועלכן צוויי כוליגאַנעס זענען שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. ס׳זענען איינגעזעצט געוואָרן

עטלעכע כוליגאַנעס און ס׳איז אויך אַרעסטירט געוואָרן אַ יידישער טרעגער יצחק אָסטשעגאַ, וועלכן מען האָט באַשולדיקט אין שטעכן מיט אַ מעסער אַ כוליגאַן.

אין דאָרף ווערניקי ביי פּילזנא (מערב גאַליציע) האָט געלעבט אַ יידי־שע פאַמיליע, וואָס האָט געהאַט אַ קראָם. אין דאָרף איז אויך געווען אַ נישט־יידישער קרעמער. אין יאַנואַר 1936 איז מען אָנגעפאַלן אויף דעם קרעמער, געפּרוווט באַראַבעווען, געשאָסן און געטראָפן לייכט אַ זקן פון 80 יאָר מיטן נאָמען חנינא גאַרליצער און זיין זון. אָבער דאָס מאָל האָט מען דעם אָנפאַל אָפּגעשלאָגן און מען איז געבליבן אין דאָרף אין פּחד און אין שרעק, ווייל דער שונא — דער קאָנקורענט — האָט געדראָט און צוגעזאָגט זיך נוקם זיין. די מערדער האָבן אָפּגעוואַרט אַן אָוונט, וועןביידע יונגע זין זענען נישט געווען אין דאָרף און דער 80 יאָריקער זקן איז געבליבן אַליין מיט אַ טאָכטער, האָט מען זיך דעם 20סטן מערץ 1936 אַריינגעריסן אין קראָם, דערלאַנגט דער טאָכטער מיט אַן אייזן איבערן קאָפּ און זי גלייך אַוועקגעלייגט טויט. נאָכדעם האָט מען זיין אַריינגעריסן אין שטוב. דער אַלטער איז געזעסן ביי אַ גמרא און געלערנט און האָט אפילו נישט געהערט דעם טויט־געשריי פון זיין טאָכטער. מיטן אַלטן האָט מען נישט געדאַרפט לאַנג מלחמה האַלטן, מען האָט אים מיט איין אייזן־זעץ אַוועקגעלייגט, באַשפּריצנדיק די גמרא מיט בלוט.

ממש דערשיטערנדיק איז די טראַגעדיע פונעם דערמאָרדעטן יידישן גוטבאַזיצער מאַרקוס נעלקען אין דאָרף ראַטאַיע, נישט ווייט פון שטעטל פּיזדרי. די הקדמה צו דעם מאָרד איז געווען אַזאַ: ביים יידישן גוטבאַזיצער איז געווען אַ יידישער פאַרוואַלטער. דעם פאַרוואַלטערס איידעם מרדכי באַראַרביס האָט געהאַט אין דאָרף אַ קלייטל. אין דאָרף איז אין 1935 אויפגעקומען אַ נאַראָדאָווע־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע. דער יידישער קרעמער האָט שוין פון דאַן אָן נישט געהאַט קיין איין רואיקן טאָג. מען האָט אים — אמת אין אָנהויב געראָטן צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף, אָבער ער האָט זיך נישט געכאַפּט. קיין פּרנסות זענען אין ערגעץ נישט אָנגעגרייט פאַרן געפּייניקטן און געטריבענעם יידן. אָבער ווען מען האָט שוין צו אָפּט אָנגעהויבן אויסהאַקן די שויבן, האָט ער שוין פאַרשטאַנען דעם ווונק פון דער צייט און איז אַנטלאָפן פון דאָרף. די אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציע

האַלט אין וואַקסן; די באַפעלקערונג איז אָנגערייצט; אין דאָרף רעדט מען אָפט, אַז מען דאַרף מאַכן אַ סוף צו די „זשידעס". די הויפּט־ראָלע אין דער אָרגאַניזאַציע שפּילט איינער מיטן נאָמען סאָבאָלעווסקי און נאָך מער זיין פרוי. סאָבאָלעווסקי איז אַליין אַן אַרבעטער אין יידישן גוט, אָבער ער רעדט נישט וועגן באַלעבאָס, נאָר וועגן „זשיד". מען פייערט אין דאָרף די נייע פאָן פון דער פּאַטריאָטישער אָרגאַניזאַציע, און אין קלויסטער האַלט אַ העץ־רעדע די דאָזיקע פרוי סאָבאָלעווסקי. דעם 9טן מערץ 1936 קומט דער דערמאָנטער סאָבאָלעווסקי צום ייד נעלקען, ער האַלט הינטער דער פּאָלע אַ האַק, מיט וועלכער ער דערלאַנגט אים צוויי מאָל איבערן קאָפּ און לייגט אים גלייך אַוועק. ערשט אין צוויי טעג אַרום כאַפּט אים די פּאָליציי; אַ געשמידטער אין קייטן ווערטלט ער זיך און זאָגט, אַז ער האָט דאָך נאָר געמאַכט מיט איין „זשיד" ווייניקער.

די גאַנצע גרויס פון דער טראַגעדיע פון פּוילישן יידנטום, וואָס ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ אומזיכערער אין זיין פיזישער עקזיסטענץ, וואָס פילט זיך אַלץ מער און מער אין אַ סביבה, וועלכע פּאַרלירט לגבי דעם יידן די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע געפילן; וואָס וואַרגט זיך ממש מיטן לעצטן ביסן ברויט, ווייל ער ווייס גאַנץ גוט, אַז דער דאָזיקער לעצטער ביסן ברויט איז די הויפּט־סיבה פון דער גאַנצער שנאה און פון זיין אומגעהויערן אומגליק — די גאַנצע תהום־טיפקייט פון דער טראַגעדיע פון אַ לאַנד־לאָזן פאָלק, פון אַ שכן־פאָלק, טרעט אַרויס אין דעם מאָרד פון דריי מיט־גלידער פון דער פאַמיליע פלאָרענץ אין דעם דאָרף וואָלאַ־קוראַשאַווא.

האָט דאָרט, אין וואָלאַ־קוראַשאַווא, געוווינט אַ ייד מיטן נאָמען פלאָ־רענץ. געהאַט אַ ווייב מיט עטלעכע קינדער און געלעבט אין דלות און אין נויט, אָבער דאָך געלעבט. ווייל ער איז דאָך געווען דער איינציקער קרע־מער אין דאָרף. אין 1935 — אַ רעוואָלוציע אין דאָרף: אַ פּויערס אַ זון מאַריאַן מאַמטשיק, מער געבילדעט ווי זיין פאָטער, אַ לייענער פון אַנטי־סעמיטישע צייטונגען, אָן אויסזיכטן צו באַקומען אַרבעט אָדער אַ שטעלע, האָט געעפנט אַ קלייטל. און מאַריאַן מאַמטשיק דערקלערט מיט ווערטער און מיט שטיינער, מיט בייזע בליקן און מיט שטעקנס, אַז ער איז בר־מצר, ער מוז בלייבן דער איינציקער קרעמער אין דאָרף, ווייל פאַר צוויי איז אין אָרעמען דאָרף נישטאָ קיין אָרט. און אָט וואָס עס שטייט אין באַ־

שולדיקונגס־אַקט: „זיבן טעג פאַרן מאָרד, ד״ה דעם 23סטן דעצעמבער 1935, האָט מאַריאַן מאַמטשיק, דער אינהאַבער פון אַ געוועלב אין וואָלאָ־קוראשאַווא, צוגעזאָגט די באַשולדיקטע קאַזשימיעזש מאַרעי און יאַן פּע־נאַטשנאַ עטלעכע פלעשער בראָנפן פאַר אויסהאַקן די שויבן ביים יידן פלאָרענץ״.

און אָט וואָס ס׳האָט געטראָפן לויט דעם באַריכט אויף דעם פּראָצעס:

„אין דער נאַכט פון 30סטן אויפן 31סטן דעצעמבער איז אָריינגעקו־מען צו הירש פלאָרענץ אַ גרופּע פון 9 יונגע פּויערים מיט די צוויי באַ־שולדיקטע בראָש און אָפּגעזונגען די טראַדיציאָנעלע „קאַלענדע״־לידער. דער ייד האָט זיי העפלעך אויפגענומען און נאָך דעם אָפּזינגען די לידער זיי מכבד געווען מיט פּאַפּיראָסן און צוקערוואַרג, נישט זשאַלעוועדיק אויך קיין געלט. די גרופּע איז אַוועק און די פאַמיליע פלאָרענץ האָט זיך רואיק געלייגט שלאָפן; נישט פאַרפילנדיק, אַז מיט יעדער מינוט ווערט נענטער דאָס אומגליק, וואָס לויערט אויף זיי. אַרום האַלבער נאַכט האָט זיך דערהערט אַ האַסטיק קלאַפּן אין טיר. דער ערשטער האָט זיך אויפ־געכאַפּט הירש פלאָרענץ און אַ פרעג געטון: „ווער איז דאָרט?״ — אָבער איידער ער האָט באַוויזן צו הערן די תשובה, זענען די טירן פון פּאָדער־הויז שוין געווען אויפגעפּראַלט. פלאָרענץ האָט דאַן פאַרהאַקט הינטער זיך די שטוב־טירן. די אָנפאַלער האָבן דאַן מיט אַן אומבאַשרייבלעכער ווילד־קייט אַרויסגעריסן די לאָדנס מיט די וויטרינעס און זיך אַריינגעריסן אין שטוב. די קולות פון די איבערגעפאַלענע זענען געווען האַרצרייסנד. הירשל פלאָרענץ האָט נאָך באַוויזן צו אַנטלויפן דורך אַ זייטיקן פענצטער בכדי צו רופן הילף, אָבער קיינער פון די פּויערים די שכנים האָט זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט, ביז ער האָט איינגערעדט איינעם. אָבער די הילף איז געווען צו שפּעט. ווען זיי זענען געקומען אין שטוב, האָבן זיי אין בלאַסן שיין פון נאַכט־לעמפּל דערזען ליגן אויף דער פּאָדלאָגע אָן סימנים פון לעבן מרים פלאָרענץ. נעבן דער טויטער מאַמען זענען געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט אירע פיר קינדער...

דער לעבנגעבליבענער, מיט אַ צעבראָכענער האַנט, 14 יאָריקער יתום זיינוול האָט אויף דעם פּראָצעס דערציילט:

„נאָכדעם ווי זיי האָבן צעבראָכן און פאַרניכטעט אַלץ, וואָס האָט זיך

געפונען אין שטוב, זענען זיי צוגעלאָפן מיט אַ האַק צו דער מאַמעשי. זי האָט זיך ביי זיי געבעטן רחמים און צוגעזאָגט צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף. מיר, די קינדער האָבן זיך געהאַט באַהאַלטן אונטערן בעט. די מערדער האָבן אָבער אונדז איינציקווייז אַפּערגעשלעפּט און מיט אַ ברעטל אונדז געקלאַפּט איבער די קעפּלעך און איבערן גוף, דאַן גענומען אַן עמער און באַדעקט די צעהאַקטע קעפּלעך".

דער אַלמן און פאָטער האָט פאַרענדיקט זיין עדות זאָגן אויפן פּראָצעס אַזוי:

„ווען קיין הילף איז אָבער נישט געקומען, בין איך צוריק געלאָפן אַהיים און געטראָפן דאָ אַ בילד פון חורבה און רציחה. מיין ווייב איז גע־לעגן מיט אַ צעהאַקטן פּנים אָן סימנים פון לעבן. דאָס צען־יאָריקע משהלע איז געלעגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם מוח און צעהאַקטן גוף, דאָס מויל איז געווען ביי אים אָפן, ווי ער וואָלט אַ געשריי אַרויסגעלאָזט פאַרן טויט... לעבן זיי ליגט אַ צעקלאַפּטע די 12־יאָריקע מלכהלע — אַזאַ טייער קינד געווען! בלויז דער 14־יאָריקער זיינוול און דער 6־יאָריקער ישראל ווייזן אַרויס סימנים פון לעבן. איך האָב דאַן אָנגעהויבן צו לויפן מיט די לעצטע כוחות אין נאָענטן שטעטל און ערשט אינדערפרי צוריקגעקומען מיט אַ דאָקטאָר. און אונדערפרי האָב איך טאַקע פאַרלאָזט דאָס דאָרף..."

ער האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף, אָבער אַ ביסל צו שפּעט... דער רירעווו־דיקער ייד האָט דאָס מאָל פאַרשפּעטיקט און דערפאַר טייער באַצאָלט. אויפן פּראָצעס האָט פלאָרענץ דערציילט, אַז ער האָט זיך שוין אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק וועגן פאַרלאָזן דאָס דאָרף, אָבער די קאָנקורענטן האָבן קיין געדולד נישט געהאַט. אויפן פּראָצעס האָבן זיי געטענהט, אַז זיי האָבן געמיינט, אַז אין פּוילן מעג מען הרגענען ייד'ן, מעג מען אַרויסטרייבן יידן. איין מערדער האָט באַקומען 12 יאָר תפיסה און דער צווייטער — 6, אָבער די געהרגעטע וועלן פון דעם נישט לעבעדיק ווערן; דער 6־יאָריקער ישראליק, וואָס איז געבליבן גייסטיק קראַנק פון דער דערשיטערונג, וועט שוין צום שכל נישט קומען. דער פלאַץ איז אָפּגערייניקט, און דער פּוילי־שער ניי־געבוירענער קרעמער קען פייערן זיין נצחון.

אָט איז אַ רציחה, ווי זי איז טיפּיש פאַר די מאָרדן אין די אוקראַינישע, דערפער: אין דאָרף טולישקאָוו, אין מזרח־גאַליציע, האָט מען זיך אַריינ־

געריסן, דעם 15טן אויגוסט 1936, צום יידישן לאַנדווירט דיאַמאַנד. מיט מעסערס האָט מען אָפּגעשניטן די קעפּ, צעשניטן די קערפּער פון דער גאַנצער פאַמיליע פון פיר נפשות און נאָכדעם אונטערגעצונדן דאָס הויז. די שכנים האָבן באַמערקט דאָס פייער, עס פאַרלאָשן און געפונען די צעשניטענע קערפּער.

און אָט איז אַן אַנדער פאַל, וואָס אילוסטרירט זייער בולט די לאַגע פון יידן אין דאָרף: אין דאָרף ציגאַנע, מזרח־גאַליציע, האָט געלעבט אַ יידישע אלמנה ראָזע קאָן. לאַנגע, גאָר לאַנגע יאָרן, האָט זי געלעבט אין דאָרף, וואָרום זי איז דאָרט געבוירן געוואָרן. ווען די עלטערן האָבן זיך דאָרט באַזעצט, ווייסט מען נישט, מעגלעך, אַז פאַר הונדערט יאָר, אָבער ס׳איז אויך מעגלעך, אַז שוין צוויי הונדערט יאָר צוריק. די אלמנה האָט געהאַלטן אַ שפּייז־קלייטל און זיך געמוטשעט. זי האָט ביי זיך געהאַט אַן אַלטע מוטער און אַ 9־יאָריק טעכטערל. האָבן די אָרטיקע אַנטיסעמיטן אָנגעהויבן פּייניקן די אלמנה. פּיקעטן ביים „געשעפט" האָבן נישט אַריינגעלאָזט קיין קריסטלעכע קונים. זענען טאָקע געווען טעג, ווען מען איז געזעסן אינגאַנצן אָן פּדיון. ענדלעך האָט מען זיך אַריינגעריסן ביינאַכט און דערמאָרדעט די פרוי. אַן אָרטיקער באַקאַנטער אַנטיסעמיט איז אַרעסטירט און ס׳זענען פאַראַן באַווייזן, אַז ער איז באַטייליקט אין מאָרד. דער צער און די פאַרצווייפלונג פון די צוויי לעבנגעבליבענע — די אַלטע מוטער און אַ יונגע טאָכטער — איז נישט צום באַשרייבן.

אין דאָרף כנידאוו, מזרח־גאַליציע, האָט מען דערמאָרדעט דעם יידן יוסף מעסער און זיין פרוי גיטל — ביידע זענען געווען העכער 70 יאָר אַלט און האָבן זייער גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אין דעם דאָזיקן דאָרף. מען האָט זיי מיט אַ האַק דערמאָרדעט אין די בעטן און די בעטן אונטערגעצונדן.

אין אַלע נאָר וואָס געבראַכטע פאַלן האָט מען ביי די דערמאָרדעטע גאָרנישט צוגערויבט. אַ באַווייז, אַז ס׳איז נישט געווען קיין פּשוטער רויב־מאָרד, נאָר אַן „אידעאישער" — אַ „פּאַטריאָטישער" מאָרד.

שטייט אַ ייד ביי זיך אין שטוב אין דאָרף נאָווע־מיאַסטאָ און דאַווענט מנחה. פּלוצלינג שיסט מען אַריין און ער פאַלט טויט אויפן אָרט. ווער האָט געשאָסן? פאַרוואָס? מען האָט קיינעם נישט געכאַפּט. מען ווייסט דעריבער נישט ווער ס׳האָט געשאָסן. מען ווייסט אָבער פאַרוואָס מען האָט

געשאָסן — דער דערשאָסענער איז אַ ייד און אַלע קשיות זענען פאַר־ענטפערט.

און זייער אָפט קומט אויס צו לייענען אין די יידישע צייטונגען אַזעלכע נאָטיצן: „אויפן וועג, ביי סלאָנים, האָט מען געפונען ליגן צוויי טויטע יידן. די דערמאָרדעטע צוויי יידן פלעגן אַרומפאָרן איבער די דערפער״. („היינט״, וואַרשע, 9/5, 1937).

פאַר דער צייט, וואָס אונדזער אַרבעט נעמט אַרום, האָבן מיר אָנגעצײלט אַכט דערמאָרדעטע יידן, וועמענס נעמען מיר האָבן נישט געקענט פעסטשטעלן.

אָט איז אַ קורצע נאָטיץ, וואָס איז טיפּיש פאַר די מאָרדן אין די אוקראַאינישע דערפער: „זונטיק, דעם 28סטן מערץ 1937, איז אין דאָרף קאָטלאָוו, שניאַטינער פּאָוו׳ (מזרח־גאַליציע) אויסגעפּירט געוואָרן אַ שויִ־דערלעכער מאָרד איבער די יידן — משה קוגלער און זיין ווייב. נאָכן דערשטעכן אים מיט מעסערס, האָבן די באַנדיטן אים איבערגעשניטן דעם האַלדז און זיין ווייב דריי מאָל דורכגעשאָסן. די אומגעקומענע האָבן געלאָזט דריי יתומים פון 8 ביז 14 יאָר. מען רעכנט, אַז דאָס האָבן געטון די אוקר׳ נאַציאָנאַלע טעראָריסטן („דאָס נייע וואָרט״, וואַרשע, 31/3, 1937).

און אָט איז נאָך אַן אינטערעסאַנטע נאָטיץ: „היינטיקע נאַכט (5/1 1937) זענען אין דאָרף מאיקע, דאלהינער פּאָוויאַט (מזרח־גאַליציע) אַריין 3 פאַרמאַסקירטע באַנדיטן אין דער דירה פון דוד קלינגער און מיט שטי־לעטן דערשטאָכן אויף טויט אים און זיין פרוי גיטל. קיין זאַך אין שטוב איז נישט גערירט („פאָלקסצייטונג״, וואַרשע, 7/1, 1937).

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטימונג, וואָס האָט זיך געשאַפן ביי דער באַפעלקערונג, איז די דערקלערונג, וואָס אַ מערדער האָט געגעבן אין אַ לעמבערגער געריכט. ער האָט דערהרגעט אַ פאָרפאָלק פרידמאַן פון יאַנאָוו און אויפן פּראָצעס האָט ער אַזוי געטענהט: „אין מיליטער האָט מען מיך געלערנט, אַז די באָלשעוויקעס זענען די גרעסטע שונאים פון דער פוילישער מלוכה. אַזוי ווי אַלע יידן זענען באָלשעוויקעס, האָב איך גע־האַלטן, אַז איך האָב גוט געטון, וואָס איך האָב אַ פּאָר געהרגעט. ביי היטלערן וואָלט איך נאָך געקריגן אַן אויסצייכענונג״ (פאָלקסצייטונג, וואַר־שע, 10/4, 1937).

נאָך בולטער איז געקומען צום אויסדרוק די פּאַטאַלע ווירקונג פון דער אַנטיסעמיטישער העצע אויף דער באַפעלקערונג, באַזונדערס אויף דער דאָרפישער, וועלכע איז אַ סך נאַאיווער און נעמט אָפּט די ווערטער פון אַ צייטונג ווי אַ מין באַפעל אָדער רעקאָמענדאַציע פון דער מאַכט. אין דעם פּראָצעס וועגן גרויזאַמען מאָרד פון צוויי יידן דאָרף־הענדלער: לייב פלאַמענבוים, 70 יאָר אַלט און מלך גאָלדוואַסער, 42 יאָר אַלט. דער מערדער, אַ יונגער פּויער פון דאָרף לעשנאַ, ביי קאָזשעניץ, האָט פאַרנאַרט צו זיך די צוויי יידן, מיטן פאָרשלאַג זיי פאַרקויפן פעלעכלעך און ביידע יידן מיט אַ האַמער אַוועקגעלייגט; ער איז דעם זעלבן טאָג געוואָרן אַרעס־טירט אויף אַ חתונה פון זיינעם אַ פריינט. אינמיטן טאַנצן האָט מען אים אָפּגעפירט, געשמידט אין קייטן, אין תפיסה אַריין. אויפן פּראָצעס האָט ער אָפן, רואיק און קאַלטבלוטיק דערקלערט, אַז ער האָט די צוויי יידן דער־הרגעט, ווייל ער האָט געלייענט אין די צייטונגען, אַז מען דאַרף די יידן פון פּוילן אַרויסטרייבן. דער פּראָקוראָר האָט געפאָדערט טויט־שטראָף פאַר דעם מערדער. דערשראָקן פאַר דער דאָזיקער פּראָקוראָר־רעדע, האָט דער מערדער, אין זיין לעצט וואָרט, ווידער אַפּעלירט צו די ריכטער, אַז זיי זאָלן זיין צו אים מילד, ווייל ער האָט דאָך פאָרט נישט געהרגעט קיין געוועגלעכע מענטשן נאָר — יידן („היינט", וואַרשע, 16/11, 1936).

די אַטמאָספער, אין וועלכער ס'קומט אויס צו לעבן דעם דאָרף־ייד אין היינטיקן פּוילן, גיט גלענצנד איבער דער דאָזיקער פאַל: אין דאָרף זשיד־לאָוויעץ, האָט געוווינט אַ גרויסע, צענקעפּיקע יידישע פאַמיליע מילער. דעם 8/6, 1937 האָט מען ביינאַכט אונטערגעצונדן זיין הויז. אויפגעכאַפּט זיך פון שלאָף, איז די פאַמיליע אַרויס פון די בעטן און גענומען זיך ראַ־טעווען. די טירן זענען אָבער געווען פאַרהאַקט מיט ברעטער פון דרויסן. די כוליגאַנעס האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין ברעטער און די טירן גוט פאַרהאַקט. מען האָט זיך קוים אַרויסגעריסן פון פייער, אָבער צוויי פון דער פאַמיליע האָבן זיך געפערלעך אָפּגעבריט. איינער פון די אָפּגעבריטע מלך מילער, 30 יאָר אַלט, איז דעם זעלבן טאָג געשטאָרבן פון די ווונדן. דער קאָרעספּאָנדענט פון דער צייטונג („פאָלקסצייטונג", וואַרשע, 14/6, 1937) גיט צו פאָלגענדיקע ווערטער: „כאָטש דער ייד האָט גוט געלעבט מיט די שכנים — פּויערים, האָט דאָך קיינער נישט געוואָלט געבן קיין פור

אויף אָפּפירן דעם קרבן אין שפּיטאָל אַריין, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פֿאַר נקמה..."

ווי ווייט די גרויזאַמקייט פֿון כוליגאַנעס קען דערגיין און ווי פֿאַרוויל־דעוועט די גאַנצע באַפֿעלקערונג ווערט אין דער פּאָגראָם־אַטמאָספֿער, איז צו זען פֿון דעם מאָרד פֿון מאַניש פּאָזנאַנסקי פֿון קוויף. די לעבנגעבלי־בענע אייניקלעך פֿון אַכט און פֿון דרייצן יאָר האָבן געגעבן אַ בילד פֿון אוממענטשלעכקייט, אַז דאָס בלוט ווערט פֿאַרגליווערט אין די אָדערן. אין קוויף איז געווען אַ פּאָגראָם און יידן זענען געלאָפֿן פֿון קוויף קיין פּשיטיק, וווּ דער פּאָגראָם איז שוין פֿריער געווען. ווייבער, קינדער, אַלטע לייט, קראַנקע, קוישלעך מיט אַ ביסל געראַטעוועט גוטס, איבערבעטן — אַלץ איז צונויפֿגעוואָרפֿן אין וועגענער און מען אַנטלויפֿט — אין געבענטשטן פּשיטיק, וואָס איז שוין איבערגעקומען די אומפֿאַרמיידלעכע פּאָגראָם־גזירה. אויפֿן וועג האָט מען די יידן אַרויסגעוואָרפֿן פֿון די וועגענער און גע־שלאָגן. מיר לאָזן ווייטער די קינדער דערציילן: „ער איז געלעגן אויף ד'ער ערד. ביי די שלייפֿן האָט ער געהאַט אַ גרויסן שוואַרצן פֿלעק. מיר האָבן אים געפֿירט אונטער די אָרעמס. ער האָט נישט גערעדט, נאָר גע־קוקט מיט פֿאַרלאָפֿענע אויגן. מיר האָבן אים צוגעפֿירט צו דעם לערער פֿון דער פֿאָלק־שול וואָזשניאַק, אָבער יענער האָט פֿאַרהאַקט די טיר און אונדז נישט אַריינגעלאָזט. מיר זענען ווייטער געגאַנגען איבערן גאַנצן דאָרף, קיינער האָט נישט געוואָלט העלפֿן. אפֿילו אַ ביסל וואַסער נישט געבן. דער זיידעשי איז אַלץ געוואָרן שוואַכער, ער האָט זיך שוין גע־וואַקלט. ווען מיר זענען געקומען אין צווייטן דאָרף וווזשעסוב איז שוין גע־ווען פֿאַרנאַכט. פֿון זיידנס טאַש האָב איך אַרויסגענומען צוויי זלאָטעס און געוואָלט דינגען אַ פֿורל קיין פּשיטיק. צו איינעם פֿון די פּויערים האָבן מיר געזאָגט: „העלפֿט אונדז ברענגען דעם זיידן קיין פּשיטיק, ער וועט אייך גוט באַצאָלן, ער איז אַ גוטער". ס'האָט נישט געהאָלפֿן. מיר האָבן געמוזט גיין צוריק אין דאָרף פּאַטוואָרוב, וווּ מיר זענען אַריין צום סאָלטיס. דער זיידע איז געפֿאַלן און אָנגעהויבן קרעכצן. דער סאָלטיס האָט געקריגן אַ פֿורל און מען האָט אונדז געבראַכט קיין פּשיטיק" („מאָ־מענט", וואַרשע, 20/7, 1937).

אַז מען האָט געבראַכט דעם אַלטן (64 יאָר אַלט) פּאָזנאַנסקי קיין ראַ־

דאָם אין שפּיטאָל, האָט דער דאָקטאָר פעסטגעשטעלט, אַז די אויגן זענען אויסגעשטאָכן און דער שאַרבן איז צעבראָכן. אין דער זעלבער נאַכט איז דער אַלטער געשטאָרבן נישט קומענדיק צום באַוווסטזיין.

מיר וועלן פאַרענדיקן דאָס דאָרפישע גיהנום־קאַפּיטל מיטן שוידער־לעכן מאָרד פון פינף יידישע נפשות אין דאָרף סטאַווי, קעלצער קרייז. אַט ווי דער קאָרעספּאָנדענט פון אַ וואַרשעווער צייטונג („פאָלקסצייטונג“, וואַר־שע, 20/10, 1937) דערציילט וועגן דעם דאָזיקן מאָרד, וואָס האָט ווירק־לעך אויפגעשוידערט די גאַנצע געגנט און האָט אָנגעוואָרפן אַן אומבאַ־שרייבלעכע אימה אויף אַלע דאָרפישע יידן פון דעם ראַיאָן.

„משה שמולעוויטש האָט פון לאַנגע יאָרן געוווינט אין דאָרף סטאַווי און געהאַט דאָרט אַ געוועלבל. פאַר דער לעצטער צייט האָט שמולעוויטש באַקומען דראָאונגען, ער זאָל פאַרלאָזן דאָס דאָרף. אין דער טראַגישער נאַכט, פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק (דעם 15טן אָקטאָבער 1936) אַרום האַלב צוועלף ביינאַכט, האָט עמיץ אָנגעקלאַפּט אין טיר. שמולעוויטש, מיינענדיק אַז דאָס איז אַ קונה, האָט געעפנט. ס׳זענען אַריין עטלעכע מענער און גלייך אָנגעהויבן שיסן. דער ערשטער קרבן איז געפאַלן משה שמולע־וויטש, דערנאָך זיין פרוי שרה רחל, 35 יאָר אַלט, די אַלטע מוטער 73 יאָר אַלט. ביי דער אַלטער האָט מען אָפּגעשניטן די צונג. אויף די שיסערייען איז אָנגעלאָפן אַ קוזינקע, וועלכע איז געווען ביי זיי צו גאַסט — מירל קויפמאַן, 23 יאָר אַלט. זי איז באַלד דערשאָסן געוואָרן. דערנאָך איז דערהרגעט געוואָרן דער מלמד משה קעניגשטיין. ניצול געוואָרן זענען נאָר די צוויי קינדער: דער 12־יאָריקער יאַנקל און די 16יאָריקע פייגעלע, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן.

כדי די גאַנצע טיפקייט פון דער טראַגעדיע פון דער יידיש־דאָרפישער באַפעלקערונג זאָל ווערן קלאָר, איז געגוג צו ברענגען איין קליינע ציטאַטע פון דער רעדע וואָס ס׳האָט געהאַלטן דער פאַרטיידיקער פון הויפּט־באַ־שולדיקטן אין מאָרד, פון יונגן פויער, יוזעף זשעפּיעצקי. דער אַדוואָקאַט טשיכאָווסקי האָט אויסגעשריגן: „אָט דער יונגער קריסטלעכער הענדלער פון דאָרף, וועלכער רייסט זיך צום האַנדל, אויף אים און אויף אַזעלכע ווי ער, קוקט דאָס גאַנצע לאַנד מיט פרייד, און אַזעלכער דאַרף באַפרייט

ווערן. ער איז אַ יונגער שעפערישער טיפּ און אַזעלכע ווי ער זענען דאָ איצט אַ סך אין פּוילן״.

אַלע באַשולדיקטע זענען געוואָרן פון געריכט באַפרייט, אָבער אין עטלעכע חדשים אַרום האָט זיך דאָך אַרויסגעשטעלט, אַז טאַקע דער יונגער פּויער, אויף וועמען „דאָס גאַנצע לאַנד קוקט מיט פריידי״, איז געווען דער מערדער און נישט נאָר פון דער יידישער פאַמיליע, נאָר אויך פון זיינס אַ מאָרד־חבר, פאַר וועלכן ער האָט באַקומען מורא, אַז ער וועט אים אַרויסגעבן.

## 3

די ביז איצט באַשריבענע מאָרדן טראָגן אַן אויסגעשפּראָכן עקאָנאָמישן כאַראַקטער. און אַלס אַזעלכע דאַרפן באַטראַכט ווערן כמעט אַלע דאָרפישע מאָרדן. גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער טראָגן די שטאָטישע מאָרדן. אויב אין ערשטן פאַל ווערט דער ייד דערהרגעט פון אַ באַקאַנטן, אָפט פון אַ שכן, מיט וועלכן ער האָט יאָרן לאַנג געהאַט גוטע אָדער שלעכטע באַציאונגען, צווישן וועלכע ס׳זענען יעדנפאַלס געווען באַציאונגען און הינטער וועלכע ס׳האָבן געשטעקט געוויסע אינטערעסן, איז אין צווייטן פאַל די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע. מען ווערט באַפאַלן פון אַ גאַנץ אומבאַקאַנטן מענטשן, וועלכן מען האָט אין לעבן נישט געזען, מיט וועלכן מען האָט נישט געהאַט קיינע, אַבסאָלוט קיינע באַציאונגען, און מען ווערט דערמאָרדעט. ווייל מען איז אַ ייד, נאָר ווייל מען געהערט צו אַ באַשטימטער נאַציאָנאַלער גרופּע. פּשוט. אויך אין די דאָרפישע מאָרדן האָט מען געקענט גרינג פעסטשטעלן די פאַטאַלע ווירקונג פון דער אַנטיסעמיטישער העצע. אין די שטאָטישע מאָרדן באַטייליקן זיך שוין מערסטנטיילס מיטגלידער פון די אַנטיסעמיטישע פאַרטייען. אָפט אונטער דעם אוממיטלבאַרן איינפלוס פון אַ פאַרטיי־פאַרזאַמלונג. די דירעקטע ווירקונג פון דער דערלויבטער אַנטיסעמיטיש־ווילדער העצע קעגן יידן טרעט אַרויס אין די שטאָטישע מאָרדן אין איר גאַנצער נאַקעטקייט. די דאָזיקע מאָרדן זענען פּאָליטישע, אָבער נישט אין דעם זין, וואָס דער איבערפאַלער האָט געהאַט פּאָליטישע חשבונות מיט דעם איבערגעפאַלענעם, נאָר אין דעם זין, וואָס מיטגלידער פון באַשטימטע פּאַרטייען האָבן אַריינגענומען אין זייער פּראָ־

גראַם דאָס מאָרדן יידן. דאָך טראָגן אויך נישט אַלע שטאָטישע מאָרדן אומבאַדינגט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. אויך אין די שטעט האָט זיך געשאַפֿן ביי אַ סך פּאָליאַקן אַן איינדרוק, אַז קעגן אַ יידישן קאָנקורענט קען מען דעם קאַמף אַנטשיידן מיט אַ האַק אָדער מיט אַ רעוואָלווער.

נאָך אַ פּאָר ביישפּילן: אויף איין אין דער זעלבער גאַס אין ווילנע, אויף סאַוויטשער גאַס, האָבן געוווינט צוויי שוסטער — אַ ייד שמחה מאַגיד און אַ קריסט פראַנטשישעק ניקאָלאַיעוו. דער ערשטער האָט געאַרבעט אין אַ שיך־פאַבריקל און דער צווייטער האָט געהאַט אַן אייגענעם וואַרשטאַט. ביידע זענען געוויס נישט געווען קיין גבירים. דאָך איז גאָר קיין ספק נישט, אַז דער פאַבריק־אַרבעטער איז געווען אָרעמער, ווי דער באַלעבאָס פון אַן אייגענעם וואַרשטאַט. פאַרלירט דער ייד די אַרבעט, ווייל דאָס פאַבריקל האָט זיך געשלאָסן. זיצט מען וואָכן אָן פאַרדינסט מען עסט אויף אַלע רעשטלעך, מען פאַרזעצט די לעצטע קישנס און מען הונגערט מיט אַ פרוי און אַ קינד פון 5 יאָר. מאַגיד אַנטשליסט זיך צו עפענען אַ וואַרשטאַטל, ווי דאָס טוען אומעטום טויזנטער אַרבעטסלאָזע. מאַגיד באָרגט, לייעט, שלאָגט צונויף פון אונטער דער ערד עטלעכע צענדליק זלאָטעס און עפנט צום גאַס אַ וואַרשטאַט. דער קריסט טראַכט נישט לאַנג, נעמט אַ האַמער, רייסט זיך אַריין צו מאַגידן אין וואַרשטאַט און דערלאַנגט אים עטלעכע קלעפּ אין קאָפּ. איבערגעבן די ליידן פון דעם אָרעמען שוסטער, וועלכער האָט פאַרלוירן דאָס לשון, נאָכדעם די ראיה און איז אין צוויי טעג אַרום געשטאָרבן, איז נישט דאָ דער פּלאַץ („פאָלקסציייטונג", וואַרשע, דעם 14/8, 1937).

אָט איז אַ צווייטער פאַל, נישט פון קאָנקורענץ־קאַמף, נאָר פשוט פון הפקר, ווען מען קויפט ביי אַ יידן.

אין שטעטעלע סטאָנין, לוקאָווער קרייז, איז געווען אַ יאַריד. אויפן יאַריד איז אויך געווען אַ יידישער היטל־מאַכער. גייט צו אים צו אַ פויער קויפן אַ היטל, מעסט ער אַזוי לאַנג, ביז איינס געפעלט אים. טוט ער אָן דאָס היטל און גייט אַוועק. דער ייד לויפט נאָך און מאָנט ביי אים געלט, אָבער דער פויער צאָלט אים אויפן אָרט מיט אַ קלאָניצע איבערן קאָפּ. דער ייד פאַלט אין אַ קאַלוזשע בלוט און איידער מען ברענגט אים אין שפּיטאָל אַריין שטאַרבט ער („פאָלקסציייטונג", 20/6, 1937).

לאָמיר איבערגיין צו די פּאָליטישע מאָרדן. פּאָליטישע נישט אין דעם זין, וואָס פאַרטרעטער פון פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען קעמפן צווישן זיך און די קאַמפן דערגייען ביז קעגנזייטיקע מאָרדן. אין דעם פאַל ווערט פון די אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען יעדער ייד: אַלט צו יונג, פרום און נישט־פרום, קאָנסערוואַטיוו און ראַדיקאַל, הכלל יעדער ווערט באַטראַכט פאַר אַ שונא, וואָס פאַרדינט טויט־שטראָף.

פאַקטן: דער שרייענדיקסטער פאַל, וואָס האָט טאַקע געמאַכט אויפ־ציטערן נישט נאָר די יידישע באַפעלקערונג, נאָר אויך גרויסע טיילן פון דער פּוילישער בעסערער געזעלשאַפט, איז דער מאָרד פון אַ 5־יאָריק יידיש קינד, ביי דער בונדישער דעמאָנסטראַציע פון 1טן מאַי, 1937. מיטגלידער פון דער נאַראַ־פּאַרטיי — פון דער ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי — האָבן געשאָסן אין דער יידישער מאַסע, וועלכע איז געשטאַנען אויף די טראָטואַרן און געקוקט אויף דער דעמאָנסטראַציע. מען האָט אָפּגעגעבן אין אַ געדיכט־צוזאַמענגעדרענגטער מאַסע פון 50 ביז 60 רע־וואָלווער־שאָסן און מען האָט אויך געוואָרפן עטלעכע פעטאַרדעס. קען מען זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ פּאַניק אַזאַ מין אָנפאַל קען אַרויסרופן. אָבער אויך קרבנות זענען געווען נישט ווייניק. אין דער מאַסע איז גע־שטאַנען אַ מוטער און געהאַלטן אַ 5־יאָריק יינגעלע אויף די הענט. איין קינד, איין אויג אין קאָפּ. און אַ קויל האָט געטראָפן דעם קינד — אברהמע־לע שיינקער אין שליף און דאָס קינד איז אויפן אָרט געווען טויט. אין בלוט זענען געלעגן: די 50־יאָריקע פייגע ניוואַן און איר מאַן. די פרוי האָט באַקומען דריי קוילן אין בויך, אין פוס און אין אַ האַנט; פאַרוווּנדעט אין באַק און אין אַן אויג איז געלעגן דער 43־יאָריקער שוסטער הערש דרומלעוויטש; לייכט פאַרוווּנדעט זענען געווען: דער 59־יאָריקער הענדלער אברהם ענגלישער, דער 8־יאָריקער גרשון פּערלמוטער, דער 16־יאָריקער ניסנבוים און אייניקע אַנדערע.

געליטן האָבן אַלזאָ מענטשן, וועלכע האָבן קיין שום שייכות נישט געהאַט צו דער דעמאָנסטראַציע. די העלדן פון דער נאַראַ־פּאַרטיי האָבן אין אַ פּאָר טעג אַרום אַרויסגעלאָזט אַ בלעטל, אין וועלכן זיי האָבן זיך באַרימט, אַז זיי האָבן עס געמאַכט דעם אָנפאַל אויף דעם יידישן „מאַרק־סיזם״. אָבער אפילו די דאָזיקע נידערטרעכטיקע באַרעכטיקונג שטימט

נישט מיט דערווירקלעכקייט. פאַר די נאַראַ־לייט זענען אַלע יידן מאַרק־
סיסטן און אַלע מאַרקסיסטן יידן און דער 5־יאָריקער אברהמעלע שיינקער,
וואָס האָט מיט קינדערשע אייגעלעך אַזוי אָנגעקוואָלן פון אַ יידישער מאַי־
דעמאָנסטראַציע, איז געווים געווען אַ קאַנדידאַט פאַר אַ „מאַרקסיסט".

נישט ווייניקער שווידערלעך און אויך נישט ווייניקער נידערטרעכטיק
און פחדנותדיק איז געווען דער מאָרד פון אַ פּאָר יידן אין לאָדזש. די
פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געפייערט אין סעפּטעמבער 1936
דעם דרייסיק־יאָריקן יובל פון „בלוטיקן מיטוואָך", פון אַ טאָג, ווען מען
האָט דורכגעפירט אין צאַרישן רוסלאַנד אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אויף די
בלוטיקע צאַרישע זשאַנדאַרמען. די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע האָט דורכגע־
פירט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע. די „באָיאָווקע" פון דער נאַראָדאָווער
פּאַרטיי האָט אָרגאַניזירט אַן איבערפאַל אויף דער דעמאָנסטראַציע, האָט
אָבער זייער שלעכט אָפּגעשניטן, ווייל די סאָציאַליסטישע מיליץ האָט זיי
געדיכט אַריינגעלייגט. גייט נישט אין אָפענעם קאַמף מיט אַ סאָציאַליסטי־
שער מיליץ, זוכט מען אַ גרינגערן וועג אויף אויסלאָדן די אָנגעזאַמלטע
פּאַטריאָטישע ענערגיע... מען גייט אין די יידישע גאַסן און מען האַקט
פענצטער און קעפּ. איינער פון די צופעליקע דורכגייער, דער ייד גליצענ־
שטיין, 44 יאָר אַלט, האָט אַרויסגייענדיק פון טראַמוויי, געכאַפּט פון אַ
נאַראָדאָוויעץ מיט אַ מעסער און איז אויפן אָרט געשטאָרבן. ס'זענען געווען
נאָך אַ סך יידישע פאַרוואונדעטע. אַז יידן זענען שולדיק אין דעם, וואָס
פּוילישע סאָציאַליסטן פייערן אַ יום־טוב פון פּוילישן קאַמף קעגן צאַר,
קען מען נישט לייקענען: אין יענעם בלוטיקן מיטוואָך, וואָס זיין קאַמף־
יובל האָט מען אין 1936 געפייערט אין זעלבסטשטענדיקן, אָבער נישט
פרייען פּוילן, האָבן יידן געהאַט אַ גאָר גרויסן חלק. ליידער נישט נאָר
אַלס סוביעקטן, אַלס אַקטיווע אָרגאַניזאַטאָרן און אָנטיילנעמער אין קאַמף
קעגן צאַר, נאָר אויך אַלס אָביעקטן, ווייל אויך די צאַרישע רעגירונגען
האָבן געצאָלט יידן מיט פּאָגראָמען פאַר זייער אָנטייל אין פּוילישן באַ־
פרייאונגס־קאַמף. אויף אַזאַ אופן האָבן די פּוילישע יידן שוין צוויי מאָל
באַקומען געצאָלט מיט פּאָגראָמען פאַר זייער אָנטייל אין רוסישן רעוואָלו־
ציאָנערן קאַמף: איין מאָל פון צאַר פאַר דער באַפרייאונג פון פּוילן און

אַ צווייט מאָל פון די נאַראָדאָווע פוילישע פּאַטריאָטן נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן.

דער יובל פון קאַמף קעגן צאַר האָט לאָדזשער יידן געקאָסט טייער, אָבער נישט ווייניקער האָבן באַצאָלט די יידן פון אַנדערע שטעט אין פוילן. אויך אין וואַרשע האָט זיך איבערגעחזרט די לאָדזשער מעשה. די נאַראָדאָוצעס זענען אָנגעפאַלן אויף דער סאָציאַליסטישער דעמאָנסטראַציע און האָבן געמוזט אונטער קלעפּ און מיט בזיון אָפּטרעטן. אָפּגעטראָטן פון אַ שטאַרקן קעגנער, לאָזט מען זיך צום שוואַכערן „שונא" — צום ייד. מען איז אַוועק אין די גאַסן און געשלאָגן יעדן יידן, געהאַקט יעדע יידישע שויב און די „גיכע־הילף" האָט אויפגעהויבן די פאַרוואונדעטע: יצחק גאָלד־מאַן — 56 יאָר; אברהם דיאַמאַנט — 22 יאָר; בן־ציון מאַריענשטאַט — 54 יאָר; הענעק לעבענבוים — 21 יאָר; ישראל בערעזניאַק — 30 יאָר; דוד וואָפּשניט — 21 יאָר; יעקב גאָטפריד — 21 יאָר אַלט. דאָס זענען די פאַררעגיסטרירטע און ס'איז שוין אַ כלל, וואָס מיר האָבן אַ סך מאָל פעסטגעשטעלט, אַז די נישט־פאַררעגיסטרירטע זענען מינימום דריי מאָל אַזוי גרויס אין דער צאָל.

דעם 30סטן יאַנואַר 1937 האָט די אָפיציעלע פוילישע טעלעגראַפן־אַגענטור געמאָלדן: „דעם 27סטן יאַנואַר ה"י זענען באַפאַלן געוואָרן און פאַרוואונדעט געוואָרן אויף פּאַמאַרסקע גאַס (לאָדזש) דריי בירגער פון יידישן גלויבן — גרינשטיין פישל, כעלמנער שמעון, טשאַריסקי פּייוול. כעלמנער איז פון די וווּנדן געשטאָרבן. דער מאַכט האָט זיך איינגעגעבן צו אַרעסטירן דעם מערדער. דאָס איז דער 25־יאָריקער יאַן אַנטשאַק, קאָמענדאַנט פון דער וואַך־קאָמאַנדע פון דער נאַראָדאָווער פּאַרטיי. דער מאָרד איז אויס־געפירט געוואָרן מיט אַ פיניש מעסער".

האָט דער דערמאָרדעטער געהאַט עפּעס חשבונות מיט דעם פּאַטריאָ־טישן קאָמענדאַנט? יאָ, גרויסע חשבונות, כאָטש זיי האָבן קיינמאָל נישט געזען איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. און אָט ווי די זאַך איז פאָרגעקומען: דער באַרימטער גלח טשעטשאַק האָט דעם 27סטן אויף דער נאַכט געלייענט אין לאָקאַל פון דער נאַראָדאָווער פּאַרטיי אַ רעפעראַט וועגן דעם, אַז אַלע צרות און אומגליקן פון פוילן, הן אין דער געשיכטע, הן אין דער קעגנוואַרט, נעמען זיך נאָר פון יידן. וואָלטן יידן נישט געווען אין פוילן, וואָלט פוילן

געווען רייך און מעכטיק. נו, אַ פּוילישער פּאַטריאָט וויל, פאַרשטייט זיך, באַפרייען זיין פאָטערלאַנד פון זיינע שונאים, בפרט נאָך אַ פּאַטריאָט, וואָס פאַרנעמט אַזאַ הויכן אַמט, ווי קאָמענדאַנט פון וואַך־קאָמאַנדע! גייט טאַקע אַנטשאַק אַרויס פון דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג און הייבט שוין אָן קעמפן קעגן די שונאים פון זיין פאָטערלאַנד... כעלמנער אין געשטאָרבן, אַלזאָ פולשטענדיק באַזיגט געוואָרן, אַנדערע עטלעכע יידן זענען שווער פאַר־וואונדעט געוואָרן, בכן נאָר טיילווייז באַזיגט, אָבער אויך זיי זענען דאָך ווייניקער שעדלעך געוואָרן.

אַלס מערדער פון צוויי יידן איז געמשפּט געוואָרן דער דאָזיקער קאָ־מענדאַנט און ס'איז כדאי זיך אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דעם דאָזיקן פּראָצעס, וועלכער גיט די אַטמאָספער, אין וועלכער אַזעלכע מאָרדן ווערן נישט נאָר כ'עגלעך, נאָר ממש אומפאַרמיידלעך. ערשטנס, שטעלט דער באַשולדיקונגס־אַקט פעסט אַז: „גליצענשטיין איז דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן און ווען דער קרבן איז שוין געלעגן אויף די שינעס פון טראַמוויי אַ טויטער, האָט נאָך אַנטשאַק אַלץ געשלאָגן מיט דער האַק איבערן קאָפּ ביז פון קאָפּ איז געוואָרן אַ פאַרמלאָזע בלוטיקע פלייש־מאַסע".

אויף דער פראַגע פון ריכטער, צי ער איז זיך מודה אין דערמאָרדן די צוויי יידן, ענטפערט אַנטשאַק מיט שמחה: „יאָ, די יידן זענען שפּיאָנען, שעדיקער, אויף דער דעמאָנסטראַציע זענען געפאַלן אַנטי־פּוילישע אויס־רופן און קעגן רעליגיע". דער ריכטער: „פאַרוואָס האָט איר געהרגעט גליצענשטיין, ער איז דאָך אויף דער דעמאָנסטראַציע גאַרנישט געווען?" דער באַשולדיקטער: „אָבער ער איז אויך אַ ייד". אויף דער פראַגע פון ריכ־טער, צי האָט ער געזען דעם אָפּגעעם שאַרבן פון גליצנשטיינען, ענטפערט אַנטשאַק: „יאָ, איך האָב געזען, דערנאָך בין איך רואיק אַוועקגעגאַנגען. אַזוי דאַרף מען טון!" („פאָלקסצייטונג", וואַרשע, 22/5, 1937).

און אָט ווי עס פאַלן פון מערדערישע הענט יידן, נאָר ווייל זיי זענען יידן און נאָר ווייל ס'אַרבעט לעגאַל אַ פּאַרטיי, וועלכע פּרעדיקט אָפן מאָרד און אויסראָטונג פון יידן און וועלכע באַוואָפנט אירע מיטגלידער: דעם 9טן נאָוועמבער 1936 האָט עמיצער פּלוצלינג אָנגעהויבן האַקן שויבן אין געוועלבל פון יוסף בערקאָוויטש אויף קילינסקעגאָ גאַס 11 אין לאָדזש. נישט יעדער ייד דערשרעקט זיך פון יעדער פענצטער־קנאַק. דער באַלע־

באַס פון קלייטל איז אַרויס אין גאַס און געגומען נאָכלויפן דעם מענטשן, וואָס איז אַנטלאָפן. יענער האָט באַלד אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און גע־נומען שיסן אין יידישן עולם, וואָס האָט זיך דערווייל פאַרזאַמלט. צוויי יידן בערקאָוויטש און זענדל זענען אַזוי שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן, אַז זיי זענען אויף מאָרגן געשטאָרבן. צוויי אַנדערע יידן, מענדל רובינשטיין און משה ווייסזאַם, זענען אויך געווען שווער פאַרוווּנדעט, אָבער זיי זענען גע־בליבן לעבן. ס'איז נאָר אַ פראַגע, צי דאָס דאָזיקע לעבן־בלייבן וועט זיי ווויל באַקומען. ווער־זשע איז געווען דער שיסער? אַן 18־יאָריקער בחור טאַדעאוש שאַניאַווסקי, ביי וועלכן מען האָט געפונען אין קעשענע אַ מיט־גלידס־קאַרטע פון דער נאַראָדאָווער פּאַרטיי („גייער פאָלקס־בלאַט", לאָדזש, 10/11, 1937).

איבערגעבן די שטימונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די דאָ־זיקע מאָרד־טעג איז אוממעגלעך. אין די לויות האָבן זיך באַטייליקט צענד־ליקער טויזנטער יידן און אין דער שפּיץ זענען געגאַנגען פאַרטרעטער פון דער יידישער קהילה. מען האָט פּראָטעסטירט און געוויינט, געחלשט און געפאָדערט פיזישע שוץ קעגן כוליגאַנעס, וואָס ווערן אָפן באַוואָפנט און אָפן אַגיטירט צו מאָרד. אַן אומגעהויערע פּאַניק האָט אַרומגעכאַפּט די יידי־שע באַפעלקערונג און מאַמעס האָבן מורא געהאַט אַרויסצולאָזן זייערע קינ־דער אין גאַס.

פון דעם זעלבן טיפּ מאָרד איז אויך דער פאַל אין קאַליש, וווּ צוויי גאָר יונגע פּוילישע יינגלעך, איינער פון 18 און דער צווייטער 14 יאָר אַלט, האָבן דערהרגעט אַ 17־יאָריקן יידישן יינגל — מאַניעק קראָנענ־בערג. זיי האָבן זיך מודה געווען, אַז זיי האָבן דאָס יידישן יינגל קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען און אים נישט געקענט, נאָר גייענדיק אין פּאַרטיי־ביוראָ, וווּ מען האָט אַ סך גערעדט וועגן יידן אַלס די ערגסטע שונאים פון פּוילן, האָבן זיי געוואָלט עפּעס אויפטון און האָבן דעם ערשטן באַ־געגנטן יידן אַריינגעשטאָכן אַ מעסער.

אַזעלכע „פּאָליטישע" מאָרדן זענען געווען פון 40 ביז 50 אין די לעצטע צוויי יאָר. מיר קענען זיך נישט אָפּשטעלן אויף אַלע מאָרדן. ס'א'ז אָבער אַ מאָראַלישער חוב כאָטש דערמאָנען די געפאַלענע חלוצה — פרידע וואָלקאָווסקאַ, 18 יאָר אַלט, וועלכע איז דערשאָסן געוואָרן דורכן פענצטער

פון חלוצישן הויז אין דער פּאַרמע אין גראָכאָוו ביי וואַרשע. ס'איז פעסט־געשטעלט געוואָרן, אַז דער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן פון אַ מיטגליד פון דער נאַראָדאָווער פּאַרטיי.

מיר האָבן אויבן דערמאָנט אין וואָסער אַ פאַרסמטער אַטמאָספער דאָס דאָרפישע יידנטום לעבט. לאָמיר ברענגען איין ביישפּיל, וועלכער וועט אונדז ווייזן, ווי ווייט די פאַרווילדקייט האָט שוין דערגרייכט אויך אין שטאָט.

נישט ווייט פון וואַרשע, ביי שווידער, האָבן זיך אין יולי חודש 1936 געבאָדן צוויי יידן: אַ יונגער מענטש מיטן נאָמען האָכמאַן און אַ פריילייך פרידמאַן. זיי האָבןביידע זיך אָנגעהויבן טרענקען, נאָר איר האָט זיך איינגעגעבן צו דערשלעפּן זיך צום ברעג און דער בחור איז דערטרונקען געוואָרן. דאָס מיידל האָט דערציילט, אַז די גאַנצע צייט זענען ביים ברעג געשטאַנען קריסטן און געהערט די געשרייען פון האָכמאַנען, וועלכער האָט אַ גאַנץ פערטל שעה געקעמפט מיט די כוואַליעס, גערופן און געבעטן הילף, נאָר די קריסטן האָבן געלאַכט און געזאָגט: „זאָל זיין וויניקער מיט אַ יידן".

מיר וועלן באַהאַנדלען שפּעטער גענויער די אַנטי־יידישע געשעענישן אין אַ סך שטעט פון פּוילן, וועלכע מוזן אָנגערופן ווערן מיטן גאַנצן נאָמען — פּאָגראָמען. איין סימן מובהק אָבער פון די צאַרישע פּאָגראָמען און געוויס אַ גאָר וויכטיקער פעלט די פּוילישע פּאָגראָמען — די צאָל דערמאָר־דעטע איז פאַרהעלטנישמעסיק קליין, און אין אייניקע פּאָגראָמען פעלן גאָר אינגאַנצן געהרגעטע. דאָס איז אָבער אמת נאָר, אויף וויפל מען רעכנט די קרבנות בשעתן פּאָגראָם גופא. ציילט מען אָבער די קרבנות, וועלכע זענען געשטאָרבן פון ווונדן, באַקומענע בשעתן פּאָגראָם, בייט זיך אַ ביסל דאָס בילד.

דער בריסקער פּאָגראָם, מאַי 1937, למשל, איז כמעט געוואָרן מער באַרימט דערמיט, וואָס נאָך 16 שעה ווילדעווען, ראַבעווען און שלאָגן, האָט ער נישט געגעבן קיין איין יידישן הרוג, נאָר צענדליקער פאַרוווּנדעטע און הונדערטער צעראַבירטע קראָמען. אייניקע פּוילישע צייטונגען, וואָס פּרעדיקן „קולטורעלן" אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיך אפילו באַרימט מיטן „הומאַניזם" פון פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס. אין דער אמתן האָט דער דאָ־

זיקער „הומאַניטאַרער" פּאָגראָם געקאָסט דריי אָדער פיר קרבנות יידישע. מיר ווילן באַלד מאַכן קלאָר דעם „אָדער". צוערשט וועגן די דריי בלתי־ספקדיקע קרבנות. דער בריסקער איינוווינער ברוך זילבערבערג, 47 יאָר אַלט, האָט געהאַט אַ זייגערמאַכער־געשעפט אויף דאָמבראָווסקיעגאָ גאַס נומער 41. בשעתן פּאָגראָם האָט מען זיך אַריינגעריסן אין געשעפט און זילבערבערגן געשלאָגן מיט דרענגער איבערן קאָפּ. ער האָט באַקומען אַ מוח־דערשיטערונג. מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין וואַרשע, דאָרט האָט מען אים עטלעכע מאָל אָפּערירט, אָבער אָפּראַטעוועץ האָט זיך נישט איינגעגעבן. דעם 29סטן מאַי, נאָך צוויי וואָכן פון אוממענטשלעכע ליידן, איז ער געשטאָרבן. די מאַכט האָט נישט דערלויבט ברענגען דעם מת קיין בריסק און האָט אויך נישט דערלויבט מאַכן די קבורה אין וואַרשע בייטאָג... דריי פאַרטאָג, ביים טויט־שלאָף פון דער שטאָט, האָט מען געמוזט באַהאַלטן דעם ערשטן קרבן פון בריסקער פּאָגראָם. דערביי זענען געווען נאָר די דריי ברידער און די פרוי, וועלכע האָט נישט אויפגעהערט צו חלשן.

אין אַ וואָך אַרום האָבן שוין בריסקער יידן געטראָגן אויף זייער אייגענעם בית־עולם דעם צווייטן קרבן פון פּאָגראָם — דעם שניידער לוטענבערג, 50 יאָר אַלט. בשעתן פּאָגראָם האָט מען ביים אָרעמען שניידער געמאַכט אַן אמתן חורבן: מען האָט צעבראָכן אויף ברעקלעך צוויי ניי־מאַשינען, צעריסן דאָס בעטגעוואַנט, צעבראָכן דאָס מעבל, צעשניטן אַלע זאַכן, וואָס זענען געווען אין דער אַרבעט, צווישן דעם אויך אַ פּאָר אָפיצי־רישע הויזן און מען האָט אויך געגעבן דעם שניידער מיט אַ שטיין אין קאָפּ. מיר האָבן דעם שטיין אין קאָפּ געגעבן צום סוף, ווייל לוטענבערג האָט די ערשטע פּאָר טעג מער געקלאָגט אויף די צעבראָכענע מאַשינען, ווי אויפן לאָך אין קאָפּ. אויף מאָרגן נאָכן פּאָגראָם־יום־טוב, האָט מען שוין געמוזט דעם ווייב און די קינדער געבן ברויט. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער זיך אַנידערגעלייגט און אין דריי וואָכן אַרום — גאָט די נשמה אָפּגעגעבן.

און ערשט אין פיר חדשים אַרום איז ווידער געשטאָרבן אַ בריסקער קרבן חיים פּערליס, 50 יאָר אַלט. אויך ער האָט באַקומען מיט שטיינער און שטעקנס אין קאָפּ, זיך אָפּגעמוטשעט פיר חדשים, אָבער זיך נישט אַרויסגעדרייט פון די הענט פון מלאך־המות. און אָט איז דער פערטער

קרבן, צוליב וועלכן מיר האָבן געבראויכט דאָס וואָרט „אָדער": בשעתן פּאָגראָם האָט די בריסקער פרוי גרינבערג באַקומען אַ קלאַפּ איז קאָפּ מיט אַ שטיק אייזן. דער שאַרבן האָט געפּלאַצט און מען האָט זי קוים אָפּגעראַטעוועט, פאַרנייענדיק די וווּנדן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז איר אָבער געוואָרן ערגער און מען האָט איר אין וואַרשע געמאַכט אַן אָפּעראַציע. זי איז געבליבן לעבן. צי איז זי נישט מקנא אירע פּאָגראָם־קאָלעגן, וועלכע זענען שוין אויסגעלייזט געוואָרן פון זייערע ליידן? און צי זענען די נאָר וואָס פעסטגעשטעלטע בריסקער פּאָגראָם־קרבנות געווען גליקלעכער פון זייערע פּשיטיקער קאָלעגן, וועלכע האָבן אויפן אָרט געפונען דעם טויט און האָבן נישט דורכגעמאַכט דעם גיהנום־וועג פון מוח־אָפּעראַציעס און פון צאַנקען און שטאַרבן וואָכן לאַנג?...

דאָס זעלבע איז געווען מיט די קרבנות פון אַנדערע „בלוטלאָזע" פּאָגראָמען. אַ גאַנץ יאָר נאָכן מינסק־מאַזאָוויעצקער פּאָגראָם איז געשטאָרבן אין אַ וואַרשעווער שפּיטאָל אַ קרבן פון דאָזיקן פּאָגראָם — דער ייד חיים שימאַנאָווסקי, 31 יאָר אַלט. בשעתן פּאָגראָם האָט ער באַקומען מיט אַ דראָנג איבערן קאָפּ און פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין נישט געלעבט, נאָר געקרענקט, ביז ער איז דעם 30סטן מאַי 1937 געשטאָרבן.

אַנדערטהאַלבן יאָר האָט זיך אָפּגעפּייניקט אין שפּיטאָל, די גאַנצע צייט אין שפּיטאָל, דער גראָדנער ייד לייב שאַפּיראָ, וועלכער האָט בשעתן גראָדנער פּאָגראָם באַקומען עטלעכע וווּנדן אין קאָפּ און אין ברוסט.

און פּשיטיקער פּאָגראָם? אַלע ווייסן וועגן די מערדערלעך דערמאָרדעטע מינקאָווסקיס. פון דעם זעלבן פּאָגראָם איז אָבער אויסגעשטאָרבן אַ גאַנצע פאַמיליע, וועגן וועלכער מען האָט שוין נאָר מודיע געווען אין דער כראָניק.

דער שוסטער גדליה טישלער האָט זיך בשעתן פּאָגראָם באַהאַלטן מיט זיינע דערוואַקסענע קינדער אויפן בוידעם, אָבער די כוליגאַנעס האָבן געטראָפן אַהין אויך און האָבן מיט דרענגער זיי געשלאָגן מכות־רצח. אַלע זענען געווען פאַרוווּנדעט, אָבער נישט געפערלעך. יעדנפאַלס די ערשטע טעג האָט קיינער נישט געקענט פאָראויסזאָגן, אַז די דאָזיקע פאַמיליע וועט אין איין האַלב יאָר אַוועק אויף יענער־וועלט: צוערשט האָט זיך אַוועקגעלייגט די טאָכטער — 23 יאָר אַלט, פייגע, און איז געשטאָרבן;

גאָר גיך האָט זיך אַנידערגעלייגט דער זון יודל — 22 יאָר — און איז געשטאָרבן; און אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז געשטאָרבן דער פֿאָטער גדליה; די מוטער — די אלמנה — בעט אויף זיך דעם טויט, ווייל זי איז געבליבן נישט נאָר עלנד ווי אַ שטיין, צעבראָכן און פּסיכיש רואינירט. נאָר אויך פיזיש שוואַך און מאַטעריעל אַבסאָלוט אָן מיטלען צום לעבן. צום לעבן?... איז דאָס לעבן? איז דען נישט גרינגער די, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק צו פאַרלירן די וועלט ביים ערשטן האַק אין קאָפּ?

נישט אַלע פּשיטיקער זענען אַזעלכע שלימזלדיקע, וועלכע מוטשען זיך יאָרן, ביז זיי ווערן אויסגעלייזט פון גלות לעבן. אָט איז אַ פּשיטיקער בר־מזל: דער פּשיטיקער ייד דען האָט דווקא נישט געליטן פון פּאָגראָם. אים איז אָבער באַשערט געווען צו פאַלן פון די הענט פון אַ פּשיטיקער פּאָגראָמשטשיק און דער גורל האָט אים אָנגעיאָגט אין ראַדאָם, ווו ס׳ליגן אויפן בית־עולם די קרבנות פון פּשיטיקער פּאָגראָם. דעם 15טן מערץ 1937 איז דען פאַרבייגעגאַנגען אין ראַדאָם פאַר דער געביידע, ווו ס׳איז פאָרגעקומען דער באַרימטער פּשיטיקער פּראָצעס. דער ייד האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגעשטעלט — וואָסער ייד קען רואיק פאַרבייגיין פאַר דער פוילישער ריכטער־געביידע, ווו ס׳איז צום ערשטן מאָל אין זעלבסטשטענדיקן פוילן געפאַלן אַן אורטייל, וואָס שטראָפט די, וואָס פאַרטיידיקן זיך, און באַפרייט די, וואָס שלאָגן און מאָרדן? פּלוצלינג האָט מען דערהערט אַ יאָמערדיק געשריי פון אַ יידן. אַ באַקאַנטער פּאָגראָמשטשיק פון פּשיטיקער ראַיאָן סטאַניסלאַוו סימטשיק האָט געשלאָגן אַ יידן, אַן אויבסט־הענדלער — דעם 70־יאָריקן יעקב אייזנבערג. דען האָט גענומען לויפן צום געשלאָגענעם יידן, ער האָט אָבער נישט באַוויזן צוצוגיין גאַנץ נאָענט, ווי דער פּאָגראָמשטשיק האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און דערלאַנגט מיט אַ דראָנג איבערן קאָפּ. דער פּאָגראָמשטשיק האָט אַזוי גוט געטראָפן, אַז דער פּשיטיקער ייד איז מער צו זיך נישט געקומען און איז אין אַ פּאָר שעה אַרום געשטאָרבן.

אין אַ חודש אַרום האָט זיך אין דער יידישער פּרעסע באַוויזן אַ קורץ בריוועלע פון דער אלמנה: „איך גיי פּשוט אויס פון הונגער צוזאַמען מיט מיינע יתומים. אפשר וועלן זיך געפינען גוטע מענטשן, וואָס וועלן אונדז העלפן אין אונדזער נויט. פייגע חיה דען״.

מיר האָבן דעם דאָזיקן קרבן צוגעציילט צו די קרבנות פון די פּאָגראָ־מען צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל ער איז דערהרגעט געוואָרן פון אַן אַקטיוון פּשיטיקער פּאָגראָמשטשיק און צווייטנס, ווייל וואָלט דער ייד נישט געבליבן שטיין ביים בנין פון פּשיטיקער פּראָצעס, וואָלט ער אפשר געווען אויסגעמיטן דעם טויט.

מיר האָבן ביז אַהער גערעדט וועגן קרבנות, וועלכע זענען אין דער, אָדער יענער מאָס אוממיטלבאַרע אָפּפער פון איבערפאַלן. ס׳זענען אָבער פאַראַן נישט ווייניקער קרבנות, וואָס זענען אַן אומדירעקטער רעזולטאַט פון דער פּאָגראָם־אַטמאָספער און נאָך אָפטער פון פּאָגראָם־שרעק. איין ביישפּיל: אין ווילנע איז אין נאָוועמבער 1936 געווען אַ פּאָגראָם. ס׳איז געווען איינער פון יענע פּאָגראָמען, וואָס דאַרף באַווייזן די הויכע קולטור פון די פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע מאָרדן נישט אַזוי ענערגיש ווי די צאַרישע אָדער פּעטלורישע קאָלעגן זייערע. אויף וועלכן־זשע חשבון זאָל מען אַרויפשטעלן פאָלגענדיקן יידישן קרבן?

דעם 20סטן נאָוועמבער 1936 האָבן די נאַראָדאָווע ווילנער סטודענטן אָפּגעריכט אַ תפילה אין קלויסטער. דער ביסקופּ האָט זיי געבענטשט. נאָך דער תפילה און אָנגעלאָדן מיט דער ביסקופּ־ברכה האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון אין גאַס שלאָגן יידן און האַקן פענצטער. דער אַלטער 70־יאָריקער ייד ברוך פעלדשער איז געגאַנגען אין גאַס און פון שרעק באַקומען אַ האַרץ־שלאַג און געשטאָרבן אויפן אָרט איידער די געבענטשטע סטודענטן האָבן באַוויזן צוצוגיין צו אים.

איז דאָס אַ פּאָגראָם־קרבן?...

4

אין 1935—1936 זענען געווען דריי גרעסערע פּאָגראָמען אין פּוילן: אין גראָדנע אין יוני 1935; אין פּשיטיק אין מערץ 1936 און אין מינסק־מאַזאָוויעצק אין יוני 1936. מיר רופן אָן די דאָזיקע געשעענישן פּאָגראָמען אין זין פון באַטייליקונג פון גרעסערע מאַסן אין די אָנפאַלן און אין די רציחות און אויך אין זין פון מאַסן־כאַראַקטער פון די געליטענע. אין דער אמתן קען מען רעדן וועגן אַ מאַסן־פּאָגראָם נאָך אין איין פּונקט, ווייל

אויך אין אדזשיוואל האָבן די אָנפּאַלן און רציחות, אין נאָוועמבער 1935, געטראָגן אַ מאַסן־כאַראַקטער.

אין פּוילן ציען זיך די אָנפּאַלן יאָרן. זיי טראָגן נישט אומעטום קיין כאַראַקטער פון מאַסן־אַרויסטרעטונגען קעגן יידן, נאָר פון פּאַרטיזאַנישע עקסצעסן אויף איינצלנע יידן, אויף איינצלנע קראָמען, אויף איינצלנע יאַרידים; די אָנפּאַלער האָבן נישט אַלעמאָל דעם ציל צו מאָרדן, פאַרניכטן לעבעדיקע מענטשן, נאָר מער אָנצושרעקן, אַרויסצורופן אַ פּאַניק ביי דער יידישער באַפעלקערונג, זי דעזאָרגאַניזירן, צווינגען צו אַנטלויפן און אויס־צוואַנדערן. און אָט צוליב דעם איז זייער שווער צו אונטערשיידן צווישן אמתע פּאָגראָמען און צווישן עקסצעסן און אָנפּאַלן. ס׳ליגט אָבער אין דער טבע פון די דאָזיקע דעטאַל־פּאָגראָמען צו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַנגראָ־פּאָגראָמען.

די פּאָליטיק פון דער רעגירונג איז ביז אַ געוויסער צייט געווען אַ גאַנץ קלאָרע — דולדן און צולאָזן איינצעלנע קליינע פּאָגראָמען, וואָס זענען אַ גוטער הילפס־מיטל צו דער גאַנצער אַנטי־יידישער עקאָנאָמישער פּאָליטיק. מאַכן דעם יידן ענג און שטיקנדיק די לופט, אָבער דאָך נישט דערלאָזן צו מאַסן־פּאָגראָמען, וועלכע וואָלטן געמוזט פאַראינטערעסירן די אויסלענדישע וועלט מיט דער לאַגע פון יידן אין פּוילן. די לעצטע חדשים האָט מען, ווייזט אויס, געביטן די טאַקטיק און מען דולדעט שוין אויך גרעסערע פּאָגראָמען, אָבער נאָר מיט שלעגערייען און רויבערייען אָן שווערע פיזישע קרבנות. איז אפשר דאָס אַ קלאָר צוגעטראַכטער פּלאַן — זאָל די יידישע און אויך די נישט־יידישע וועלט וויסן, אַז פאַר יידן איז מער אין פּוילן קיין פּלאַץ נישטאָ. עמיגראַציע איז דער איינציקער אויסוועג. דאָס איז דאָך געוואָרן די פיקס־אידעע פון די פּוילישע פירנדיקע פאַקטאָרן און אַלע מיטלען זענען כשר וישר. און מען קען גלויבן, אַז אויב די מאַסן־פּאָגראָמען אָן פיל פיזישע קרבנות וועלן אַזוי גיך נישט ווירקן און יידן וועלן זיך עקשנען, וועט מען זיך נעמען פאַר פּאָגראָמען פון אוקראַאינישן טיפּ — מיט הרוגים און מאַסן־שחיטות.

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף די דאָזיקע פּאָגראָמען לויט אַ כראָנאָ־לאָגישן סדר. דערביי וועלן מיר זיך באַמיען אומעטום אויסצונוצן די אָפיציעלע באַשולדיקונגס־אַקטן, וועלכע זענען געוויס נישט נוטה צו שטעלן

זיך אויפן יידישן צד. מיר הויבן אָן פון גראָדנע. מיר לאָזן דעם באַשול־דיקונגס־אַקט דערציילן דעם פּאָגראָם־פאַרלויף.

„דעם 7טן יוני 1935, פאַרנאַכט, איז אין גראָדנע פאָרגעקומען די לוויה פון געוועזענעם מאַטראָז קושטש, וועלכער איז געשטאָרבן צוליב די וואונדן, וואָס ער האָט דעם 5טן יוני באַקומען פון שמואל שטיינער און מלך קאַנטאַראָווסקי, בעת דעם סכסוך אין טאַנץ־קלאַס (ביידע יידישע יונגעלייט זענען פאַרמשפּט געוואָרן דורכן גראָדנער קרייז־געריכט. איינער אויף 12 יאָר און דער צווייטער אויף 2 יאָר). חוץ דער פאַמיליע, באַקאַנטע און חברים פון פאַרשטאָרבענעם, האָט זיך אין דער לוויה באַטייליקט דער עולם, וואָס איז דעמאָלט געווען אויף דער גאַס, אין צאָל פון אַרום 1.000 מאַן. אויפן וועג צום בית־עולם האָט זיך די לוויה כסדר פאַרגרעסערט און ביזן מיליטערישן בית־עולם דערגרייכט ביז 2.000 מאַן. נאָך דער לוויה האָט זיך אַ לאָז געטון אַ המון קרוב פון 1.000 מאַן בראש מיטן סטודענט סונאַק. פּאַנאַסיוק, מאַרטשינטשוק, זיגמאַנסקי און זשוקאָווסקי האָבן געהעצט דעם המון. הגם די פּאָליציי האָט זיך געהייסן פונאַנדערגיין, האָט פּאַנאַסיוק געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „מיר האָבן מקבר געווען אַ חבר, וועלכן יידן האָבן געקוילעט, מיר מוזן נקמה נעמען פאַר זיין טויט! נידער מיט די יידן! אַ טויט די יידן! פון עולם זענען דעמאָלט געפאַלן אויסרופן: „נידער מיט יידן! שלאָגט יידן, זאָל לעבן „וויעלקאַ פּאָלסקאַ"! פּאַנאַסיוק האָט געשריגן: „מיר האָבן שוין דריי טויטן אין גראָדנע: אין 1930 האָבן יידן דערמאָרדעט מאַראַווסקין, היינטיקס יאָר אַ מאַרטשינקאַנער פויער און קושטשן, מאָרגן וועלן זיי דאָס זעלבע טון מיט אונדז! גענוג שיינע ווערטער! מיר נויטיקן זיך אין מעשים! לאָמיר גיין אין שטאָט וויזן וואָס מיר קענען!"

זענדיק, אַז סונאַק שטעלט אויס דעם עולם אין רייען, האָט פּאַנאַסיוק אַ געשריי געטון: „כלאָפּצי, קומט מיט מיר שלאָגן יידן, נקמה נעמען פאַר אונדזער חבר! פאַר איין אונדזעריקן — הונדערט יידן!" דאָס האָט געווירקט און דער המון האָט זיך אַ לאָז געטון אין שטאָט, אַרויסרייסנדיק פּלאָקנס פון פּאַרקאַנעס און אָננעמענדיק שטיינער פון ברוק. בראש פון די דערמאָנטע פינף אָנפירער האָט זיך דער המון אַוועקגעלאָזט דורך סקידלער, יערוזאַלימסקאַ, בריגידסקאַ, באַטאָרי־פּלאַץ, דאָמיניקאַנער, קאַלושינסקאַ,

נאַפּאָלעאָנער, אויסזעצנדיק די שויבן אין יידישע קראָמען און ווינונגען און שלאָגנדיק די באַגעגנטע יידן. די עקסצעסן האָבן געדויערט פון האַלב זיבן ביז צען אָוונט; אַרום האַלבע־נאַכט האָבן זיך די עקסצעסן אַריבער־געטראָגן אין די פאָרשטעט. בעת די עקסצעסן איבער דער יידישער באַ־פעלקערונג זענען פאַרהאַלטן און דערקענט געוואָרן פאָלגענדיקע אָנטייל־נעמער: אָלגאַ זשוק, וועלכע האָט געבראָכן שויבן אויף יערוזאַלימסקע; קאָזלאָווסקי מיט אַ גרופּע פון 100 מאַן, צו וועלכע ער האָט געשריגן מען זאָל שלאָגן יידן און האַקן שויבן. אויף בריגידסקאַ האָט פּאָליציי פאַר־האַלטן מאַזשדזשערן, וועלכער האָט געהאַלטן אַ שטעקן און געשריגן: „שלאָגט יידן" און אויף וויטאָלדאָווע באַליצקין, ביי וועלכן מען האָט גע־פונען אַ שטילעט; בעתן פירן אים אין קאָמיסאַריאַט האָט ער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. אויף קאַלושינסקאַ האָט מען פאַרהאַלטן אַלעשטשיקן. ער האָט געהאַט פאַרבלוטיקטע הענט. ער האָט מיט אַ גרעסערער גרופּע אויס־געזעצט שויבן. אויף נאַפּאָלעאָנער האָבן געהאַקט שויבן יאַראשעוויטש און ראָמאַנטשוק. דער הויפּט־אָנפירער פּאַנאַסיוק איז אַנטלאָפן. אָבער דעם 17טן איז ער אַליין געקומען אין פּאָליציי און זיך מודה געווען אין שולד. בעת די עקסצעסן זענען שווער און לייכט פאַרווונדעט געוואָרן: ישראל בערעזשינסקי, יצחק לייפּונסקי, הירש גרינבלום, איסער אַטלאַס, פראַנטשי־שעק קאָוואַלסקי, שמואל קליינבאַרט, בער און אברהם בורדע, גאָטליב לעווין, יעקב גראַדונסקי, גדליה בעכער, לייב בוטשינסקי, שלמה פּאָז־ניאַק. בערעזאָווסקי און בעכער זענען פון די וווּנדן געשטאָרבן".

די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז עס זענען אויסגעזעצט גע־וואָרן שויבן אין 183 הייזער און אין 85 קראָמען. די הזקות האָבן באַטראָפן אַרום 30.000 זל׳; די פראָצעסן וועגן גנבות און רויב פון פרעמדן אייגנטום בעת די עקסצעסן אָדער גלייך נאָכדעם (אַזוינע פאַלן זענען געווען העכער אַ צענדליק) זענען איבערגעשיקט געוואָרן צום שטאָטישן געריכט אָדער ס׳ווערט וועגן זיי געפירט אַ באַזונדערע אויספאָרשונג.

פון אַלע 17 באַשולדיקטע האָבן זיך בעת דער אויספאָרשונג מודה געווען בלויז פּאַנאַסיוק און פלאָצקי. די איבעריקע האָבן געלייקנט זייער אָנטייל אין די געשעענישן. מצד דער באַשולדיקונג זענען אַרויסגערופן גע־וואָרן צו דעם פּראָצעס 70 עדות.

פון דעם דאָזיקן באַשולדיקונגס־אַקט קומט אויס, אַז ס׳זענען פאַר־וואונדעט געוואָרן 13 מענטשן, פון וועלכע צוויי זענען געשטאָרבן. אין דער אמתן זענען געווען אַ סך מער פאַרוואונדעטע. אין דער יידישער קהילה האָבן זיך פאַררעגיסטרירט 40 פיזיש געליטענע, אמת אַ סך לייכט פאַר־וואונדעטע. אויך די צאָל מאַטעריעל געליטענע איז אין דערווירקלעכקייט געווען מער, ווי אין אַקט איז געווען אָנגעגעבן. אין דער קהילה האָבן זיך רעגיסטרירט 300 מאַטעריעל געליטענע אויף אַ סומע פון העכער 60 טויזנט זלאָטעס. מ׳קען אייגנטלעך דעם פיזישן און מאַטעריעלן שאָדן פון אַ פּאָגראָם בכלל נישט שאַצן. אָט איז דער שוסטער גאָטליב לעווין גע־לעגן אין שפּיטאָל 7 טעג; דער זעצער לייב בוטשינסקי האָט זיך געהיילט 7 וואָכן אין גראָדנע און אין וואַרשע. ס׳איז שווער צו זאָגן, צי זייביידע זענען אינגאַנצן געקומען צו זיך און צי זייער אַרבעטס־פעאיקייט איז פול־קאָם צוריקגעשטעלט. יעדער פּאָגראָם לאָזט איבער שפּורן אויף יאָרן. די שפּורן זענען צו מערקן אויף די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן יידן און קריסטן, אויף דער שטימונג פון דער יידישער מאַסע אין אירע זיכער־קייטס־געפילן, אין איר אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן.

גראָדנע האָט קיינמאָל נישט איבערגעלעבט קיין פּאָגראָמען. יידן האָבן דאָרט לאַנגע יאָרן אויסגעמאַכט אַן אַבסאָלוטע מערהייט, און נאָר ערשט אין באַפרייטן פּוילן האָט זייער אָנטייל אין דער באַפעלקערונג אָנגעהויבן פאַלן און זיי זענען געוואָרן אַ מינדערהייט. אין 1897 האָבן יידן אויסגע־מאַכט 60%; אין 1921 — 54% און 1931 שוין נאָר 42% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אויף דעם חשבון איז שטאַרק געוואַקסן די פּוילישע באַפעל־קערונג און דערצו פון עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אויף די פרנסות, וועלכע זענען הונדערטער יאָרן געלעגן אין יידישע הענט — אויף האַנדל און האַנטווערק. נאָך שטאַרקער זענען געוואַקסן פּוילישע פּאַרטרעטער פון באַאַמטענטום און פרייע פּראָפעסיעס — פון די צוויי פּראָ־פעסיעס, וואָס זענען אין פּוילן די אַקטיווסטע טרעגער און פאַרשפּרייטער פון אַנטיסעמיטיזם.

דער פּראָצעס וועגן גראָדנער פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין נאָ־וועמבער 1935, האָט ערשט אויפגעדעקט דעם גאַנצן שמוציקן אייטער, וואָס שפּריצט פון דער אָנגעריסענער אַנטיסעמיטישער מכה. חוץ איין אַר־

בעטער, וועלכער האָט זיך געשלאָגן על־חטא און אמת חרטה געהאַט, האָבן אַלע באַשולדיקטע געלייקנט שטיין אוןביין אָדער חוצפּהדיק און אָפן דערקלערט, אַז זיי האָבן קיין חרטה נישט, אַז זיי האָבן באַדאַרפט נקמה נעמען, אַז זיי וועלן אויך ווייטער פירן דעם קאַמף קעגן יידן מיט אַלע מיטלען. נאָך דער דערשיטערנדיקער סצענע, ווען דער 12־יאָריקער יתום יוסף בלעכער האָט אַלס עדות דערציילט ווי מערדערלעך און גרויזאַם מען האָט זיין פאָטער (אַן אָרעמער שניידער, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן שווער געהאָרוועט אויף אַ שטיקל ברויט) אין מיטן גאַס באַפאַלן און געשלאָגן אין קאָפּ, ביז ער איז אַ צעבלוטיקטער געפאַלן אין חלשות, דאָס קינד האָט דאָס אַלץ געזען, ווייל ס׳איז פאָרגעקומען נישט ווייט פון זייער וווינונג און ער איז געשטאַנען דערביי, אָט נאָך דער דאָזיקער סצענע, וועלכע האָט אַלע אין געריכט־זאַל ממש אויפגעטרייסלט, פרעגט דער פּראָקוראָר דעם הויפּט־באַשולדיקטן פּאַנאַסיוק, צי ער האָט חרטה אויף זיינע מעשים. דער ענטפער איז געווען ווילד און קלאָר: ער האָט נישט קיין חרטה, ער האַלט, אַז יידן האָבן ווייניק באַקומען.

וואָס אָבער קען מען דערוואַרטן פון די פּאַנאַסיוקס און זייערע חברים, ווען די אַדוואָקאַטן האָבן געהאַלטן אַ סך שרעקלעכערע רעדעס מיט פּשוט אָפענעם רופן אין געריכט אויסצוראָטן די יידן און צו פירן ווייטער דעם קאַמף מיט די זעלבע מיטלען, וועלכע ס׳האָט באַנוצט פּאַנאַסיוק און זיינע חברים. און דאָס געריכט? ווי האָט דאָס געריכט באַשטראָפט די כוליגאַ־נעס, וואָס האָבן דערהרגעט דריי מענטשן (צו דער צייט פון פּראָצעס זענען שוין געווען אין גראָדנע דריי פּאָגראָם־קרבנות: משה ליפּסקי, ישראל בערעזאָווסקי און גדליה בעכער), וועלכע האָבן שווער פאַרוווּנדעט און געמאַכט פאַר קאַליקעס מער ווי צען יידן, לייכט פאַרוווּנדעט איבער דריי־סיק, רואינירט צענדליקער פאַמיליעס און געשאַפן אַ פּאָגראָם־שטימונג אין שטאָט אויף חדשים און אפשר אויף יאָרן?

אָט איז דער פּסק־דין, ווי ער איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן:

6 אָנגעקלאָגטע: זשוקאָווסקי, יודזשאַק, באַלעצקי, מאַלעיקאָ, נאָבייקאָן און לאָסאָטע ווערן באַפרייט.

7 אָנגעקלאָגטע: מאָזעדזשעזש, זשוקאָוו, ביעלסקי, אַלעשטשאַק, יאַראָ־שעוויטש, ראָמאַנטשוק און פלאָצקי באַקומען צו זעקס חדשים תפיסה.

דריי אָנגעקלאָגטע: קאָזלאָווסקי, מאַרטשינטשוק און זיגמאַנסקי באַקו־מען צו ניין חדשים תפיסה און דער הויפּט־גבור פון פּראָצעס, פּאַנאַסיוק, האָט געכאַפּט די גרעסטע שטראָף — קוים איין יאָר תפיסה.

דערביי איז פאַר 9 פון די פאַרמשפּטע די שטראָף אָפּגעלייגט געוואָרן אויף פינף יאָר און פּאַנאַסיוק מיט זיגמאַנסקען האָט מען באַפרייט אויף קויציע צו 200 זלאָטעס פון יעדן.

דער דאָזיקער פּסק־דין האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד און שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג נישט נאָר אין גראָדנע און האָט אויך אַרויסגע־רופן אַ גוואַלדיקע אויפרעגונג ביים גאַנצן פּוילישן יידנטום. אָבער נישט נאָר ביי יידן. דער פאָרזיצער פון געריכט אין גראָדנער פּראָצעס גריניע־וויטש (וויצע־פאָרזיצער פון גראָדנער קרייז־געריכט) האָט אַריינגעטראָגן אַ „וואָטום סעפּעראַטום". מיר האַלטן פאַר זייער וויכטיק צו ברענגען די אויספירן פונעם דאָזיקן היסטאָרישן דאָקומענט, וואָס לויט זיין אינהאַלט שטעמפּלט ער געגנוג שאַרף דעם פּסק־דין פון געריכט:

1) „אַזוינע געשעענישן — ווערט אין דעם „וואָטום סעפּעראַטום" גע־זאָגט — זענען אַ קלאַפּ פאַר די יסודות פון דער געזעצלעכקייט אין פּוילן, זיי דערנידעריקן אונדזער לאַנד אין דער עפנטלעכער מיי־נונג פון דער ציוויליזירטער וועלט";

2) „די מלוכה־מאַכט דאַרף די עקסצעסן דערשטיקן אָן שום רחמנות, אין וואָרצל; די געריכטן דאַרפן באַשטראָפן די שולדיקע מיט דער פולער שטרענגקייט פון געזעץ";

3) „אַ שוואַכע שטראָף קען בלויז צוגעבן חוצפּה אַזוינע פאַרשוינען ווי פּאַנאַסיוק און זיינע חברים, שאַפנדיק ביי זיי אַ געפיל פון נישט געהעריקער שוץ מצד דער מלוכה־מאַכט בנוגע יידן אין באַצוג צו זייער לעבן און פאַרמעגן";

4) „די האַלטונג פון די באַשולדיקטע אין געריכט איז אַ באַווייז פון שלעכטן ווילן אין אַ באַדייטנדיקער מאָס";

5) „די באַהויפּטונג פון איין עדות, אַז אויפן צווייטן און דריטן טאָג נאָך די געשעענישן האָט די יידישע יוגנט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן „באָיוווקעס" מיט נקמה־צוועקן, איז בלויז אַן אומבאַגרינדעטע השערה, מחמת די יוגנט האָט זיך אָרגאַניזירט נישט צוליב נקמה,

נאָר צוליב זעלבסטפאַרטיידיקונג אין פאַל, טאָמער וועלן זיך די געשעעניש איבערחזרן״;

6) „די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די באַשולדיקטע ווערט נישט קלע־נער דערפון, וואָס זייער אַרויסטריט איז געווען אַן אויסדרוק פון אויפרעגונג צוליב מאָרדן איבער קריסטן, ווייל פּאַנאַסיוק און זיינע חברים דאַרפן גוט וויסן און געדענקען, אַז אין אַ געזעצלעכער מלוכה קען מען באַשטראָפן בלויז די דירעקט שולדיקע און באַ־שטראָפן געהערט אויסשליסלעך צום געריכט״.

צוליב די אַלע אָנגעוויזענע מאָטיוון האָלט פּרעזעס גריניעוויטש, אַז פּאַנאַסיוק האָט אָנשטאָט איין יאָר געדאַרפט באַקומען דריי יאָר; קאָזלאָווסקי, מאַרצינטשוק און זיגמאַנסקי אָנשטאָט ניין חדשים — צו צוויי יאָר; און די איבעריקע זיבן אָנשטאָט זעקס חדשים — צו איין יאָר.

צו דעם דאָזיקן דאָקומענט אין איבעריק עפּעס צוצוגעבן, אָבער צו־געבן מוז מען, אַז דער באַפרייטער פּאַנאַסיוק האָט אין אַ פּאָר חדשים אַרום אונטערגעלייגט אַ באָמבע אין דער אַמבולאַטאָריע פון גראָדנער „טאָז״ (געזעלשאַפט פאַר שוץ פון יידישן געזונט) און נאָר ווייל זי האָט אויפ־געריסן פאַר דער אויפנאַם־שעה, האָט זי געבראַכט נאָר מאַטעריעלן שאָדן. וואָלט דער אויפרייס פאָרגעקומען אין האַלבע שעה שפּעטער, וואָלטן גע־ווען אַ סך פיזישע קרבנות. און מען מוז אויך צוגעבן, אַז דאָס אַפּעלאַציע־געריכט אין ווילנע האָט אין מאַי 1936, ווען דער פּראָצעס איז דאָרט באַ־טראַכט געוואָרן, אַרויסגעטראָגן גאַנץ אַנדערע שטראָפן, העכערע אפילו, ווי דער פּרעזיצער האָט פאַרלאַנגט אין זיין „וואָטום סעפּעראַטום״. דער פּסק אין אַפּעלאַציע־געריכט איז געווען אַזאַ: פּאַנאַסיוק פינף יאָר (פריער 1 יאָר); קאָזלאָווסקי דריי יאָר תפיסה (פריער 9 חדשים); מאַרצינטשוק און זיג־מאַנסקי צו צוויי יאָר (פריער 9 חדשים); אַלע איבעריקע איז די שטראָף געבליבן ווי פריער.

פּאַקטיש האָט זיך די לאַגע גאָר נישט געענדערט, ווייל בנוגע אַלע באַשטראָפטע האָט מען אָנגעווענדט די אַמנעסטיע פאַר פּאָליטישע פאַר־ברעכער, און די דאָזיקע פּאָגראָמשטשיקעס האָט מען צוגערעכנט צו דער קאַטעגאָריע פון פּאָליטישע קעמפער.

אויב דער גראַדנער פּאָגראָם איז געקומען ווי אַ בליץ פון הימל, אומגעריכט, ווייל די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט גענומען גענוג ערנסט די אָרטיקע נאַראָדאָווע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, קען מען דאָס אָבער נישט זאָגן וועגן די איבעריקע פּאָגראָמען. אין אדזשיוואל, פשיטיק און מינסק־מאַזאָוויעצק זענען די פּאָגראָמען געווען דער העכסטער פּונקט פון דער טעראָר־אַקציע, וועלכע האָט דאָרט און אין אַרומיקן ראַיאָן געווילדעוועט חדשים לאַנג. די דאָזיקע אַנטי־יידישע טעראָר־אַקציע האָט געגעבן אַ סך פאַרוואונדעטע אין אַדזשיוואָל און אין פּשיטיק, אין אַ סך אַרומיקע שטעטלעך און אין מינסק־מאַזאָוויעצק אפילו איין דערמאָרדעטן (ישראל ציליך) נאָך פאַר די פּאָגראָמען. אַרום פשיטיק האָט די נאַראָדאָווע־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי קאָנצענטרירט אַ קולאַק, וועלכער האָט געדאַרפט אויסרוימען אַ ראַיאָן פון אַ צען שטעטלעך פון יידן און ווייזן אַ מוסטער, ווי מען קען זיך באַגיין אָן יידן, הן ביים קויפן און הן ביים פאַרקויפן. די דאָזיקע פּאָגראָם־קאַמפּאַניע האָט געבראַכט אין אדזשיוואל צו אומרוען פון אַזאַ מאַסשטאַב, אַז די פּאָליציי האָט געמוזט שיסן און דערביי זענען גע־פאַלן טויט 18 פּויערים. ס׳זענען אויך געפאַלן טויט עטלעכע פּאָליציאַנטן. די צאָל פאַרוואונדעטע פון ביידע זייטן איז געווען אַ סך גרעסער. די דאָזיקע אדזשיוואלער פּאָגראָם־כוואַליע ווערט גאַנץ גוט באַלויכטן אינעם באַ־שולדיקונגס־אַקט צום פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין יוני 1936. מיר וועלן דעריבער לאָזן רעדן דעם באַשולדיקונגס־אַקט, כאָטש ער פאַר־קלענערט שטאַרק די יידישע פיזישע און מאַטעריעלע קרבנות. ער גיט אָבער גאַנץ גוט איבער די גאַנצע גיהנום אַטמאָספער, וואָס האָט זיך גע־שאַפן ביי דער יידישער באַפעלקערונג; ער שילדערט גאַנץ בולט די דע־מאַגאָגיש פאַרברעכערישע אַרבעט פון דער נאַראָדאָווע־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פאַר וועלכער ס׳זענען כשר די נידערטרעכטיקסטע בילבולים און די ווילדסטע אויסטראַכטענישן, אַבי אויפצורייצן קעגן יידן; און ענדלעך גיט דער דאָזיקער אַקט, נישט ווילנדיק, אַ גלענצנדיק בילד פון דעם, צו וואָס ס׳קען דערפירן דאָס לאָזן פריי טרייבן אַ פּאָגראָם־העצע, ווי שווער ס׳איז נאָכדעם זיך שטעלן קעגן אַ מאַסע, וועלכע מען האָט געלאָזט פריי צערייצן און אונטערהעצן.

צום געריכט זענען צוגעצויגן געוואָרן 20 פּויערים פאַר שלאָגן יידן,

ראַבעווען און פּאַר שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער פּאָליציי. דער באַשולדיק־קונגס־אַקט באַשרייבט אַזוי די געשעענישן:

„זינט דעם יאָר 1935 דאַטירט זיך אַ לעבהאַפטע טעטיקייט פון דער ענדעקישער פּאַרטיי אויפן שטח פון דער גמינע אסא און די שכנותדיקע גמינעס. די ענדעקעס האָבן געפירט אַ פאַרצווייגטע פּראָפּאַגאַנדע און אַ ווערביר־אַקציע צווישן די פּויערים, אַזוי אַז אָפט האָט די גאַנצע דערוואַקסענע באַפעלקערונג פון די דערמאָנטע דערפער באַלאַנגט צו דער ענדעקישער פּאַרטיי. דערווירטשאַפטלעכער קריזיס אויפן דאָרף האָט געשאַפן אַ גינסטיקן באָדן פאַר דער אַגיטאַציע, וואָס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דעמאַגאָגישע אַנטי־יידישע לאָזונגען און וועלכע האָט געזען אין די יידן די איינציקע סיבה פון אַלדאָס בייז אין פוילן. צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער ענדעקישער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געלאָזט פילן דער באָיקאָט קעגן יידן, וואָס איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון נישט קויפן ביי יידן און אויך אָפּהאַלטן אַנדערע פון נישט קויפן ביי יידן. די דאָזיקע אַגיטאַציע, צוערשט אַ רואיקע און אַ באַהערשטע, איז שפּעטער, מיטן פאַנאַנדערוואַקסן זיך פון די קרייזן און מיט דעם אַריינציען די מאַסן אין די רייען פון דער ענדעקישער פּאַרטיי — אָן שום קאָנטראָל, אומפאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן, אָפט מיט אַ קרימינעלער פאַרגאַנגענהייט — געוואָרן שאַרפער און אָנגענומען געוואַלט־פאָרמען, פירנדיק אומפאַרמיידלעך צו אַנטי־יידישע עקסצעסן.

„מיטוואָך, דעם 20סטן נאָוועמבער 1935, זענען די מיטגלידער פון דער ענדעקישער פּאַרטיי אין אדזשיוואל, וועלכע זענען געווען פאַרזאַמלט אין זייער פּאַרטיי־לאָקאַל, אַרויס אויפן מאַרק, ווו ס׳איז פאָרגעקומען אַ יאַריד און בילדנדיק איניקע גרופּן, האָבן זיי אָנגעהויבן אַרומגיין איבערן מאַרק און אויפפאָדערן די אָנוועזנדיקע, וואָס האָבן זיך געדרייט צווישן די קרעמלעך און טישלעך, זיי זאָלן נישט קויפן ביי קיין יידן, אָנווייזנדיק, אַז די זעלבע סחורות קען מען קויפן ביי קריסטן. אַרום די דאָזיקע גרופּעס האָט זיך געשאַפן אַ צוזאַמענלויף פון מענטשן און אין אַ געוויסן מאָמענט, צוליב דער קעגנזייטיקער שטופּעניש פון המון, האָט מען אָנגעהויבן איבערקערן יידישע האַנדל־שטעלעס... אַ גרופּע פון 30—40 מאַן האָבן איבערגעקערט

דעם וואָגן פון ייד אַלעשיצקי, צעברעכנדיק דערביי אַ טייל פון די כלים און אַלעשיצקי אַליין איז שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן.

אַנדערע גרופּעס האָבן זיך אַוועקגעשטעלט נעבן די יידישע געוועלבער און אַ טייל פון זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין די געוועלבער, געהייסן זיך ווייזן סחורות, צוגענומען דאָס געוויזענע און אַרויס נישט באַצאָלנדיק גאָר־נישט דערפאַר. די סוחרים וואָס האָבן געפּאָדערט געלט פאַר זייער סחורה, זענען געוואָרן געשלאָגן... דעם סוחר יענקל באַריצקי האָט מען דערלאַנגט מיט אַ שטיין אין בויך, אַלטער וועקסלער האָט באַקומען צוויי קלעפּ אין פּנים און עטלעכע ציין זענען ביי אים געריירט געוואָרן. וועקסלערס פרוי האָט זיך געלאָזט לויפן נאָכן אָנפאַלער און אים פאַרהאַלטן, יענער האָט זי אָבער אָפּגעשטופּט, און די אָנטיילנעמער פון צוזאַמענלויף האָבן זי אַרומגערינגלט און אויך געשלאָגן״.

„אין ענלעכע באַדינגונגען האָבן זיך אויך אָפּגעשפּילט די עקסצעסן אין קומענדיקן מאַרק־טאָג, דעם 27סטן נאָוועמבער 1935, מיט דעם אונ־טערשיד בלויז, וואָס מען האָט נישט איבערגעקערט קיין יידישע שטעלעס, ווייל די יידישע הענדלער האָבן אויס מורא פאַר געשעענישן, אינגאַנצן זיי נישט אויפגעשטעלט. אין דעם דאָזיקן טאָג האָט מען אויך אוממיטלבאַר, נאָך אַ פאַרזאַמלונג אין לאָקאַל פון דער ענדעקישער פּאַרטיי, געגומען פאַרמאַכן יידישע געוועלבער און שלאָגן יידן.

„אַ גרופּע פון 150 מאַן זענען אַריין אין דער מיל פון משה קוטשינ־סקי און מיט דראָאונגען געצוווּנגען די פּויערים, וואָס זענען דאָרט געווען, צוצונעמען די אַהינגעבראַכטע תבואה. זיי האָבן אויך צעשעדיקט די „סטאַ־ווידלעס״, אַרויסגעלאָזט דאָס וואַסער און אָפּגעשטעלט די מיל. מען האָט צעשלאָגן די יידן: חיים לענגאַ, מאיר נייבערג, חיים מלינקעוויטש, יהושע מילשטיין, הערשל לייב גראָסקאָפּ, לאה פייפער און איציק באַריצקי. אין די ווינונגען פון לאה פייפער, פסח ראָזענהאָלץ, חיים לענגאַ, יאָסל לער־מאַן און אברהם קראַקאָווסקי, האָט מען אויסגעהאַקט די שויבן מיט שטעקנס און שטיינער. בעת דעם פאַרמאַכן די געוועלבער האָבן אַ פּאָר אָנפאַלער צעשלאָגן דעם ייד אבראַם ווינטרויב.

„...און אויך דאָס מאָל, הגם די וואַך איז פאַרשטאַרקט געוואָרן און גע־ציילט אַכט פּאָליציאַנטן, האָט מען נישט געקענט באַהערשן די געשאַפענע

סיטואַציע אָן דער נויטווענדיקייט פון באַנוצן הייס געווער צוליב דער שטאַרקער אַגרעסיווקייט פון המון. די פּאָליציי האָט אָנגענומען אַן אָפּ־וואַרטנדיקע שטעלונג, אָבסערווירנדיק די אַממערסטן טעטיקע יחידים און דאָס זענען געווען די שוין באַקאַנטע פון די געשעענישן פון 20סטן נאָוועמבער: אַנטאָני גרושעצקי, יוזעף כראָבאַק, פּיאָטר ווזשאַסקי און אַדאַם באַרטאָס פון דאָרף אסא. חוץ זיי אויך סטאַניסלאַוו גרושעצקי פון דאָרף זארקי, יאַן דזשובאַ און זשעמביצקי פון ביעלין. באַזונדערס האָט דער לעצטער, באַוואָפנט מיט אַ שלאגער פון אַ צעפּ, זיך באַטייליקט אין שלאָגן פיל יידן, און יאַן דזשובאַ האָט געוואָרפן אַ שטיין באַריצקין אין פּוס.

„צוליב דעם וואָס די עקסצעסן, וואָס זענען צוויי מאָל פאָרגעקומען אין אדזשיוואל, האָבן זיך איבערגעחזרט דעם 28סטן נאָוועמבער אין פּשיס־כע און לויט די צוזאַמענגעקליבענע אינפאָרמאַציעס האָבן זיי זיך אויך געגרייט אין אַנדערע ערטער און דאָס האָט שוין באַדראָט די נאָרמאַלע אָרדענונג און זיכערקייט, איז די זיכערקייט־מאַכט געווען געצוווּנגען אַרויסצוטרעטן אַקטיוו קעגן די פּערזאָנען, וועמענס טעטיקייט איז על־לול געווען צו שטערן די רו און אָרדענונג. אין דער נאַכט פון 29סטן נאָ־וועמבער 1935 זענען אין אדזשיוואל פאַרהאַלטן געוואָרן עטלעכע מיטגליי־דער פון דער ענדעקישער פּאַרטיי אונטערן חשד פון העצן צו אַנטי־יידישע עקסצעסן, דאַן האָבן די מיטגלידער פון אַגרעסיוון אַרויסטריט קעגן דער פאַראָרדענונג פון ז׳ער פּאָליציי אַרויסגעשיקט ספּעציעלע שליחים אין די שכנותדיקע דערפער.

„קורץ נאָכדעם האָבן קיין אדזשיוואל גענומען ציען מחנות פּויערים, ס׳רוב באַוואָפנט מיט שטעקנס, טייל האָבן געהאַט נאָך ווידלעס, העק און דאָס גלייכן. אַרום ניין אַזייגער איז אדזשיוואל געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן פון אַ פּויערים־מאַסע. די אויספאָרשונג האָט שפּעטער פעסט־געשטעלט, אַז די באַפעלקערונג פון די שכנותדיקע דערפער איז אַלאַר־מירט געוואָרן דורך ספּעציעלע שליחים און „לויפערס״; די וואָס האָבן נישט געוואָלט מיטמאַכן דעם מאַרש אויף אדזשיוואל, זענען דערצו גע־צוווּנגען געוואָרן דורך טעראָר, אַזוי, אַז גאָר אַ קליינער צאָל דערוואַקסענע מענער אין אַ גאַנצער רייע דערפער אין אַ קרייז פון אַכט קילאָמעטער איז געלונגען צו פאַרבלייבן אויפן אָרט.

„כדי אויפצוהעצן דעם עולם, האָט מען פונאַנדערגעשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די יידן האָבן אין אדזשיוואל אַרעסטירט דעם ביסקופּ סאַנדאָמירסקי, וואָס האָט דעם 28סטן נאָוועמבער געווײלט אין אדזשיוואל, אַז די יידן פּייניקן די גלחים און אויך, אַז די פּאָליציאַנטן אין אדזשיוואל זענען גאָרנישט קיין פּאָליציאַנטן, נאָר יידן, וואָס האָבן זיך איבערגעטון אין פּאָליציי־מונדירן. צווישן די העצער איז געלונגען פעסטצושטעלן נאָר געוויסע פּערזאָנען, ווייל אין די הויפּט־פּאַלן איז אַ נישט פעסטגעשטעלטע פּערזאָן פאַרבייגעפאָרן דורכן דאָרף אויף אַ פערד און האָט אַלאַרמירט די פּויערים צו קומען קיין אדזשיוואל.

„די פאַרזאַמלטע מחנות הינטער אדזשיוואל זענען זיך נישט פונאַנדערגעגאַנגען אויף דער אויפפאָדערונג פון דער פּאָליציי און האָבן מיט הורא־אויסגעשרייען אָנגעגריפן די פּאָליציי, באַוואָרפנדיק זי מיט זלזולים און דראָאונגען, האָבנדיק אַ באַפעל נישט צוצולאָזן דעם המון קיין אדזשיוואל, האָט די פּאָליציי פיל מאָל אָפּגעשטויסן די פּויערים־מאַסע, געגעבן וואָרענונג־זאַלפן און אַזוי ווי ס'האָט אין געוויסע פּונקטן נישט געווירקט און די סיטואַציע איז געוואָרן דראָענדיקער, איז געקומען צום אָנווענדן געווער, וואָס האָט געבראַכט הרוגים און פאַרוווּנדעטע".

דער דאָזיקער לאַנגער אויסצוג פון באַשולדיקונגס־אַקט באַשטעטיקט אין דער אויסגעשפּראָכנסטער פאָרעם, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז איבערגעלאָזן אויף הפקר. צוויי טעג האָט די מאַסע געווילדעוועט, געשלאָגן, געראַבעוועט, פאַרניכטעט יידיש האָב און גוטס און פּאָליציי האָט „אָבסערווירט" און „רעגיסטרירט". קיין חידוש נישט, וואָס די דאָזיקע, פאַרשכורטע פון רויב מאַסע האָט נאָכדעם נישט געגלויבט, אַז אמתע פּאָליציי טרעט אַרויס קעגן איר און האָט יאָ געגלויבט, אַז יידן האָבן זיך איבערגעטון פאַר פּאָליציאַנטן. בכלל זאָגט דער דאָזיקער דאָקומענט פריער פון אַלץ עדות, אַז די רעגירונג האָט אַליין דערלאָזט, אַז די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע זאָל באַקומען אַ גוואַלדיקע מאַכט איבער די פּויערישע מאַסן אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן געקענט די דאָזיקע מאַסע מאַכן גלויבן אין אומוואָרשיינלעכסטע און אומגעלומפּערטסטע בלבולים — ווי אַז יידן האָבן אַרעסטירט דעם ביסקופּ אָדער אַז זיי פּייניקן די גלחים. דער אַקט דערציילט נישט, אַז ס'איז דערהרגעט געוואָרן דער אָרטיקער איינוווינער

פּאָזנאַנסקי (64 יאָר) פון דער אייגענער באַנדע, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם פּאָגראָם אין אדזשיוואל. מיר באַקומען נישט פון באַשולדיקונגס־אַקט קיין פול בילד וועגן די פיזישע קרבנות און מאַטעריעלע הזיקות. דער אַקט איז יוצא מיט אַ פּאָר אַלגעמיינע פראַזן נאָר וועגן דער צייט ביזן 20סטן נאָוועמבער, אָבער די, וואָס האָבן איבערגעטראָגן אויף די אייגענע פּלייצעס דעם באָיקאָט און די שטיינער און שטעקנס, מיט וועלכע מען האָט געשטיצט דעם באָיקאָט, זיי, די אדזשיוואלער יידן, איז דאָס נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען. די ווערטער „צעשלאָגן יידן", מיט וועלכע דער באַשול־דיקונגס־אַקט באַניגנט זיך ביים באַשרייבן די אָנפאַלן, גיבן זייער שוואַך איבער דעם פאַרלויף פון די געשעענישן און נאָך שוואַכער גיבן זיי איבער די פיזישע ליידן פון די געליטענע. מיר קענען איצטער דערגאַנצן דעם באַשולדיקונגס־אַקט מיט אַ פּאָר בילדלעך, וואָס די יידישע עדות האָבן איבערגעגעבן אויפן פּראָצעס און אין געריכט. אָט דערציילט יעקב באַ־ריצקי, אַז צו אים אין געוועלב זענען אַריין כוליגאַנעס, אים געשלאָגן, אויסגעהאַקט פינף ציין, אומגעוואָרפן זיין פרוי און געטראָטן מיט די פיס, אויסגעהאַקט די שויבן און צוגענומען געלט.

און וואָס האָט געפסקנט דאָס געריכט, וואָס איז פאָרגעקומען אָנהויב יוני 1936? עס האָט פאַראורטיילט 4 אָנפאַלער צו איין יאָר טורמע; 10 צו זעקס חדשים און האָט אַלע אָפּגעלייגט די שטראָף אויף דריי יאָר. לויפן אַרום די דאָזיקע כוליגאַנעס פריי און טוען ווייטער זייער „פּאַטריאָטישע" אַרבעט.

אַבסאָלוט פון דעם זעלבן כאַראַקטער און פון דעם אייגענעם סטיל איז דער פּאָגראָם אין פּשיטיק, וואָס האָט געקאָסט דער יידישער באַפעל־קערונג דריי טויטע, עטלעכע צענדליק שווער פאַרוואונדעטע, נאָך מער לייכט פאַרוואונדעטע און גאָר גרויסע מאַטעריעלע שאָדנס. מיר וועלן אויך דאָ לאָזן רעדן דעם באַשולדיקונגס־אַקט, כאָטש ס'איז פאַרן סאַמע אויבער־פלעכלעכסטן לעזער קלאָר, אַז דער פּראָקוראָר, דער מחבר פון דעם דאָ־זיקן אַקט, האָט געהאַט אַן אויסגעשפּראָכן קלאָרע טענדענץ צו מאַכן יידן שולדיק אין פּאָגראָם, ריינוואַשן די אמתע פּאָגראָמשטשיקעס און מאַכן צו נישט די יידישע פיזישע ליידן און מאַטעריעלע שאָדנס.

ס'וואָלט אוודאי געווען כדאי צו ברענגען דעם דאָזיקן, אין אַלע פּרטים,

אינטערעסאַנטן און וויכטיקן דאָקומענט אינגאַנצן. ליידער, דערלויבט אונדז נישט דער פּלאַץ און מיר וועלן זיך מוזן באַגנוגענען מיט גרעסערע אויס־צוגן.

„דאָס שטעטל פשיטיק, וואָס ליגט אין ראַדאָמער קרייז און ציילט אַ באַפעלקערונג פון 3.000 נפשות, דאַרונטער כמעט 90 פּראָצענט יידן, איז זייט אַ לענגערע צייט געווען אַן אַרענע פאַר אַנטי־יידישע עקסצעסן, וואָס פלעגן פאָרקומען באַזונדערס אין מאַרק־טעג און זענען געווען אַ רעזולטאַט פון דער באָיקאָט־אַגיטאַציע פון דער ענדעקישער פּאַרטיי. די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען האָבן זיך נישט באַגרענעצט מיט אויפפאָדערונגען צו דער דאָרפישער באַפעלקערונג, וואָס קומט אויפן יאַריד, נישט צו קויפן ביי יידן, נאָר איז געווען פאַרבונדן מיט דראָען די קונים, שלאָגן זיי, רואינירן יידי־שע געוועלבער, אויסהאַקן שויבן אין יידישע הייזער. די אַקציע האָט זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט זינט די געשעענישן אין אדזשיוואל סוף נאָוועמבער 1935, ווען ביים אַנגרייפן פּאָליציי זענען דערהרגעט געוואָרן עטלעכע פּוי־ערים. טעראָר־אַקטן זענען אויך פאָרגעקומען אין דער געגנט פון פשיטיק, וועגן וועלכע עס פלעגט דערגיין איבערגעטריבענע קלאַנגען אין שטעטל, פאַרגרעסערנדיק די נערוואָזיטעט ביי דער יידישער און אויך קריסטלעכער באַפעלקערונג. צו דער פאַרשאַרפונג פון די באַציאונגען האָט אויך בייגע־טראָגן דער פאַקט, וואָס אין פשיטיק זענען צוגעקומען עטלעכע קריסטלע־כע געשעפטן".

נאָכדעם ווי דער באַשולדיקונגס־אַקט באַשרייבט, ווי דער המון האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער פּאָליציי, ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָ־גראָם און אויך ווי ס'איז געפאַלן פון אַ שאָס דער קריסט וויעשניאַק, גיט ער דאָס פאָלגענדיקע בילד פון פּאָגראָם גופא:

„די עקסצעסן פון המון האָבן זיך אָנגעהויבן אויף דער וואַרשעווער גאַס, נישט ווייט פון בריק. צוערשט האָט זיך דער המון אַריינגעריסן אין דער וווינונג פון רחל מילשטיין. מען האָט אַראָפּגעריסן די לאָדנס, אויס־געהאַקט די פענצטער, דורך וועלכע מען איז אַריין אינעווייניק. מען האָט אומגעוואָרפן דעם בופעט, צעהאַקט טיש און שענק. רחל מילשטיין און הערש פיש האָבן זיך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן. אויף דער זעלבער גאַס האָט אַלעקסאַנדער פּיטלעווסקי צעשלאָגן מיט אַ שטעקן חיה האָלצמאַן

און יוזעף טקאַטשיק האָט מיט אַ שטעקן, וואָס איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ דראָט, צעשלאָגן משה בוימאייל. ערשט אויף די פאָרשטעט זאַכענטאַ און פּאָדגאַיעק איז געקומען צו עקסצעסן אין אַ גרעסערן פאָרמאַט. גרופּעס צו 20—30 פּערזאָן, באַוואָפנט מיט דרענגער, האָבן זיך אַריינגעריסן אין די ווױנונגען, מען האָט דעמאָלירט עטלעכע צענדליק יידישע ווױנונגען, אַרויסרייסנדיק די טירן און פענצטער מיט אייזערנע שטאַבעס. אין די ווױנונגען און געשעפטן האָט מען פאַרניכטעט דאָס מעבל און סחורות. מען האָט זיי אויך מיטגענומען.

„... די וויכטיקסטע פאַלן זענען פאָלגענדיקע: אין דער ווױנונג פון שרה באָרענשטיין האָבן זיך אַריינגעריסן אַ גרופּע אָנפאַלער. איינער פּיט־לעווסקי האָט צעשלאָגן פּרוי בארענשטיין, אַנדערע — גדליה העמפּלערן. אין דער ווױנונג פון יעקב באָרענשטייך, וועלכער איז פאַרוואונדעט געוואָרן צוזאַמען מיט זיין פרוי מיט דרענגער און שטיינער, האָט מען אויך פאַר־ניכטעט די שענק, שטולן און טישן. בעת דער אויספאָרשונג האָט מען געפונען אין דער ווױנונג 48 שטיינער פון פאַרשידענער גרייס. אין ווױנונג און געשעפט פון הינדע באָרענשטייך און אין אַ צווייט הויז האָט מען צעהאַקט דעם אויוון, די בעטן, אויפגעטרענט די פּערינעס און אויסגע־האַקט די פענצטער. אין דער ווױנונג פון מאיר־לייב טאבער, וועלכער איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן, האָט מען אויף די ווענט פעסטגעשטעלט בלוט־צייכנס און געפונען ווידלעס, אייזערנע שטאַנגען, שטיינער און דרענ־גער. אין געוועלב פון דער יידישער פרוי פּזשיבישעוויטש האָבן זיך אַריינ־געריסן העכער 10 פּערזאָן, דורכגעבראָכן דריי פּאָר טירן און צום סוף אין לעצטן צימער באַפאַלן ישראל פּזשיבישעוויטש און צעבראָכן אים די לינקע האַנט. אויפן בעט אין קיך האָט מען דערנאָך געפונען דרענגער מיט בלוט־צייכנס. אין דער ווױנונג פון חיה פרידמאַן האָט מען אַרויס־געריסן די פענצטער און אָנגעהויבן שלאָגן די פרוי מיט שטעקנס. חיה פריד־מאַן, וועלכע איז געווען די פינפטע וואָך נאָך אַ קימפּעט, האָט מיט איר אייגענעם קערפּער באַשיצט דעם זויגלינג; די איבעריקע קינדער האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון דער ווױנונג. באַזונדערס האָט געליטן די ווױ־נונג פון אַלטער קאָזלאָווסקי. אַ גרופּע פון 30 פּערזאָן האָט אויסגעבראָכן די פענצטער און טירן, אַריינגעוואָרפן שטיינער און צעהאַקנדיק פולשטענ־

דיק די שאַנק, אין וועלכער עס האָט זיך געהאַט באַהאַלטן קאָזלאָווסקי מיט די קינדער.

„אויף דער פאָרשטאָט פּאָדגאַיעק האָט מען רואיגירט אַן ערך 15 וווי־נונגען. אין געשעפט און וווינונג פון בער טאבער האָט מען צעבראָכן דאָס גאַנצע מעבל און טאבער אַליין האָט מען פון אַ שטיין באַקומען פינף קאָפּ־ווונדן און געפינט זיך אין אַ שווערן צושטאַנד. די ווענט זענען געווען באַשפּריצט מיט בלוט. בלוט־סימנים האָט מען אויך געפונען אויפן אויוון און אפילו אויפן סופיט. אין דער וווינונג האָט מען געפונען 60 שטיינער. מיט שטיינער האָט מען אויך אויסגעהאַקט די טירן און פענצטער פון דער וווינונג פון פייגע שוך, וועלכע האָט באַהאַלטן אירע 8 קינדער אויפן בוידעם און אַליין געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דעם המון כדי אים נישט אַרויפלאָזן אויפן בוידעם און אַזוי אַרום ראַטעווען די קינדער. פייגע שוך האָט מען צעשלאָגן מיט שטעקנס, זי האָט באַקומען דריי קאָפּ־ווונדן, אַ סך ווונדן אויף דער ברוסט און פּלייצע און האָט אויך באַקומען באַשעדיקט די חוט־השדרה.

„די 70־יאָריקע יוכבד פּאַלאַנט איז בעת די עקסצעסן אַרויסגעלאָפן אין גאַס, כדי זיך צו דערוויסן וועגן דעם גורל פון אירע קינדער. דער המון האָט זי אַרומגערינגלט און געשלאָגן מיט שטעקנס. זי איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. חוץ דעם זענען דעמאָלירט געוואָרן אַ ריי אַנדערע וווינונגען אין די פאָרשטעט זאַכענטאַ און פּאָדגאַיעק. דער שאַרפסטער אויסדרוק פון פאַרווילדערונג פון המון איז געקומען אין הויז פון שמיד ראַגולסקי, לעבן וועלכן מען האָט אַוועקגעלייגט וויעשניאַקס טויטן קער־פּער. אין דעם הויז האָט זיך דער המון אַריינגעריסן אין דער וווינונג פון שוסטער יוסף מינקאָווסקי. מיט אַ שטיין, וואָס איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן דורכן פענצטער, איז געטראָפן געוואָרן דער 15־יאָריקער גבריאל מינ־קאָווסקי, וועלכער איז געפאַלן אָן באַוווסטזיין. די אַנדערע דריי זין פון מינקאָווסקין אין עלטער פון 6 ביז 14 יאָר האָבן זיך באַהאַלטן אונטערן בעט. דאָס פאָרפאָלק מינקאָווסקי איז אין דעם לעצטן מאָמענט אַרויסגע־לאָפן אין פּאָדערצימער און דאָרט איז דערהרגעט געוואָרן יוסף מינקאָווסקי און נעבן אים איז געפאַלן אונטער די קלעפּ פון די שטאַנגען — חיה מינקאָווסקי, וועלכע איז געשטאָרבן נאָכן איבערפירן אין שפּיטאָל.

## ערב חורבן

„פון אונטערן בעט האָט מען אַרויסגעשלעפּט דעם 6־יאָריקן שמואל מינקאָווסקי און אים געשלאָגן מיט דרענגער איבערן קאָפּ. הערש און אליהו מינקאָווסקי זענען ניצול געוואָרן, זייענדיק באַהאַלטן טיף אונטערן בעט. די אַנאַטאָמישע סעקציע איבער די קערפּערס פון ביידע מינקאָווסקיס האָט אַרויסגעוויזן, אַז יוסף מינקאָווסקי האָט באַקומען 5 קאָפּ־ווונדן, דער־פון 3 טויט־ווונדן. ביי חיה מינקאָווסקי האָט מען פעסטגעשטעלט 3 שווערע ווונדן, דערביי איז אַ טייל פון די געהירן פאַרניכטעט געוואָרן. שווער פאַרווונדעט איז אויך גבריאל מינקאָווסקי. דער 6־יאָריקער שמואל מינ־קאָווסקי האָט באַקומען 3 קאָפּ־ווונדן. גבריאל מינקאָווסקי האָט צוליב דער פּסיכישער דערשיטערונג נישט געקענט געבן קיין דערקלערונגען.

„אויפן סמך פון אַ סך עדות־דערקלערונגען זענען אַ רייע אָנפאַלער צוגעצויגן געוואָרן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דערמאָרדן דאָס פּאָרפאָלק מינקאָווסקי און פאַרווונדן זייער זון. מינקאָווסקיס קערפּער איז געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט. אין צימער האָט מען געפונען 20 שטיינער, אַ צע־בראָכענעם שטעקן און אַ פאַרבלוטיקטע האַק.

„דער טויט פון די מינקאָווסקיס און די פאַרניכטונג פון זייער וווינונג האָט, ווייזט אויס, אויסגעשעפּט די האַס־געפילן פון המון און געזעטיקט זיין נקמה־דורשט. די עקסצעסן האָבן זיך ביסלעכווייז אָפּגעשטעלט.

„לערך אין דער זעלבער צייט זענען אין צווייטן עק פון פּשיטיק, אויף די אַזוי גערופענע „פּיאַסקעס", יונגע פויערים באַפאַלן דעם ייד חיים בוימאייל און אים געוואָלט אַריינוואַרפן אין וואַסער. נאָכדעם זענען באַ־פאַלן געוואָרן מיט שטעקנס און מעסערס די פערד־הענדלער שלמה טעפּער און א. בערקאָוויטש (צעבראָכן די נאָז) און שווער פאַרווונדעט אברהם גאָלדבערג (אַ סך קאָפּ־ווונדן און צעבראָכן די לינקע האַנט)".

בשעת מיר שרייבן די דאָזיקע אַרבעט גייט נאָך דער פּשיטיקער פּראָ־צעס אין ראַדאָם. פאַר די צוויי וואָכן, וואָס דער פּראָצעס דויערט, איז יעדנפאַלס געוואָרן קלאָר, אַז די 14 יידישע באַשולדיקטע קען מען העכסטנס חושד זיין אין פּרווון זיך פאַרטיידיקן. אָט דער דאָזיקער פּרווו פון מענטשן, אַרומגערינגלטע פון אַלע זייטן פון צעווילדעוועטע און אָנגערייצטע מאַסן, זיך צו שיצן, פאַרטיידיקן ווייבער און קינדער, זיך נישט לאָזן קוילן ווי שאָף, ענטפערן מיט מענטשלעכער ווירדע און ערע אויף אָנפאַלן און שלאָ־

גערייען, כאַפּן אַ שטיק אייזן אין האַנט, ווען יענער הויבט אויף דיר אויף אַ מעסער — אָט דער דאָזיקער אמת מענטשלעכער מאָמענט אין גאַנצן פּראָ־צעס איז אויך דער איינציק ליכטיקער מאָמענט. די מערדער און רויבער, שלעגער און אָנפאַלער האַלטן זיך אין געריכט אַזוי חוצפּהדיק, אַזוי אַן אַ ברעקל חרטה, אַזוי צופרידן מיט זיך, דערביי מיט אַ שטילן, אָבער קלאָרן דראָען ביי דער ערשטער מעגלעכקייט ווייטער צו שלאָגן און מאָרדן יידן נאָך מיט מער היץ און אכזריות, אַז ס׳כאַפּט אָן אַ שוידער. און דערביי הערשט צווישן די, וואָס זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק און זייערע „אַליבי־עדות״ און זייערע חברים־אַדוואָקאַטן אַ רירנדיקע האַרמאָניע און חוצפּה. זיי אַלע פילן זיך ווי העלדן, ווי נאַציאָנאַלע קעמפער, ווי ערשט־ראַנגיקע פּאַטריאָטן.

דער פּראָצעס אין ראַדאָם האָט אָבער אויך באַוויזן, אַז דער באַשול־דיקונגס־אַקט האָט ווייט נישט אויפגעדעקט דעם גאַנצן אמת: אי די פיזישע, אי די גייסטיקע ווונדן זענען געווען אַ סך מער און אַ סך טיפער; די מאַטעריעלע היזקות קען מען בכלל נישט מעסטן מיט די אוממיטלבאַרע שאָדנס פון אויסגעהאַקטע שויבן, אויסגעבראָכענע טירן, צעבראָכן מעבל, צעריסענע וועש און בעטגעוואַנט, צערויבטע סחורות און צעהאַקטע און פאַרניכטעטע האַנדל־שטעלעס. ס׳איז פאַראַן אַ גרעסערער היזק: אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָכן פּשיטיקער פּאָגראָם האָט שוין די אַנטיסעמיטישע צייטונג „דזשעננִיק נאַראָדאָווי״ מיט שמחה דערציילט, אַז אין שטעטל איז געוואָרן וויניקער מיט אַ פּאָר צענדליק יידישע מאַרק־שטעלעס און ס׳איז געוואָרן מיט אַ פּאָר צענדליק קריסטלעכע מאַרק־שטעלעס מער; אַז אין אדזשיוואל זענען אויפגעקומען 8 פּוילישע מאַרק־שטעלעס און 6 געוועל־בער; אין דזשעוויצע נייע קריסטלעכע 4 קראָמען; אין אָפּאָטשנע צוויי נייע קריסטלעכע יאַטקעס; אין קאָנסקע 3 נייע קריסטלעכע יאַטקעס. און דאָס שמחה־אַרטיקל ענדיקט זיך: „מען פאַרשפּאָרט מוסיף זיין, אַז יידן דער־וועגן זיך נישט צו ווייזן אין די אַרומיקע דערפער. ווי די פּראַקטיק ווייזט, קען מען זיך באַגיין אָן יידן״*).

נאָך פאַרן פּאָגראָם פון 1936 האָט דער „טיגאָדניק פּאָליטישני״ — אַ וואָכנבלאַט פון דער נאַראָדאָווע־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — געשריבן

*) „דזשענניק נאַראָדאָווי״, 25סטן מערץ 1936, וואַרשע.

(16טן פעברואַר 1936): „נאָך די לעצטע געשעענישן אין אָפּאָטשנע האָבן זיך די אַנטי־יידישע שטימונגען אַזוי פאַרשטאַרקט, אַז יידן האָבן שוין פּשוט נישט מיט וועמען צו האַנדלען. לויטן מאַטעריאַל פון די פּשיטיקער יידן צום סטאַראָסטע טעראָריזירן די ענדעקעס די יידישע קראָמען און מאַרק־שטעלעס. אונדז אינטערעסירט נישט, צי דאָס לעצטע איז אמת. אַ פאַקט איז, אַז 600 יידישע משפחות אין פּשיטיק האָבן איצט נישט קיין מעגלעכקייט צו פאַרדינען און שטייען פאַר הונגער־טויט אָדער... עמיגראַציע. ס'איז זייער וואַרשיינלעך, אַז שוין גאָר אין גיכן וועט אויפן אָרט פון יידישן פּשיטיק, אויסוואַקסן אַ ריין פּוילישער פּשיטיק".

ווי דער פּראָצעס אין ראַדאָם זאָל זיך נישט ענדיקן, דער נצחון פון די ענדעקעס איז אַ זיכערער — זייער ציל ווערט אַ סך לאַנגזאַמער פאַרווירקלעכט, ווי זיי ווילט זיך, אָבער פּשיטיק איז אויפן וועג צו ווערן „ריין־פּויליש", וואָרום די שטימונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג איז מער ווי אַ פאַרצווייפלטע. ביז 150 משפחות האָבן שוין פאַרלאָזט פּשיטיק און מיט וועמען מען רעדט פון די פּשיטיקער יידן, הערט מען איין פראַזע: „אין פּשיטיק וועט בעסער נישט ווערן! אין פּשיטיק וועט בעסער נישט ווערן!"*).

מיר זענען צוגעקומען צום פּאָגראָם פון מינסק־מאַזאָוויעצק, וואָס האָט געדויערט פון 1טן יוני אָוונט ביזן 5טן יוני 1936.

מינסק־מאַזאָוויעצק ליגט 37 קילאָמעטער פון וואַרשע, אַ שעה פאָרן מיט דער באַן און דריי פערטל שעה פאָרן מיט אַן אויטאָמאָביל. אַלזאָ, כמעט אַ פאָראָרט פון דער הויפּטשטאָט פון פּוילן.

---

*) דעם 26סטן יוני 1936 איז באַקאַנט געוואָרן דער פאָלגענדיקער אורטייל פון ראַדאָמער געריכט וועגן דעם פּשיטיקער פּאָגראָם: יחיאל לעסקאָ האָט באַקומען 8 יאָר תפיסה; אליעזר קירשענצווייג — 6 יאָר תפיסה; ישראל פרידמאַן — 5 יאָר; אליעזר פעלדבערג — 10 חדשים; יעקב האַרבורגער — 10 חדשים; לייבל לענקאָ און משה פּערטש — יעדערער צו 6 חדשים. דאָס איז דער אורטייל פון די יידישע אָנגעקלאָגטע — דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך פאַרטיידיקט; וואָס איז נוגע די 42 פּוילישע אָנגעקלאָגטע, וואָס האָבן דעם פּאָגראָם געמאַכט, האָבן זיי באַקומען לייכטע שטראָפן — פון 6 חדשים ביז אַ יאָר תפיסה; די פיר אָנגעקלאָגטע פּאָליאַקן, וועלכע דער פּראָקוראָר האָט באַשולדיקט אין מאָרד פון דעם פּאָרפּאָלק מינקאָווסקי, זענען אינגאַנצן באַפרייט געוואָרן. דער דאָזיקער אורטייל האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע אויפרעגונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַנץ פּוילן און דעם 30סטן יוני איז פאָרגעקומען אַ פּראָטעסט־שטרייק פון יידן איבערן גאַנצן לאַנד.

פון אַנטיסעמיטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס געווען דער אידעאַלסטער, דער רעזולטאַט־רייכסטער און ווירקזאַמסטער פּאָגראָם. פון 6.000 יידישע נפשות פון דער דאָזיקער שטאָט זענען אַנטלאָפן העכער פיר טויזנט! מער ווי צוויי דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט איבערגעלאָזט אויף הפקר זייער האָב און גוטס און אַנטלאָפן. מען האָט אויך איבערגעלאָזט די אַלטע און קראַנקע. אַזוי גרויס איז געווען די פּאַניק, אַזוי טיף איז שוין געזעסן דער פּחד אין די נשמות, אַזוי שטאַרק האָט שוין געהערשט די שרעק איבער די מוחות. און דווקא דער דאָזיקער פּאָגראָם האָט נישט געהאַט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פּאָגראָמען, קיין פאַרלוסט אין מענטש־לעכע קרבנות — קיין הרוגים זענען דאָ נישט געווען; פון די העכער 50 פאַרווונדעטע איז די מערהייט געווען לייכט געטראָפן און נאָר 10 אָדער 12 שווער — דער 19־יאָריקער זון פון פאַרווונדעטן געלבאַרד איז משוגע געוואָרן פון שרעק און ער איז איצט אין אַ וואַרשעווער שפּיטאָל. ער שרייט: „ראַטעוועט! מען שלאָגט!". כאַראַקטעריסטיש פאַר מינסק־מאַזאָ־וויעצקער פּאָגראָם איז אויך דאָס, וואָס מען האָט ווייניק געראַבעוועט, מען האָט מער פאַרניכטעט, רואינירט, אַ תל געמאַכט.

ווי די אָרטיקע מענטשן האָבן דאָס כאַראַקטעריזירט, איז די זאַך געווען אַזוי: די פּאַרטייאישע, די „אידעאישע פּאָגראָמשטשיקעס", האָבן געהאַט אַ באַפעל, נישט דערפירן צו אַ גרויסן פאַרלוסט אין מענטשלעכע קרבנות און נישט ראַבעווען, אַלזאָ, איינהאַלטן דעם עקאָנאָמישן כאַראַקטער פון קאַמף און אָפּהיטן דעם „אידעאישן כבוד" פון קאַמף. אַ שטיין אין קאָפּ, אַ שטעקן איבער דער פּלייצע, אויסהאַקן אַ שויב, צעברעכן טירן, מעבל, צערייסן בעטגעוואַנט און וועש, באַגיסן סחורה מיט נאַפט און איבערמישן צוקער מיט זאַלץ — דאָס אַלץ ווערט גערעכנט פאַר אַן אַקט אין די ראַ־מען פון „עקאָנאָמישן" קאַמף, פאַר גרענעצן פון „גייסטיקן" קאַמף. און נאָר די צוגעשטאַנענע, נישט אָרגאַניזירטע און נישט דיסציפּלינירטע פּאָ־גראָמשטשיקעס און סתם קרימינעלע עלעמענטן האָבן איבערגעטראָטן די נאָר וואָס אָנגעוויזענע גרענעצן און האָבן געשלאָגן ביז בלוט און ביז מאַכן פאַר קאַליקעס, געראַבעוועט און געשלעפּט אַהיים קליידער און בכלל סחורות.

אין דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק שטעקט אַ גרויסע מאָס אמת. די

אָרגאַניזאַטאָרן פון פּאָגראָם, ווי גרייט זיי זאָלן נישט זיין אויך אויף מאָרד און אויף בלוטיקע אָנפאַלן, האָבן מער געצילט צו מאַכן לויפן די יידישע באַפעלקערונג, אונטערהאַקן די וואָרצלען, וואָס בינדן די יידן צו דער שטאָט; אָפּרייסן אויף אַ וואָס לענגערע צייט פון זייערע באַשעפטיקונגען, בכלל פּאַראַליזירן וואָס מער זייער עקאָנאָמישע טעטיקייט און פאַרשטאַרקן אין דער יידישער באַפעלקערונג די טענדענצן און טרוימען וועגן אויס־וואַנדערן.

און באמת: אַכט טעג נאָכאַנאַנד זענען אַלע יידישע געשעפטן געווען געשלאָסן און אין אַלע יידישע וואַרשטאַטן האָט מען נישט געאַרבעט. און ווייטערע אַכט טעג האָט געדויערט ביז מען האָט צו ביסלעך געעפנט די קראָמען און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

אַז די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם פּאָגראָם איילן זיך צו שניידן מיט פרייד, וואָס זיי האָבן געזייט מיט שמחה, איז פאַרשטענדלעך און אויך נאַטירלעך. האָט טאַקע די גאַנצע אַנטיסעמיטישע פּרעסע אויפגעהויבן אַ קאָלאָסאַלע אַגיטאַציע, אַז פּאָליאַקן זאָלן אויסנוצן דעם גינסטיקן מאָמענט און פאַר־כאַפּן די יידישע פּלעצער.

דער „דזשענניק נאַראָדאָווי" פון 8טן יוני 1936 שרייבט אַזוי:

„דעם פאַרגאַנגענעם מיטוואָך, ד"ה דעם 3טן יוני, איז פאָרגעקומען אַ יאַריד אין מינסק־מאַזאָוויעצק. דאָס מאָל איז עס געווען אָן יידן. אויף די פּוילישע שטעלעכלעך און אין די פּוילישע קראָמען זענען געמאַכט גע־וואָרן גרויסע אומזאַצן. פאַרן פּוילישן האַנדל און מלאכה אין מינסק־מאַזאָ־וויעצק האָבן זיך געעפנט נייע, גרויסע פּערספּעקטיוון. מען דאַרף זיי אויסנוצן! מען דאַרף נעמען דעם האַנדל און די מלאכה אין אייגענע הענט!

„וואָס עס פעלט, צו וואָס מ'דאַרף זיך נעמען — דרינגט אַרויס פון דער אָנגעגעבענער סטאַטיסטיק. פאַראַן אָרט פאַר קראָמען פון שפּייז, לייוונט, גאַלאַנטעריע, פון מלבושים, לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים, פליייש־יאַטקעס. ס'זענען נויטיק שניידערס, שוסטערס, היטלמאַכערס, ריי־מערס, און דער סטראַגאַן־האַנדל גיט אויסערגעוויינלעכע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן".

אין טאָג פון ערשטן יאַריד נאָכן פּאָגראָם האָט די ענדעקישע פּאַרטיי

אַרויסגעלאָזט אַ לעגאַלן אויפרוף, וועלכער איז געוואָרן פאַרשפּרייט אין מאַרק אין טויזנטער עקזעמפּלאַרן. אָט איז זיין אינהאַלט:

„פּאָליאַקן, סוחרים, האַנטווערקער! די מערהייט אין פּוילישן האַנט־ווערק און האַנדל בילדן יידן! די פּוילישע וואַרשטאַטן גייען אונטער. אונטער דער לאַסט פון שטייערן, נויט און יידישער קאָנקורענץ!

„די יידישע גמילות־חסדים קאַסעס, די יידישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַ־ניזאַציעס גיבן אויס מיליאָנען אויף צו פאַרניכטן די קריסטלעכע „פּלאַ־צוווקעס".

„לאָמיר שאַפן קריסטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זאָלן זיין פעאיק אָפּצושלאָגן דעם דאָזיקן אָנגריף!

„דער פויער און דער אַרבעטער פאָדערן פּוילישע געוועלבער, פּוילישע סטראַגאַנעס און פּוילישן האַנטווערק.

„דאָס אַנטי־יידישע פּוילן וועט מינימום פאַרדרייפאַכן די הכנסות פון פּוילישע וואַרשטאַטן, וועט שאַפן טויזנטער נייע קריסטלעכע „פּלאַצוווקעס".

„פאַרלייגט פּוילישע וואַרשטאַטן דאָרט, וו ס'האָט יאָרן לאַנג געוועל־טיקט דער „קאַפּאַטשאַרזש", ברענגט אין אייערע וואַרשטאַטן סחורות, מיט וועלכע ס'האָט ביז אַהער געוועלטיקט דער ייד.

„אָרגאַניזירט אייך אין די רייען פון דער פּוילישער נאַציע! אונדזער לאָזונג איז די אחדות פון די פּאָליאַקן!"

חוץ דעם דאָזיקן לעגאַלן אויפרוף איז אָבער נאָך געווען אַן אומלעגאַ־לער, וואָס רעדט שוין גאָרנישט מיט אַזאַ „עקאָנאָמישן לשון". דער אומ־לעגאַלער אויפרוף לייענט זיך אַזוי:

„די יידישע קאָמונע האָט בעסטיאַליש, געמיין דערמאָרדעט דעם וואַכ־מייסטער בויאַק; פון יידישע קוילן זענען געפאַלן וואַצלאַווסקי, גראָטקאָוו־סקי, וויעשניאַק. אין לעמבערג האָט זיך געגאָסן בלוט. אין די שטעט דעמאָנסטרירט דער ייד און שרייט: „נידער מיט דער אַרמיי, נידער מיט דער קירך! די שנאה צו דער אַרמיי איז געשטעמפּלט געוואָרן מיט אַ שאָס קעגן די, וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון פּוילן. פּאָליאַקן, איר האָט געשווירן ביי דער טרומנע פון בויאַקן צו קעמפן אַזוי לאַנג, ביז עס וועט זיך צעפאַלן אין שטויב די יידישע „זאַוויערוכע". דאָס פאַ־דערט פון אייך דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון זעלנער, די מאַיעסטעט פון דער

אַרמיי, וואָס איז די הייליקייט פון פוילן. פויער, אַרבעטער און אינטעלי־גענט! אין איין רייע צום קאַמף מיט דער יידישער קאָמונע. פאַר געוואַלט באַצאָלן מיר מיט געוואַלט, פאַרן בלוט פון זעלנער — בלוט פון יידן! טויט די יידן!".

פון די נאָר וואָס געבראַכטע דאָקומענטן, וועלכע מען וואָלט געקענט ברענגען אָן אַ שיעור, ווייל צענדליקער צייטונגען שרייבן אַזוי טאָג־טעגלעך און די אומלעגאַלע אויפרופן האָבן אָפּט אַ נאָך מער מערדערישן אינהאַלט, ווערט קלאָר דער ענגער צוזאַמענהאַנג צווישן דעם קאַמף קעגן קאָמוניזם און דעם אויסשטרעקן די האַנט צו דער מאַרק־בודקע, ביי וועלכער ס'שטייט דער אָרעמער ייד. דער פאַטריאָטישער עולם־הבא ווערט דאָ גאַנץ אָפן קאָמפּראָמעטירט דורך דעם מאַרק־עולם־הזה.

זאָל דאָ אויך פאַרנאָטירט ווערן, אַז אין מינסק־מאַזאָוויעצק זענען גע־ווען גאָר אַ סך פאַלן, ווען קריסטן האָבן גישט נאָר אויסבאַהאַלטן זייערע יידישע שכנים, נאָר זיי אויך פאַרטיידיקט און זיך איינגעשטעלט פאַר זיי. ס'זענען אויך געווען געגנוג פאַלן, וואָס באַווייזן, ווי דער האַס־פּסיכאָז איז קלעפּיק און אַנשטעקנדיק, אָבער צו דעם זענען מיר געוווינט. מער איינ־דרוק מאַכן דעריבער די פאַלן, וואָס באַווייזן, אַז ס'זענען נאָך פאַראַן מענ־טשן, וועלכע ווערן אויפגעציטערט פון יעדער ווילדער אַטאַקע, זאָל זיין אפילו אויף יידן...

## 5

דער פּערמאַנענטער און מגפה־כאַראַקטער פונעם פּאָגראָם אויפן פּוי־לישן יידנטום טרעט אַרויס אין זיין אויסגעשפּראָכנסטער און קלאָרסטער פאָרעם ערשט אין דער רשימה פון די שטעט, ווו ס'זענען געווען אָנפאַלן, עקסצעסן, אויפרייס־באָמבעס, שטינק־באָמבעס, קלעפּ, ווונדן פון מעסער־שטעכן, שטעקנס און אייזנס איבער די פּלייצעס. פאַר מיר ליגט אַ רשימה פון העכער 150 שטעט און שטעטלעך, ווו ס'זענען געווען אָנפאַלן, און פון וועלכע אַ סך געפינען זיך אין משך כמעט פון גאַנצן יאָר אונטערן פייער פון שלאָגן און האַקן שויבן, שטעכן און וואַרפן באָמבעס. דאָ טרעט אַרויס, אין זיין בולטסטער פאָרעם — דער אייגנאַרטיקער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער פּוילישער פּאָגראָם־כוואַליע. אָרגאַניזירט פון אַ לעגאַלער מאַסן־

פּאַרטיי, שטיצט זיך דער פּערמאַנענטער פּאָגראָם אויף אַקטיווע און פּאַסיווע סימפּאַטיעס פון די ברייטסטע קרייזן פון אַלע פּוילישע קלאַסן. פּאַראַליזירן די יידישע ענערגיע, שאַפן אַ פּאַניק ביי דער יידישער באַפעלקערונג, דעזאָרגאַניזירן די יידישע געזעלשאַפט; אַרויסרייסן מיט געוואַלט פון יידישע הענט פּרנסות און באַשעפטיקונגען, ווענדן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון יידישן יחיד און יידישן כלל אויף אַנטלויפן, אויף אויסוואַנדערן, אויף ראַטעווען זיך; אָפּשוואַכן אויף אַזאַ אופן דעם מוט צו קעמפן פאַר איינגעהאַלטענע פּאָזיציעס — אָט דאָס אַלץ שרייט אַרויס ממש פון די צענדליקער און הונדערטער איבערפאַלן און רציחות, וואָס פאַרשפּרייטן זיך ווי אַ מגפה און האַלטן אָן חדשים און יאָרן לאַנג.

פון אַ רשימה, וואָס נעמט אַרום די צייט פון מאַי 1935 ביז אויגוסט 1936, זעט מען, אַז די כוואַליע וואַקסט פון חודש צו חודש הן אין געאָגראַפישן זין, פאַרכאַפּנדיק אַלץ אַ גרעסערע טעריטאָריע, הן אין אינטענסיווקייט, ווייל די צאָל פאַרוווּנדעטע אין יעדן פּונקט ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער.

דאָס צעטל מיט די נעמען פון די פאַרוווּנדעטע באַטרעפט 762 און דאָס זענען דאָס רוב שווער פאַרוווּנדעטע, וועלכע זענען אָנגעקומען צו מעדיצינישע הילף און האָבן זיך רעגיסטרירט און דעריבער זענען זייערע נעמען באַקאַנט. אין דער רשימה פון די שטעט און שטעטלעך האָבן מיר אָנגעציילט 1.289 פאַרוווּנדעטע און צעשלאָגענע חוץ די „עטלעכע" און „אַ סך", וואָס קומען פאָר אין צענדליקער שטעט און וואָס ס'איז שווער צו טרעפן וויפל וווּנדן אָדער לעכער אין קאָפּ ס'באַהאַלטן זיך אונטער די דאָזיקע מיסטישע טערמינען.

די פּוילישע צענזור איז שטאַרק קאַפּריזנע און ס'טרעפן חדשים, אַז מען לאָזט נישט דרוקן אין די צייטונגען קיינע ידיעות וועגן אָנפאַלן און עקסצעסן. מען האָט, למשל, אין וואַרשע אַ שטיק צייט נישט געלאָזט פאַרעפנטלעכן אין די יידישע צייטונגען קיינע ידיעות וועגן אָנפאַלן אויף דער פּראָווינץ. וועגן אדזשיוואָלער און אַ סך אַנדערע קרבנות איז מען געוווּיר געוואָרן ערשט אין אַ האַלב יאָר אַרום ביים פּראָצעס. מען מוז דעריבער אָננעמען, אַז די דאַטן וועגן די צאָל פאַרוווּנדעטע און צעשלאָגענע, אפילו לויט דער רשימה פון די שטעט, איז גאַנץ ווייט פון דער אמתער צאָל

צעשלאָגענע און פֿאַרוווּנדעטע. זייער צאָל דערגרייכט געוויס ביז בערך אַ דריי טויזנט.

פֿון דער דאָזיקער רשימה ווערן מיר אויך געוווּיר, אַז ס׳זענען גע־וואָרפֿן געוואָרן אין משך פֿון העכער אַ יאָר 112 באָמבעס. דאָס איז אַ קאַ־פּיטל, וואָס וואָלט געדאַרפֿט באַזונדער באַהאַנדלט ווערן; דאָס איז אַ גאַנץ נייער מעטאָד פֿון אַנטיסעמיטישן קאַמף, אַ דערפֿינדונג פֿון די פּוילישע כוליגאַנעס. ביי דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטישער פּאַרטיי זענען אָרגאַני־זירט ספּעציעלע שלאָג־גרופּעס, וועלכע פֿאַרנעמען זיך מיט וואַרפֿן באָמ־בעס אויף יידישע געשעפֿטן. מען פֿאַרשפּאָרט זאָגן, אַז בשעת די באָמ־בעס רייסן אויף, מאַכן זיי נישט קיין חילוק צווישן מענטשן און סחורות. און ס׳זענען שוין געפֿאַלן גענוג קרבנות פֿון די דאָזיקע באָמבעס. כאָטש די „אידעאישע פּאַטריאָטן" באַמיען זיך צו לייגן די באָמבעס ביינאַכט, אונטערשטרייכנדיק דערמיט, אַז זיי מיינען נישט אַזוי דעם יידישן נפֿש, ווי די יידישע קראָם, וויסנדיק, אַז מיטן אונטערגאַנג פֿון קראָם וועט שוין דער ייד אויך גיין צו גרונט. אויף אַ פּראָצעס פֿון 27 באָמבע־וואַרפֿער אין לאָדזש האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יעדער מיטגליד פֿון אַ שלאָג־גרופּע גיט אָפּ אַזאַ שבועה:

„איך שווער פֿאַר גאָט, אויסצופֿירן יעדן באַפֿעל און צו האַלטן אין געהיים יעדן אויפֿטראַג, נישט אויסצוגעבן אין קיין פֿאַל דעם אַוואַנגאַרד פֿון דער ענדעקישער פּאַרטיי, אַזוי זאָל מיר גאָט העלפֿן!".

אין צענדליקער שטעט האָט מען געוואָרפֿן באָמבעס, געטויט מענטשן, רואינירט געשעפֿטן און עד היום בלייבט די פּאַרטיי, וואָס אירע מיטגלי־דער וואַרפֿן די באָמבעס, לעגאַל און האָט די מעגלעכקייט אָפֿן אַגיטירן פֿאַר אויסראָטן די יידן, פֿאַר פֿאַרטרייבן די יידן. מיר קענען זיך, לײַדער דאָ נישט אָפּשטעלן באריכות אויף איינצעלנע פֿאַלן. אויך די אונטערצינדונגען זענען ספּעציעל אַ פּוילישער מעטאָד פֿון אַנטיסעמיטישן קאַמף. מיר האָבן, פֿאַרשטייט זיך, געבראַכט נאָר פֿאַלן, ווו ס׳איז געווען אַבסאָלוט קלאָר, אַז די שרפֿה איז אַ שטיקל אַרבעט פֿון באַנדיטן — ענדעקישע באַנדיטן.

מיר מוזן אויך, לײַדער, זיך אָפּזאָגן פֿון באַהאַנדלען דעם סטודענטישן טעראָר קעגן זייערע יידישע קאָלעגן, וואָס איז שוין געוואָרן אַ „הייליקע טראַדיציע" אויף די פּוילישע הויכשולן און חזרט זיך איבער יעדן האַרבסט.

היינטיקס יאָר האָט ער אָנגענומען אַ באַזונדערס גרויזאַמען כאַראַקטער און האָט זיך געצויגן כמעט דעם גאַנצן ווינטער — פון נאָוועמבער 1935 ביז סוף אַפּריל 1936. נישט ווייניקער פון הונדערט יידישע סטודענטן און סטו־דענטקעס זענען לעצטן ווינטער פאַרוווּנדעט געוואָרן. צווישן די פאַרוווּנ־דעטע זענען געווען אַ צען, וואָס וועלן בלייבן קאַליקעס אויף אייביק. ערשט דאָ נישט לאַנג, אָנהויב יוני, איז געשטאָרבן אין לעמבערג, דער יידישער סטודענט ראָזענמאַן, וועלכער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַן ענדעקישן סטודענט און האָט זיך אָפּגעמוטשעט אויפן קראַנקן־בעט עטלעכע וואָכן.

די טרוקענע ציפערן פון די רשימות פון די פאַרוווּנדעטע אין די שטעט ווו ס׳זענען געווען אָנפאַלן און עקסצעסן, גיבן נישט איבער אפילו אין דער בלאַסטער פאָרעם און אין דער שוואַכסטער מאָס די אמת טראַגישע לאַגע, וואָס ווערט באַצייכנט מיט די ווערטער — פּערמאַנענטער פּאָגראָם.

דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז דאָס פּוילישע יידנטום האָט נישט קיין אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען ספּעציעל מיט זאַמלען דעם מאַטעריאַל וועגן די פּאָגראָמען, וועגן די עקסצעסן און אָנפאַלן, וועגן באָמ־בעס און שרפות, וועגן סטודענטישע טעראָר אַקטן און פּשוטע כוליגאַ־נישע איבערפאַלן מיט מעסערס און שטעקנס. מיר מיינען דעריבער, אַז ס׳וועט זיין זייער נוצלעך, ווען מיר וועלן צום גאַנצן אויבנגעבראַכטן מאַ־טעריאַל צוגעבן די כראָניק וועגן די עקסצעסן פאַר צוויי טעג — דעם 25סטן און 26סטן יוני 1936, פון די יידישע צייטונגען. דורך דער דאָזיקער כראָניק וועט דער לעזער גלייך אַריבערגעטראָגן ווערן אין דער לעבעדיקער פאַרפּעסטעטער און פאַרסמטער אַטמאָספער, אין וועלכער דעם פּוילישן יידנטום קומט אויס צו לעבן.

דער „היינט“ פון 25סטן יוני 1936 ברענגט פאָלגענדיקע ידיעות:

„אַ דעלעגאַציע פון וואָליער יידן, ווו מען האָט די טעג אונטערגע־לייגט אַ באָמבע אונטער אַ יידיש געשעפט, האָט זיך געווענדט צום סע־נאַטאָר פּראָפ׳ שאָר און איבערגעגעבן וועגן דער געפערלעכער לאַגע, וואָס האָט זיך דאָרט לעצטנס געשאַפן. מיטוואָך ביינאַכט, דעם 24סטן יוני, זענען כוליגאַנעס באַפאַלן אין פאַרשידענע ערטער יידן און פאַרוווּנדעט צען מאַן.

ווען מען האָט זיך געווענדט אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, איז נישט גע־ווען ווער עס זאָל אינטערווענירן".

"...נעכטן ביינאַכט האָבן כוליגאַנעס אין אַלט־מילאָסנע אונטערגעצונדן די בעקעריי און די שטאַל פון בנימין ברייטשטיין. די בנינים זענען אינ־גאַנצן אָפּגעברענט. מיט צוויי וואָכן צוריק האָט מען אין דער דאָזיקער בעקעריי אונטערגעלייגט אַ באָמבע, וועלכע האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן. דעמאָלט זענען אויך פאַרווונדעט געוואָרן ישראל לויפער און זיין פרוי, וועלכע ליגן נאָך ביז היינט אין אַ וואַרשעווער שפּיטאָל".

אין דעם זעלבן נומער "היינט" באַשרייבט דער ספּעציעל געשיקטער קאָרעספּאָנדענט דעם איבערפאַל אויפן שטעטל מישלעניץ:

"אין אַ ריי געשעפטן זענען די שויבן אויסגעהאַקט, די טירן צעבראָכן, די זשאַלוזעס פאַרניכטעט. עס ליגן אין די געשעפטן צעבראָכענע פאָרצע־ליי־געשיר, צעשאָטענע תבואה, אַרבעס אָדער מעל. דאָס אַלץ איז צונויפ־געמישט אין איין באַרג און עס גייט פון דעם אַן עיפּוש, נישט צו פאַר־טראָגן. דאָס האָבן די אָנפאַלער באַגאָסן די סחורה מיט נאַפט, אייל און עסיק, כדי מען זאָל עס מער נישט קענען פאַרקויפן".

"די ערשטע, וואָס האָבן געליטן פון דער באַנדע, זענען געווען די יידן: יוסף עמער און הערש וועסטרייך. זיי האָבן געלאָדן סחורה אויף אַ וואָגן, גרייטנדיק זיך צו פאָרן אויף אַ מאַרק. די באַנדע האָט זיי שטאַרק צעשלאָגן און אונטערגעצונדן די פור מיט דער סחורה. נאָכן אונטערצונדן זענען די אָנפאַלער נישט אַוועק, נאָר געוואַרט ביז אַלץ וועט פאַרברענט ווערן. דער בעקער יהודה־לייב וואַקסנבערג איז שווער צעשלאָגן געוואָרן. ער האָט באַקומען שטאַרקע ווונדן אין קאָפּ. ביי רייזל גאָלדשטיין אין געווועלב פון קאָלאָניאַל און פאָרצעליי האָט מען צעהאַקט די זשאַלוזיע און אַריין אינע־ווייניק. די כוליגאַנעס האָבן דעמאָלירט דאָס געווועלב און פאַרניכטעט די סחורה. דאַן האָבן די כוליגאַנעס אויפגעהאַקט דאָס שניידער־געשעפט פון ישוע בלומענשטאָק. זיי האָבן דאָרט באַגאָסן מיט פרעסיקע פליסיקייטן פיל אַנצוגן און אַנדערע קליידער, ווי: מאַנטלען, פּעלצלעך אאַ"וו. צונויפ־געוואָרפן דאָס אַלץ אויף צוויי ערטער — אין געווועלב און אויפן מאַרק — און אַלץ אונטערגעצונדן... גראָד איז דאַן אָנגעפאָרן דער בעקער יאַקובאָוו־סקי מיט אַ וואָגן ברויט. די כוליגאַנעס האָבן מיט קלעפּ פאַרטריבן דעם

יידישן בעקער און געהייסן דעם קריסטלעכן פורמאַן, ער זאָל פאַרטיילן דאָס ברויט אומזיסט צו די הונגעריקע פּאָליאַקן".

די „פּאָלקסצייטונג" פון 26סטן יוני 1936 איז מודיע:

„פון מינסק־מאַזאָוויעצק גיט מען אונדז איבער: מיטוואָך ביינאַכט זענען עטלעכע נישט־ציווילע*) באַפאַלן אין גאַס דריי יידן און זיי נאָכגע־שאָסן. די דריי יידן זענען: חיים מאַטושעווסקי, ישראל ראָזענבערג און דוד מאָרגענשטערן. שפּעטער האָבן די זעלבע צעשלאָגן יוסף וואַסערמאַנען. אין דער זעלבער נאַכט איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אונטערצוצינדן אַ יידיש הויז אויף שעניצער גאַס. צום גליק האָט מען באַצייטנס באַמערקט און פאַרטריבן די אונטערצינדער, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט אַ שמאַטע מיט נאַפט און אַ פּעקל שוועבעלעך".

דער „היינט" פון 26סטן יוני איז מודיע:

„דער פאָרזיצער פון מינסק־מאַזאָוויעצקער הילפס־קאָמיטעט פּאָגעל־נעסט האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט דעם וואַרשעווער קאָמיטעט: 417 פּערזאָן האָבן באַקומען דרינגענדיקע הילף, 45 פאַמיליעס האָבן באַקומען קאָנ־סטרוקטיווע הילף, ס'זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן, מיט דער הילף פון קאָמיטעט 1.300 שויבן, פאַרריכט געוואָרן 60 טויערן. 350 פאַמיליעס וואַרטן אויף קאָנסטרוקטיווער הילף".

אין זעלבן נומער „היינט":

„די לעצטע צוויי טעג זענען קיין וואַרשע געקומען דעלעגאַציעס פון אַ גאַנצער רייע שטעט און שטעטלעך ווי: טשענסטאָכאָוו, גאַרוואָלין, נאָ־ווידוואָר און אַנדערע. ווי אויך פון פיל שטעט פון וואָלין, וווּ די מאַגיס־טראַטן האָבן אָנגעהויבן אַן אויסראָטונגס־אַקציע קעגן די יידישע מאַרק־הענדלער. די דעלעגאַציעס האָבן איבערגעגעבן, אַז יידישע הענדלער, וועל־כע שטייען אויפן מאַרק מיט טישלעך און בודקעס, האָבן באַקומען פון די מאַגיסטראַטן אַ באַפעל אָפּצורוימען די פּלעצער. מען וויל כלומרשט איינ־פירן נייע אָרדענונגען, אין דער אמתן וויל מען באַזייטיקן יידישע הענדלער און איבערגעבן די פּלעצער צו קריסטן".

די „פּאָלקסצייטונג" פון 26סטן יוני איז מודיע:

---

*) געמיינט פּאָליציי־לייט.

„אין קראַשינסקיס גאָרטן (ביי נאַלעווקעס אין וואַרשע) זענען נעכטן געזעסן אויף אַ באַנק אַ גרופּע יידן און געשמועסט. צו זיי איז צוגעקומען דער פּאָליציאַנט נומער 1659 און גענומען זיך בייזערן אויף זיי און שרייען: קיין פּאַלעסטינע! אויב נישט — איז מינסק־מאַזאָוויעצק! ער האָט אויך דערלאַנגט די יידן מיט אַ גומענעם שטעקן איבער די פּלייצעס".

אין זעלבן נומער: „אין דאָרף „ציגאַנע", באַרטשעווער פּאָוויאַט (מזרח־גאַליציע) איז היינטיקע נאַכט דערמאָרדעט געוואָרן די יידישע פרוי רויזע קאָן. זי האָט געוווינט אין דאָרף אַ סך יאָרן און געהאַט אַ שפּייז־קרעמל. זי האָט געלעבט מיט איר מוטער און אַ ניין־יאָריק טעכטערל. די לעצטע צייט האָבן די ענדעקעס געפירט אַ העצע קעגן דער יידישער פרוי און נישט געלאָזט אַריינגיין אין איר געוועלבל. ענדלעך האָבן זיי דערמאָרדעט די פרוי. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט אַ געוויסן ענדעק, וועלכער האָט די לעצ־טע וואָך געהאַלטן וואַך ביי דער קראָם און נישט אַריינגעלאָזט קיין קריסט־לעכע קונים".

אין „מאָמענט" פון זעלבן טאָג, פון 26סטן יוני:

„נעכטן אַרום 9 ביינאַכט האָבן זיך אין זאַקסישן גאָרטן (וואַרשע) ווידער איבערגעחזרט אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן פון כוליגאַנעס. אין דער אַלייע ביים וואַסער זענען אויף אַ באַנק געזעסן עטלעכע יידן, פּלוצלינג זענען אָנגעקומען אַ באַנדע קריסטלעכע יונגע מענטשן מיט קאָרפּאָראַנטישע היטלען און געפּרוווט אַריינוואַרפן די באַנק מיט די יידן אין וואַסער. אויף די געשרייען פון די יידן איז זיך צוזאַמענגעלאָפן אַ המון קריסטן, וועלכע האָבן זיך אָבער גלייכגילטיק צוגעקוקט צום „ספּעקטאַקל" און נאָך צוגע־געבן מוט די סטודענטן. אין גאָרטן איז געוואָרן אַ בהלה און יידן האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן. איין קריסט איז אַריין אין אַ קאָנדיטאָריי און אַרויס־גערופן פּאָליציי. באַלד האָט זיך באַוויזן אַן אָפּטיילונג פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן צעטריבן די כוליגאַנעס אָבער קיינעם נישט אַרעסטירט. אַנטלויפנ־דיק האָבן די כוליגאַנעס צעבלוטיקט דעם יידן הענריק לעווקאָוויטש".

מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיט דער כראָניק נאָר פון צוויי טעג. זאָל דער לעזער נישט מיינען, אַז דאָס זענען אויסנאַם־פּעטע טעג. אַזעלכע פּעטע פּאָגראָם־טעג האָבן די פּוילישע יידן געהאַט היינטיקס יאָר אַ סך צענדלי־קער, אויב נישט הונדערטער.

אָט דאָס איז די אַטמאָספער, אין וועלכער מען לעבט! אָט דאָס איז די לופט, מיט וועלכער מען אָטעמט.

6

לעבן אין שרעק, פילן שטענדיק אין פּלייצע אַן אומרו, אַן אומזיכער־קייט, אַ מורא, אַז אָט באַקומסטו מיט אַ מעסער אין זייט, מיט אַ שטעקן אין קאָפּ אָדער מען האַקט דיר אונטער אַ פוס — אָט דאָס איז דער „נאָר־מאַלער" צושטאַנד, אין וועלכן דאָס פּוילישע יידנטום געפינט זיך שוין באַלד גאַנצע דריי יאָר. יאָרן גייט מען אַרום מיט דעם דאָזיקן פּחד אין פּלייצע. און נישט נאָר דער ייד, וואָס גייט מיטן פּעקל סחורה פון שטעטל אין דאָרף; נישט נאָר דער ייד פון קליינעם שטעטל, וואָס טרעט איבער די גרענעץ פון זיין שטעטל־געטאָ; און נישט נאָר דער ייד פון דער מיטעלער גרויס־שטאָט, ווען ער שפּאַרט אָן אין אַ פאַרוואָרפן קריסטלעך געסל; אויך דער ייד פון די באַלעבטסטע גאַסן פון וואַרשע, בשעת ער גייט אין גרעסטן גאָרטן פון צענטער פון דער הויפּטשטאָט — אויך ער טראָגט אין זיין יידישער פּלייצע אומרו און פּחד... אויך אויף די באַלעבטסטע גאַסן פון וואַרשע, לאָדזש, פון ביאַליסטאָק און ווילנע, פון לעמבערג און קראָקע, פון גראָדנע און בריסק און פון צענדליקער אַנדערע גרויסע און מיטעלע שטעט פון באַפרייטן פּוילן — שטעט מיט הונדערטער טויזנטער איינוווינער, מיט אַ יידישער באַפעלקערונג, וואָס מאַכט אויס מינימום אַ דריטל און דערגרייכט אָפט צו אַ העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג — אויך אין די דאָזיקע „קולטור"־צענטערן פון תחית־המתים אויפגעשטאַנענעם פּוילן האָט מען פאַר די לעצטע דריי יאָר פאַרוואונדעט טויזנטער יידן. פאַר־וואונדעט מיט אַ שטיק אייזן אין קאָפּ, מיט אַ מעסער אין ברוסט, מיט אַ שטיין אין אויג, מיט אַ קאַסטעט איבער דער פּלייצע. איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס די פּלייצע פון פּוילישן יידן איז אַזוי נערוועז און ביים מינדעסטן רודער, ביים דערהערן פון דער קלענסטער שנעלערער באַוועג־גונג הינטער איר, ציטערט זי אויף און קוקט זיך אַרום אָדער גיט דעם יידן אַ טרייב וואָס גיכער נעלם צו ווערן.

אַזעלכע פאַרוואונדעטע קען מען רעכענען אין די לעצטע צוויי און אַ האַלב יאָר ביז צען טויזנט. די דאָזיקע פאַרוואונדעטע זענען קרבנות פון

יענעם פערמאַנענטן פּאַגראָם, וואָס ציט זיך יאָרן, וואָס פאַרסמט דאָס לעבן יעדן טאָג, יעדע שעה. איר גייט איבער באַלעבטע גאַסן; מענטשן לויפן און שטופּן זיך, איילט זיך ווער אין געשעפט און ווער אַהיים; די וועלט איז פאַרטון אין אירע נאָרמאַלע דאגות און צרות און פּלוצלינג פאַלט אַ ייד, אַן אַלטער אָדער אַ יונגער, מיט אַ ווונד אין ברוסט אָדער מיט אַ לאָך אין קאָפּ, ער גייט אָפּ מיט בלוט. די מאַכט־אָרגאַנען מאַכן באַלד אָרדענונג. דאָס הייסט: זיי שיקן באַלד אָפּ דעם ייד אין אַ שפּיטאָל און אין די גאַסן גייט ווייטער אָן דאָס וואָכעדיקע נאָרמאַלע הו־האַ־לעבן, גלייך ווי גאָר־נישט האָט געטראָפן. ס׳טרעפט, כאָטש זייער זעלטן, אַז מען כאַפּט דעם מעסער־שטעכער אָדער קאַסטעטן־העלד און מען פירט אים אָפּ אין דער פּאָליציי.

מען קען רואיק באַהויפּטן, אַז פאַר די לעצטע צוויי און אַ האַלב יאָר איז נישט געווען קיין איין טאָג, ממש טאָקע קיין איין טאָג, אַז ס׳זאָלן אין וואַרשע אָדער אין לאָדזש נישט זיין קיין פאַרוווּנדעטע יידן. די שווער פאַרוווּנדעטע, וועלכע קומען אָן נאָך הילף, ווערן באַקאַנט; די לייכט פאַר־ווונדעטע שעמען זיך גאָר אויסצוזאָגן, נעמען אַ דראָזשקע און פאָרן אַהיים אָדער צו אַ דאָקטאָר און קיינער ווייסט גאָרנישט, אַז אַ ייד האָט באַקומען מיט אַ שטעקן איבער דער פּלייצע אָדער מיט אַ שטיין אין קאָפּ. טויזנטער יידן ווייסן אָבער, אַז זיי האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אַ כוליגאַנישן שטעקן אָדער מעסער; צענדליקער טויזנטער און אפשר הונדערטער טויזנ־טער פילן, אַז זייערע פּלייצעס זענען הפקר, אַז זייערע קעפּ זענען אויס־געשטעלט יעדן מאָמענט אויף צו כאַפּן אַ שטיין אָדער אַ מעסער. גיט זיך איבער דער פחד אָדער מוז זיך איבערגעבן צו מיליאָנען און אַזוי שאַפט זיך אַ פּסיכאָלאָגיע פון שטענדיקער אומרואיקייט און אומזיכערקייט, פון שטענדיקער נערוועאישקייט און גערייצטקייט און ס׳וואַקסט אויס יענע יידי־שע פּלייצע, וואָס ציטערט אויף ביים קלענסטן לויף אין גאַס, ביים מינד־סטן געערויש אַרום. ס׳וואַקסט אויס יענער פחד, וואָס שרייט אַרויס פון יעדער יידישער פּלייצע אין פּוילן.

מיר זענען זיכער, אַז יעדעס אַנדערע פאָלק, אַוועקגעשטעלט אין ענ־לעכע הפקר־באַדינגונגען, איבערגעענטפערט אין הענט פון כוליגאַנעס, שוצלאָז און אומבאַוואָפנט, וואָלט געוואָרן אַ קרבן פון אַ סך אַן אינטענ־

סיווערן פחד, פון אַ סך אַ שרעקלעכערער נערוועאישקייט. „אַל תדין את חברך עד שתגיע למקומו״ — אָט וואָס מיר קענען זאָגן אַלע יענע, וואָס האָבן די נידערטרעכטיקע חוצפּה צו רעדן וועגן יידישער פּחדנות... אפילו ביי די נאָר וואָס באַשריבענע באַדינגונגען, ווען די איבערפאַלן זענען אַלע מאָל אומגעריכטע, הינטן אַרום, פון באַוואָפנטע אויף אומבאַוואָפנטע, אָפט פון יונגע כוליגאַנעס אויף עלטערע מענטשן אָדער קינדער, ביים באַוווסט־זיין פון סימפּאַטיע פון דער אַרומיקער מערהייט, ביי דער זיכערקייט אין דער אומבאַשטראָפטקייט — אפילו ביי די דאָזיקע באַדינגונגען ענטפערן אָפט די יידן אַזוי, אַז די כוליגאַנעס פאַרזאָגן שוין קינדס־קינדער נישט צו טשעפּן אַ יידן.

לאָמיר לאָזן רעדן די פאַקטן: אויפן מאַרק קיין זאַרעמבאַ־קאָשטשעלנאַ איז פון טשענסטאָכאָוו געפאָרן, דעם 24/8 1937, דער ייד ל. קאָזע. אויפן וועג איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן פון אַ גרופּע נאַראַ־לייט, פון דער נאַציאָ־נאַל־ראַדיקאַלער פאַרטיי, פון וועלכער דער פּולקאָווניק קאָץ איז געווען דער יוגנט־פירער. די נאַציאָנאַלע העלדן האָבן דעם יידן אויסגעשניטן די אויגן. די „העלדן״ האָבן גאָרנישט צוגענומען ביים אַלטן שוואַכן יידן, כדי צו דעמאָנסטרירן, אַז ס׳איז נישט קיין רויב־אָנפאַל, נאָר אַ „נאַציאָנאַלער קאַמף״. אָט דאָס הייסט ריטער!

אויף די גאַסן פון דראָהאָביטש, אַ שטאָט מיט העכער 30.000 איינוווי־נער, פון וועלכע 12.000 זענען יידן, גייט אַ יידישער אַדוואָקאַט מיטן נאָמען יוסף נאַרטענבערג. פּלוצלינג האָט מען אים אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין דער פּלייצע און געלאָזט דאָס מעסער שטעקן. די דאָקטוירים האָבן דאָס מעסער אַרויסגענומען און פעסטגעשטעלט, אַז די לאַגע פון דעם פאַרוווּנ־דעטן איז זייער אַן ערנסטע. די מעשה האָט געטראָפן דעם 29סטן אויגוסט 1937 אינמיטן העלן טאָג און מען האָט קיינעם נישט געכאַפּט.

און אָט איז נאָך אַ העלד פון פּוילישן נאַציאָנאַלן לאַגער: אין אויאַזד, לאָדזשער קרייז, איז דער ייד יחיאל יאַקובאָוויטש פאַרבייגעגאַנגען נעבן אַ געביידע, ווו ס׳האָבן געאַרבעט עטלעכע אַרבעטער. איינער פון זיי באָ־גוטשאַק, אַ מיטגליד פון דער נאַראָדאָווע־דעמאָקראַטישער פאַרטיי, האָט אַ שליידער געטון דעם יידן אין פּנים אַריין אַ פולע לאָפּאַטע מיט קאַלך. אויף דעם יידנס געוואַלדן זענען זיך צענויפגעלאָפן מענטשן און גענומען

וואַשן די אויגן מיט וואַסער. דאָס קאַלך האָט אָנגעהויבן ברענען. מען האָט דעם יידן גלייך געבראַכט קיין וואַרשע און מען האָט אים אָפּערירט. ער איז אָבער געבליבן אויף שטענדיק בלינד. יחיאל־מאיר יאַקובאָוויטש האָט אַ פרוי מיט קינדער און אַליין איז ער אַלט נישט מער ווי 42 יאָר... בלינד איז ער געוואָרן אין יולי 1937. דער נאַציאָנאַלער העלד האָט באַקומען אַ יאָר תפיסה פאַר דער דאָזיקער העלדישער טאָט. פאַר אַ ביכל פון סאָוויעט־רוסלאַנד באַקומט מען 7 און 8 און גאָר אָפט אויך 10 יאָר שווערע תפיסה.

דער פּאַריסאָווער קאָמאַשנמאַכער, ב. זילבערשטיין, איז דעם 7טן אָקטאָבער 1936 געפאָרן מיטן אויטאָבוס, וואָס גייט פון שעדלעץ קיין סטאָצק, אַזוי ווי דער אויטאָבוס גייט נישט ביז פּאַריסאָוו, איז ער אויפן וועג אויסגעשטיגן, כדי צוצוגיין 16 קיל׳ צופוס אַהיים. אין דאָרף גאַסט זענען אויף אים אָנגעפאַלן שקצים, אים באַוואָרפן מיט שטיינער און געטראָפן אין לינקן אויג. אַ צעבלוטיקטער און פאַרווונדעטער אין קאָפּ, האָט ער זיך קוים דערשלעפּט צום הויז פון דאָרטיקן פּריץ, ווו מען האָט אים געגעבן די ערשטע הילף. נאָכן אָפּליגן עטלעכע וואָכן אין בעט, האָט מען אים געבראַכט קיין וואַרשע, ווו מען האָט אים אַרויסגענומען דאָס לינקע אויג, אָפּראַטעווענדיק דאָס רעכטע אויג, וואָס איז אויך געווען אין גרויס געפאַר. די נעמען פון די כוליגאַנעס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן, זיי וועלן האָבן אַ פּראָצעס, אָבער דערווייל זענען זיי פריי. ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס זענען נישט סתם דעמאָראַליזירטע אָדער צעלאָזענע שקצים, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַ שפּיל איבער אַן אָרעמען יידן. דאָס זענען פאַרטרעטער פון יענער יונגער גענעראַציע פון נייעם באַפרייטן פּוילן, וואָס פּרעטענדירט אויף דער גאַנצער מאַכט אין לאַנד.

גייט איבער די גאַסן פון ראַדאָם אַ יידישער וואַסער־טרעגער הענעך ליפשיץ. פאַלט אָן אויף אים אַ כוליגאַן און זעצט אים אויס אַן אויג. מען האָט קיינעם נישט געכאַפּט. דאָס האָט געטראָפן דעם 7טן אין חודש מאַי 1937 אין אַ שטאָט, וואָס האָט 80 טויזנט איינוווינער. דער יידישער וואַסערטרעגער — אויך מיט אים, מיטן אָרימסטן שבאָרימסטן, מיטן שוואַכסטן צווישן די שוואַכע פירט דאָס נאַציאָנאַלע פּוילן, דאָס באַפרייטע פּוילן, אַ קאַמף.

ווי ווייט די ווילדע חיה קען אויפוואַכן אין מענטשן, באַווייזט פאָל־גענדיקער פאַקט: אַ פוילישער אַרכיטעקט מיטן נאָמען דאָמבראָווסקי איז אין זאַמאָשטש אַרעסטירט געוואָרן פאַר אומלעגאַלער אַרבעט אין עקסטרעם רעכטן פליגל. אויפן וועג צום אַרעסט־הויז קומט אַנטקעגן אַ ייד מיט אַ באָרד, יעקב פריינט. אין פוילישן אַרכיטעקט צעברענט זיך די ליבע צו זיין פאָטערלאַנד און ער לויפט צו צום יידן, כאַפּט אים אָן ביי דער באָרד, שלעפּט אים מיט זיך אַ לאַנג שטיק וועג און רייסט אים אויס אַ שטיק באָרד. דער פאַרטרעטער פון דער מאַכט, וואָס פירט דעם פּאָליטישן פאַר־ברעכער, האָלט נישט פאַר נויטיק צו שטערן דעם „נאַציאָנאַלן קעמפער" אין זיין פּאַטריאָטישער אַרבעט. דער פאַרטרעטער פון דער מאַכט, אין סעפּטעמבער 1937, ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער אַרעסטירטער אַרכיטעקט איז אַ מיטגליד פון אַ פּאַרטיי, מיט וועלכער מען פירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אַריינטרעטן אין דער רעגירונג, און מיט אַן אַרעסטאַנט, וואָס שטייט אויף דער שוועל פון רעגירונגס־הויז, קריגט מען זיך נישט.

דאָס צעטל ווילדע מעשים, וואָס מיר האָבן געבראַכט פון דער פּוילי־שער פּראָווינץ, איז אַ קליינער מוסטער פון דער אַטמאָספער, אין וועלכער אַ ייד פילט זיך, ווען ער טרעפט זיך מיט אַ „נאַציאָנאַל" דערצויגענעם פּאָליאַק. דעם גאַנצן מאַטעריאַל צו ברענגען וואָלט מען באַדאַרפט, וועגן דער טעמע „דעטאַל־פּאָגראָם", אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך.

לאָמיר איצטער זען, צי אין די גרויסע שטעט איז די לאַגע בעסער. אַ פּאָר נאָר פאַקטן פון לאָדזש, פון אַ שטאָט מיט העכער 600 טויזנט איינ־וווינער און מיט העכער 200 טויזנט יידן.

דעם 25סטן מאַי 1937 איז אַ יידישע פרוי חנה מאָגולניצקע מיט איר זעקס־יאָריק טעכטערל געגאַנגען איבער דער זגערזשער גאַס. אַ פאַרשוין פון נאַציאָנאַלן לאַגער האָט די פרוי מיטן קינד אַ שליידער געטון אונטער אַ דורכפאָרנדיקן לאַסט־אויטאָ און ביידע זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער די רעדער. צום גליק האָט דער שאָפער באַוויזן צו פאַרהאַלטן דעם אויטאָ. די מוטער איז געוועזן אינגאַנצן פאַרבלוטיקט און מען האָט זי אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. דאָס קינד איז אַרויס גאַנץ. אָט ווי ווייט דער נאַציאָנאַלער שגעון קען דערגרייכן! אָט ווי טיף דער סם האָט דערגרייכט די מענטשלעכע מוחות, אָט ווי מען קען פאַלן אין כלומרשטן פּאַטריאָטיזם!

די טאָג־טעגלעכע לאָדזשער כראָניק דערציילט וועגן „נאָרמאַלע" אָנ־פאַלן אויף יידן. אַ פּאָר פאַקטן וועגן די „נאָרמאַלע", געווענלעכע איבער־פאַלן, צו וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך שוין טאַקע צוגעוווינט, אָבער די יידישע פלייצע האָט באַקומען יענעם אומרואיקן צושטאַנד, וועגן וועלכן מיר האָבן אויבן גערעדט.

דעם 2טן נאָוועמבער 1937 איז געגאַנגען אין גאַס, נישט ווייט פון באַלוטער מאַרק, דער 35־יאָריקער ייד יוסף פעלד. ס'איז געווען בייטאָג און די באַוועגונג אויף די גאַסן איז געווען אַ גרויסע. פּלוצלינג איז מען אָנגעפאַלן אויף דעם יידן, אים צעשטאָכן מיט מעסערס און אין אַ האָפּע־נונגסלאָזן צושטאַנד האָט מען אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. די מעסער־שטעכער זענען נעלם געוואָרן. פאַרוואָס גראַדע דעם יידן און נישט קיין אַנדערן? אויף דערויף איז דאָ איין תשובה. דאָס איז אַ מזל־זאַך און פער־זענלעך האָט קיינער פון די אַלע יידן, וועלכע זענען בשעת מעשה געווען אין גאַס, נישט געהאַט קיין חשבונות און קיינע סכסוכים מיט די אָנפאַלער.

די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן האַלטן אָפּ אַ פאַרזאַמלונג אין אַ זאַל אין צענטער פון לאָדזש און נאָך דער פאַרזאַמלונג באַקומען יידן „מתנות"... אָט זענען די רעזולטאַטן פון איין אָוונט, דעם 7טן אָקטאָבער 1936: דאָס יידישע מיידל ביילע שיינבערג האָט באַקומען אַ בלוט־שטורץ פון די ווונדן; דער סטודענט יאַקוב פרידמאַן האָט באַקומען עטלעכע ווונדן אין קאָפּ; דער קאָמאַשנמאַכער רפאל ראָזענבערג האָט באַקומען עטלעכע ווונדן אין פּנים. אַלע האָבן באַקומען הילף פון דער „גיכער־הילף". אין אַ סך יידישע וווינונגען האָט מען אויסגעהאַקט די שויבן.

ס'וואָלט געווען איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז דאָס טרעפט אַלע טאָג, אָבער ס'איז שוין אַן אַבסאָלוטער אמת, אַז דאָס טרעפט אַ פּאָר מאָל אין חודש. דערפאַר אָבער טרעפן זיך שוין כמעט יעדן טאָג, אָן אויסנאַם, אָט אַזעלכע פאַלן: דעם 6טן יוני 1936 זענען געגאַנגען, אין אַ פאָראָרט פון לאָדזש, דער ייד חיים ארענשטיין מיט זיין טאָכטער לאה. דעם אלטן ארענ־שטיינען האָט מען געשפּאָלטן דעם מוח און זיין טאָכטער שווער פאַרוווּנדעט. אויך אַזעלכע פאַלן ווי דער פאָלגענדיקער: אויף פּאָמאָרסקע 25 שטייט אַ ייד מיט אַ וועגעלע עפּל, ברוך שלאַגמאַן איז זיין נאָמען. געווען איז דאָס דעם 12טן יאַנואַר 1937. צו דעם יידן גייען צו צוויי קריסטן און הייסן

זיך געבן אַ קילאָ עפּל. זיי נעמען די עפּל און לאָזן זיך גיין. ווען דער ייד פאַרלאַנגט געלט, באַקומט ער מיט אַ מעסער אין ברוסט און אין זייט. מען האָט קיינעם נישט געכאַפּט. דעם יידן האָט מען אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. אַזעלכע פאַלן חזרן זיך אָפט איבער. אַ יידישער אינוואַליד גרשון יאָסקאָ־וויטש — אַלזאָ אַ ייד, וואָס האָט פאַרגאָסן בלוט פאַר דער באַפרייאונג פון פוילן—צו דעם יידן גייען צו עטלעכע „נאַציאָנאַלע" אויפגעהעצטע בחורים־לעך, האַקן אים אויס אַן אויג, צעשטעכן אים מיט אַ מעסער און קערן איבער זיין בודקע מיט סחורה. מען האָט אַרעסטירט דריי פון די אָנפאַ־לער. דעם 32־יאָריקן יחיאל שטערן — אויך אַן אינוואַליד און אין דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה האָט ער פאַרלוירן אַן אויג... — האָט מען דעם 8טן אָקטאָבער 1936 באַפאַלן און אויסגעהאַקט דאָס צווייטע אויג. נישט אויפן אויסערן שלאַכט־פעלד, נאָר אויפן אינעווייניקסטן: פוילישע „נאַציאָנאַליסטן" זענען אים באַפאַלן, שווער פאַרוווּנדעט און אים געטראָפן אין צווייטן אויג.

האָבן די דאָזיקע אַלע יידן געהאַט עפּעס ספּעציעלע חשבונות מיט די איבערפאַלער? אַבסאָלוט נישט. ווי געזאָגט איז דאָס נאָר אַ „מזל־זאַך". וועמען ס'איז „זוכה", דער וועט זיך פון די באַנדיטישע הענט, פון די נאָכ־מלחמהדיקע פוילישע נאַציאָנאַליסטן, נישט אַרויסדרייען. אָט איז זייער אַן אינטערעסאַנטער ביישפּיל: ס'האָבן געלעבט אין אַ קליין שטעטל וולאָש־טשעווע, קעלצער וואָיעוואָדשאַפט, אַ משפּחה סאָוויצקי מיט עטלעכע קינדער. זיי האָבן געהאַלטן אַ קרעמל. האָט מען געמוזט פון דאָרטן אַנטלויפן, ווייל מען האָט געשלאָגן, געהאַקט פענצטער און געדראָט צו דערהרגענען. איז מען געלאָפן קיין לאָדזש, אָבער דער גורל לויפט נאָך — דער יידישער גורל איז געראָטן אין זיינע טרעגער, אין די יידן זעלבסט און איז אויך אַן עקשן. גייט דער פאָטער פּיוול סאָוויצקי מיט זיינעם אַ זון קאָפּל, דעם 2טן פע־ברואַר 1937, אויף מאַגיסטראַצקע גאַס. באַפאַלן זיי דריי כוליגאַנעס, שטעכן אַריין אַ מעסער דעם יונגן קאָפּל אין דער פּלייצע און ער פאַלט באַלד אין אַ קאַלוזשע בלוט; דער פאָטער האָט געבומען בעטן רחמנות האָבן, אָבער ער האָט באַקומען מיט די פיס אין בויך אַריין און ער איז געפאַלן. די פוילישע פאַטריאָטן זענען זיך רואיק אַוועקגעגאַנגען. ערשט אין אַ פאָר מינוט אַרום זענען אָנגעקומען מענטשן און האָבןביידע אָפּגעפירט אין אַ

שפּיטאָל, ווו מען האָט זיי געגעבן די ערשטע הילף. דער יונגער קאָפּל איז געלעגן חדשים אין שפּיטאָל. אָט דאָס הייסט יידישער מזל, יידישער גורל. פון אים אַנטלויפן איז אוממעגלעך!

וועגן וואַרשע איז אייגנטלעך איבעריק צו שרייבן. כּפֿלט מען די לאָדזשער הריגות און אָנפאַלן צוויי אָדער דריי מאָל, האָט מען וואַרשע. די פּוילישע נאַציאָנאַלע כוליגאַנעס חזרן זיך שרעקלעך איבער, דאָך האָבן די כוליגאַנעס פון דער הויפּטשטאָט עפּעס מחדש געווען און שוין צוליב דעם איז כּדאַי זיי אויסצוטיילן און זיך באַזונדער אָפּשטעלן.

דער 3טער מאַי איז אין פּוילן אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב און דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער יום־טוב, וואָס איז פאַר דער מלחמה געווען אַ טאָג פון קאַמף קעגן צאַרישן רעזשים און דערמיט אויך אַ טאָג פון ברידערשאַפט פון אַלע געררודפטע און געפּייניקטע אין צאַרישן רוסלאַנד, אָן חילוק פון נאַציע און רעליגיע, איז אין זעלבסטשטענדיקן פּוילן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאָגראָם־טאָג, אין אַ גיהנום־טאָג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אַלע יאָר חזרט זיך איבער דאָס זעלבע. די „נאַציאָנאַלע" יוגנט דעמאָנסטרירט, דערביי שלאָגט מען יידן, ברעכט מען שויבן אין יידישע געשעפטן, וואַרפט מען שטיינער אין יידישע קעפּ און מען פאַרהילכט די גאַסן מיט געשרייען און אויסרופן: „נידער מיט די יידן, יידן אַרויס פון דאַנען!". דעם 3טן מאַי 1937 זענען די פּאָגראָם־העלדן פון הייניטיקן פּוילן זיך געבליבן טריי און ס'איז שווער פעסטצושטעלן וויפל יידישע קעפּ האָבן געכאַפּט שטיינער און וויפל יידישע פּלייצעס האָבן פאַרזוכט נאַציאָנאַלע שטעקנס לכּבֿוד דעם דאָזיקן יום־טוב. דאָס נייע פון דעם יאָר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אויפן בריק האָט מען געכאַפּט צוויי יידן קלמן ליפשיץ און לאָזער גאָלדמאַן און מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין ווייסל. ס'איז שווער איבערצוגעבן אין ווערטער די דאָזיקע „באַציאָנאַלע" סצענע, ווי אַזוי די פּאָגראָם־העלדן פון באַפרייטן פּוילן שלעפּן צוויי יידן פאַר די הענט און פיס און שליידערן זיי פון אַ הויכער בריק טיף אין טייך אַריין, אין דער זעלבער ווייסל, איבער וועלכער ערשט מיט דריי צענדליק יאָר צוריק, פלעגן יידישע רעוואָלוציאָנערן אַרויספאָרן אין שיפלעך, כּדי אָפּצוהאַלטן אומלעגאַלע באַראַטונגען, ווי צו באַפרייען פּוילן פון צאַרישן רעזשים. צום גליק האָבן אויך אין 1937סטן יאָר, שוין אין פּוילן פון פּאָגראָמען און

האַלב־פּאַשיזם, די אַרבעטער אָפּגעראַטעוועט דעם כבוד פון זייער לאַנד. ביי דער ווילדער סצענע פון וואַרפן יידן אין ווייסל אַריין זענען פּאַרביי־געגאַנגען עטלעכע פּוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אין וואַ־סער, אַרויסגעראַטעוועט די יידן און דערמיט אויך דעם כבוד פון באַפרייטן פּאָטערלאַנד.

אַן אייגנאַרטיקייט פון די וואַרשעווער כוליגאַנעס איז אויך דאָס אָנ־פּאַלן אָדער וואַרפן שטיינער אין יידישע לוויות. פּאַר די לעצטע צוויי יאָר איז מען אָנגעפאַלן אַ מאָל דרייסיק אויף יידישע לוויות. אייניקע האָבן זיך געענדיקט דערמיט, וואָס די לעבעדיקע זענען מקנא געווען די טויטע. דער יידישער בעל־עגלה בערל באָשקאָווסקי, וואָס האָט דעם 21סטן מאַי 1936 באַקומען אַ שווערע ווונד אין קאָפּ בשעת דער לוויה פון אברהם נאַפּ־טאַל, איז געבליבן קראַנק אויפן גאַנצן לעבן. דער בעל־עגלה יאַנקל ניע־וויאַדאָמסקי, וואָס האָט אויך באַקומען אַ שטיין, אָבער נישט אין קאָפּ, נאָר אין אויג און האָט עס פאַרלוירן, איז מסתמא אויך נישט פון די גליקלעכע, וואָס פרייען זיך מיטן לעבן.

נאָך איין אייגנאַרטיקייט: אין די צוויי וואַרשעווער שטאָט־פּאַרקען — אין זאַקסישן גאָרטן, וואָס ליגט אין צענטער פון שטאָט און אין טראַוגוט־פּאַרק, וואָס ליגט לעבן יידישן קוואַרטאַל — הערט מען נישט אויף צו שלאָגן יידן. אינמיטן העלן טאָג, ווען אויף די בענק זיצן אַלטע קראַנקע לייט, פרויען, מאַמעס מיט קינדער אין די וועגעלעך, מענטשן, וואָס ווילן געניסן פון אַ ביסל פרישע לופט יאָגן זיך פּלוצלינג אַ צענדליק יונגע לאָבוסעס און הויבן אָן שלאָגן און יאָגן מיט שטיינער, קאָסטעטן און שטעקנס. זיי וואַרפן זיך אויף די שוצלאָזע יידן און שאָנעווען נישט קיי־נעם: מאַמעס שרייען, ס׳פאַלן אום וועגעלעך מיט קליינע קינדער, אַלטע לייט לויפן און גוואַלדעווען, אין דער בהלה כאַפּט אַ מאָל אַ קריסט אויך אַריין אַ שטעקן, און ווען די פּאָליציי קומט, איז שוין נישטאָ קיין שפּור פון די כוליגאַנעס. אויף דער נאַכט בייט זיך אַ ביסל דאָס בילד, מען כאַפּט יידן און מען וואַרפט זיי אין דער אָזערע, וואָס געפינט זיך אין זאַקסישן גאָרטן, מען שטעכט מיט מעסערס, מען רייסט אַראָפּ די קליידער. יידן מיידן אַ פּאָר טעג אויס צו גיין אין די פּאַרקן. קען מען אָבער אין די זומערדיקע אָוונטן בלייבן אין די דושנע אָרעמע וווינונגען? מאַכט מען

זיך האַרץ און מען גייט ווידער אין גאָרטן אַריין. איז שוין דריי יאָר ווי כוליגאַנעס, אָפּט אין סטודענטישע היטלען, טוען זייער „נאַציאָנאַלע" אַר־בעט און דער מאַכט „גיט זיך נישט איין" צו באַזיגן די דאָזיקע „העלדן"... מיר ווען זיך אַן אַנדערש מאָל געגויער אָפּשטעלן אויפן פּאָגראָם אין זאַקסישן גאָרטן פון סעפּטעמבער 1937. אַ פּאָגראָם, וואָס האָט זיך געצויגן גאַנצע וואָכן און האָט געקאָסט די יידן אַ פּאָר הונדערט פאַרוווּנדעטע, אַ 50 גאָר שווער פאַרוווּנדעטע, וואָס וועלן בלייבן קאַליקעס און קריפּלס אויף אייביק, וואָס האָט אָבער אויך די כוליגאַנעס געקאָסט אַ האַלבן הונ־דערט פאַרוווּנדעטע און פון זיי עטלעכע זייער שווער פאַרוווּנדעטע. דער דאָזיקער ווירדיקער ווידערשטאַנד פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע, וועל־כע האָט זיך איבערגעצייגט, אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין שוץ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, האָט געצוווּנגען די מאַכט וואָס גיכער צו ליקווי־דירן דעם פּאָגראָם. און אין איין טאָג האָט זיך עס איר איינגעגעבן. מען האָט זיך פּשוט דערשראָקן פאַרן בירגער־קריג, וואָס איז געהאָנגען אין דער לופטן. דערביי ווייסט גאַנץ גוט די מאַכט, אַז אין איצטיקן פּוילן איז פאַראַן נישט נאָר נאַציאָנאַלער פּולווער, נאָר אויך סאָציאַלער, און יעדער בירגער־קריג, מעג ער זיין ווי אָנגעלאָדן מיט אַנטיסעמיטישן פּולווער, קען ער זייער גיך זיך איבערוואַרפן אויף אַנדערע געביטן און אָנשטעקן גאַנץ אַנדערע גרופּעס און קלאַסן, ברענגענדיק גאָר אומדערוואַרטע רע־זולטאַטן.

8

אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל שטעלן מיט זיך פאָר די אָנפאַלן אין די באַנען. ס׳זענען פאַראַן ליניעס, ווו די הריגות און אָנפאַלן ציען זיך חדשים. למשל, אויף דער ליניע וואַרשע־אָטוואָצק. אויף דער דאָזיקער ליניע וווינען פון 50 ביז 60 טויזנט יידן, פון וועלכע אַ גרויסער טייל פאָרט יעדן טאָג קיין וואַרשע, ווייל זיי זענען צוליב זייערע פּרנסות געבונדן מיט דער שטאָט. זענען טאַקע תמיד די באַנען געפּאַקט מיט יידן. אָבער איין צענדליק כוליגאַנעס באַוואָפנט מיט שטעקנס, מעסערס, קאַסטעטן, שטיינער אָדער גאָר שטיקער אייזן, איז גענוג, אַז זיי זאָלן טעראָריזירן הונדערטער יידן, וואָס פאָרן מיט דער באַן. ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך, ווייל אין אַ וואַגאָן זיצן

20 יידן, פון וועלכע אייניקע זענען אַלטע לייט, פרויען און בכלל שוואַכע מענטשן. אויף אַ סטאַנציע, ווו דער צוג שטייט אַ האַלבע מינוט, שפּרינגען אַריין אַ 10 כוליגאַנעס און ווי נאָר דער צוג רירט זיך, הויבן זיי אָן זייער פּאַטריאָטישע אַרבעט: שלאָגן, שפּייען אין פּנים, רייסן די בערד, אַרויס־וואַרפן דורך די פענצטער די היטלען, די פּעקלעך סחורה, וואָס יידן פירן פון דער שטאָט. און איידער דער צוג שטעלט זיך אָפּ אויף דער נאָענטער סטאַנציע לויפן שוין די כוליגאַנעס אַראָפּ. די קאָנדוקטאָרן זענען קיינמאָל נישטאָ אין דעם וואַגאָן, ווו דער פּאָגראָם קומט פאָר. טרעפט זייער אָפט, אַז ס׳לויפט אַ צוג און פון די וואַגאָנעס הערן זיך האַרצרייסנדיקע קולות, ווו מען פּייניקט אַלטע און שוצלאָזע מענטשן.

מען קען נישט זאָגן, אַז די מאַכט לאָזט תמיד שלאָגן אין די וואַגאָנעס. ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלן דולדעט די מאַכט די דאָזיקע פּאָגראָם־אַנאַרכיע נאָר ביז אַ געוויסן גראַד. ווערן די אָנפאַלן צו בלוטיק, צו מערדעריש, דראָען זיי אויסצוואַקסן אין אַן אַלגעמיינעם געשלעג, ווייל די יידן הויבן שוין אָן צו זאָרגן וועגן אַ ווירדיקן ווידערשטאַנד, ווערט באַלד געמאַכט אָרדענונג. טרעט אַריין אַ פויזע. די פּאָגראָמשטשיקעס טראָגן איבער זייער אַרבעט אויף אַן אַנדער ליניע אָדער זיי רוען זיך אָפּ אַ פּאָר וואָכן. און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום חזרט זיך איבער די זעלבע מעשה. אָט איז אַ קליין בילדל פון אַ רייזע פון אַ יידן פון וואַרשע קיין רעמבאַרטאָוו (20 מינוט רייזע). דעם 8טן סעפּטעמבער 1937 איז אַ ייד איינגעשטיגן אין אַ קופּע פון אַ צוג. אין קופּע זענען געזעסן פינף פּוילישע סטודענטן און דער ייד יוסף וואַרהאַלטער. ווי נאָר דער צוג האָט גערירט, האָבן זיך די סטודענטן געוואָרפן אויפן יידן און גענומען אים שלאָגן, וואַרגן און טרעטן מיט די פיס. אויף זייַנע געשרייען זענען זיך צונויפגעלאָפן עטלעכע פּאַסאַזשירן פון די שכנישע קופּעען, אָבער נאָר קריסטן, וועלכע האָבן געקליבן נחת פון די מעשים־טובים פון יונגן פּוילישן דור. דער ייד איז אַ צעבלוטיקער, מיט סיניאַקעס קוים אַרויס פון קופּע און אַ קראַנקער קוים זיך דערשלאָגן אַהיים. מ׳דאַרף וויסן, אַז ס׳האָט זיך שוין געשאַפן אַזאַ אָפּקלייב פון פּאַ־סאַזשירן. יידן גייען אַריין נאָר אין קופּעען, ווו ס׳זיצן נאָר יידן. דער אויבנ־באַשריבענער ייד אָבער איז אַריין אין צוג די לעצטע מינוט פאַרן אָפּגיין פון צוג און איז אַריינגעפאַלן מיטן פּלאַץ.

ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז אויף איין ליניע, אויף דער ליניע בענדין, האָט מען אָנגעהויבן איינפירן פאַר יידן געטאָ־וואַגאָנעס: די קאָנדוקטאָרן זענען געשטאַנען ביי די וואַגאָנעס און האָבן די יידישע פּאַסאַזשירן אָפּגע־שיקט אין די „יידישע" וואַגאָנעס. ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז יידן האָבן פּראָטעסטירט. די מאַכט האָט זיך פאַרענטפערט, אַז זי קען נישט אַנדערש גאַראַנטירן פאַרן וויל פון די יידישע פּאַסאַזשירן. ערשט נאָך אַן אינטערוויו ביי דער צענטראַלער מאַכט איז דאָס געטאָ אָפּגעשאַפט געוואָרן. דאָס פּאַקטישע געטאָ איז אָבער דאָ און ברייטערט זיך אויס. דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז אויסגעקומען צענדליקער מאָל צו באַאָבאַכטן, ווי יידישע פּאַסאַזשירן זוכן קופּעען אָדער וואַגאָנען, ווו ס׳זענען פאַראַן אַ סך יידן.

ברענגען ביישפּילן פון צעבלוטיקטע אין די באַנען יידן וואָלט געהייסן אויפציילן הונדערטער נעמען. מיר וועלן ברענגען נאָר אַ פּאָר ביישפּילן:

דער יידישער סוחר חיים פּאָמעראַנץ איז געפאָרן פון פּיאַסטאָוו קיין וואַרשע. נישט ווייט פון וואַרשע זענען אַריין אין וואַגאָן אַ פּאָר כוליגאַנעס און גענומען מאַטערן דעם יידן. ער האָט געשוויגן. סוף כל סוף האָבן זיי געכאַפּט דעם יידן, אים צוגעשלעפּט צו דער טיר און אַרויסגעוואָרפן פון צוג. אַ קריסטלעכע פרוי, וואָס איז געווען דערביי, האָט געמאַכט אַ געוואַלד און אָפּגעשטעלט דעם צוג. דעם יידן האָט מען געפונען מיט צעבראָכענע הענט און פיס אין אַ קאַלוזשע בלוט. אויך די דאָזיקע כוליגאַנעס האָט מען נישט געכאַפּט. אין דער בהלה, ביים בלייבן שטיין פון צוג, האָבן זיי באַ־וויזן נעלם צו ווערן. מען קען נאָר מיט זיכערקייט זאָגן, אַז ווען עמיצער וואָלט אין וואַגאָן געזאָגט אַ גוט וואָרט אויף סאָוויעט רוסלאַנד, וואָלט זיך אים שוין נישט איינגעגעבן צו אַנטלויפן.

אָט איז נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער פאַרן הייַנטיקן פוילן פאַל:

אין וואַגאָן צווייטער קלאַס איז געפאָרן פון וואַרשע קיין ווילנע אַ ייד — אַ דירעקטאָר פון אַ פאַבריק. אין קופּע גייט אַריין אַן אינטעליגענטער קריסט און נישט געפינענדיק קיין פּלאַץ אין קופּע, ווענדט ער זיך צום יידן, ער זאָל אים אָפּטרעטן דעם פּלאַץ, ווייל אַ פּאָליאַק קען נישט שטיין, ווען אַ ייד זיצט. דער ייד האָט גאָרנישט געענטפערט. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער ייד אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו דער טיר. דער קריסט איז אים

נאָכגעגאַנגען און געוואָלט אים אַרויסשליידערן פון לויפנדיקן צוג. דער ייד איז אָבער געווען אַ געזונטער מענטש, ער האָט אַ וואָרף געטון דעם קריסט אויף דער ערד, אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ רעוואָלווער און דערקלערט, אַז ווער עס וועט צוגיין צו אים נאָענט, וועט ער שיסן. דער קריסט איז געזעסן אויף דער ערד ביז דער נאָענטער סטאַנציע. די פּאָליציי האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער קריסט איז אַ לערער פון אַ גימנאַזיע. אָט דאָס זענען זיי די היינטיקע דערציער פון יונגן פוילישן דור.

און אויך אויף די שיפן זענען שוין געווען צענדליקער פאַלן פון שלאָגן יידן. ס׳איז פיל געשריבן געוואָרן וועגן דעם פאַל מיטן יידישן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו. ס׳איז כדאי דעם פאַל צו פאַראייביקן פאַר די קומענדיקע דורות.

פּראָפעסאָר דובנאָוו איז געווען אין ווילנע צום קאָנגרעס פון יידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, אויגוסט 1936. האָט ער מיט זיין טאָכטער און אייניקל געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דער ווילִיע. אויף דער שיף זענען געווען „פאַזנאַנטשיקעס״. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויפן אייניקל, אַ בחור פון אַ יאָר 20, און געוואָלט אים נאָר אַריינוואַרפן אין טייך. מען קען זיך פאָרשטעלן דעם צושטאַנד פון דער מוטער און פון אַלטן 75־יאָריקן זיידן. דער קאַפּיטאַן האָט געמוזט צושווימען אינמיטן וועג צום ברעג, אַרויסזעצן די דריי יידן אין וואַלד אויף אַ ווילד אָרט, ווייל ער האָט אַנדערש נישט געקענט גאַראַנטירן פאַרן לעבן פון יונגן בחור. אויף די שיפן, וואָס גייען פון וואַרשע קיין וולאָצלאַוועק, האָט מען דעם לעצטן זומער עטלעכע מאָל געשלאָגן יידן.

לאָמיר דעם דאָזיקן טייל פאַרענדיקן מיט אַ פאַל, וואָס איז אַ ביסל קאָמיש, אָבער שפּיגלט מיט זיך אָפּ, אין אַ בולטער פאָרעם, די רעכטלאָזע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג און די חוזק־באַציאונג וואָס די מאַכט אָרגאַנען דערלויבן זיך אין באַצוג צו יידן. דער פאַל איז געווען פאַר־עפנטלעכט אין דער פוילישער אַרבעטער־צייטונג „ראָבאָטניק״, אין אָרגאַן פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון 20סטן נאָוו׳ 1937: אין צוג פון סאָסנאָוויץ קיין קאַטאָוויץ איז געפאָרן אַ ייד חיים פרידמאַן, איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ כוליגאַן און צעבלוטיקט מיט אַ מעסער. אין קאַטאָ־וויץ אויף דעם וואָקזאַל האָט פרידמאַן געמוזט באַצאָלן אַ זלאָטי שטראָף

פאַר אויסשמירן די באַנק מיט בלוט. די רעדאַקציע גיט צו, אַז דער נומער פון דער קוויטונג פון בלאָק נומער 5833 געפינט זיך אין רעדאַקציע.

9

סדום? באַרבאַריזם? אָפּיציעלער חוזק פון העכער דריי מיליאָן מענטשן? אַלע ווערטער זענען שוואַך אויף צו כאַראַקטעריזירן די דאָזיקע לאַגע. אָבער מיר האַלטן נאָך גאָר פון פאָרנט. די דערציילטע פאַקטן זענען נישט די שרעקלעכסטע, וועלכע קומען פאָר אין איצטיקן פוילן. מיר ווילן פאַרענדיקן דאָס מאָל אונדזער אַרבעט מיט די קינדער־פּאָגראָמען: קינדער שלאָגן קינדער — פּוילישע יידישע. און שרעקלעך זענען ביידע זייטן פון דער דאָזיקער שוואַרצער מטבע. און ס'איז נאָך אַ פראַגע: וועמענס לאַגע איז דאָ באַדויערלעכער — צי פון די יידישע געשלאָגענע, צי פון די פּויליש־שלאָגנדיקע קינדער?

וועגן דער סטודענטישער פּאָגראָם־עפּאָפּייע, וואָס ציט זיך שוין 5 אָדער 6 יאָר, וועלן מיר אַן אַנדערש מאָל אויספירלעך דערציילן. דאָ רעדן מיר טאַקע וועגן קינדער ממש — שילער און שילערינס פון די פאָלקס־שולן. ערשט ווען מען ווערט געוווירד, אַז אין צענדליקער פאָלקס־שולן, שלאָגן די פּוילישע קינדער זייערע קאָלעגן, מיט וועלכע זיי זיצן אויף איין באַנק; אַז אין צענדליקער פאָלקס־ און מיטל־שולן פאָדערן די קינדער באַזונדערע בענק פאַר זייערע מיטלערנער די יידישע קינדער; אַז די יידישע קינדער, אַרויסגייענדיק פון שול, לויפן גיך אַוועק און האָבן מורא בלייבן שטיין מיט די פּוילישע קינדער; אַז ס'זענען שוין דאָ צענדליקער פאַלן, ווען יידישע קינדער בלייבן אינדערהיים אויס מורא פאַר דער פּוילישער קינדער־מערהייט, ערשט דעמאָלט ווערט קלאָר, ווי ווייט די געפאַלנקייט און דעמאָראַליזאַציע האָט דערגרייכט. אפילו אין דייטשלאַנד איז נישט געווען קיין איין פאַל, אַז קינדער זאָלן פאָדערן באַזונדערע בענק פאַר זייערע יידישע קאָלעגן און אפילו אין דער היטלער־אַטמאָספער קומען זייער זעלטן פאָר אַרויסטרעטונגען פון קינדער קעגן זייערע יידישע חברים. אַז קינדער קענען זיין גרויזאַמער און ווילדער ווי גרויסע, איז אַ באַקאַנטע זאַך. די פאַקטן גיבן גלענצנדע אילוסטראַציעס צו דער דאָזיקער מיינונג.

אין צענטער פון יידישן קוואַרטאַל אין וואַרשע זענען פאַראַן עטלעכע

אָונט־שולן פאַר יוגנטלעכע. זענען די דאָזיקע שולן געוואָרן ממש אַ טראַגעדיע פאַר די יידישע איינוווינער פון יענער געגנט. נאַלעווקי 2, סי־מאָנס־פּאַסאַזש און דלוגע 60 זענען די אַדרעסן פון די שולן און דערמיט אויך נעסטן פון די ערנסטע כוליגאַנעס. מען גייט אַרויס פון שול און מען הויבט אָן שלאָגן אָדער די קאָלעגן אָדער סתם יידן. אין דער געגנט, פון נאַלעווקי ביזן טעאַטער־פּלאַץ, קומען פאַר יעדן אָוונט, אין די שעהען ווען די תלמידים ווערן פריי, אָנפאַלן, וואָס ענדיקן זיך גאָר אָפט מיט אַוועק־פירן עטלעכע יידן אין שפּיטאָל אַריין. מיר האָבן פאַר אונדזערע אויגן אַ ליסטע פון נעמען פון צענדליקער יידן, וואָס זענען גאָר שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן פון די דאָזיקע שילער־כוליגאַנעס. די דאָזיקע דערגאַנצונגס־קורסן פאַר האַנטווערקער לערן־יינגלעך, געעפנט אין צענטער פון יידישן שטאָט־טייל, ווו די יידישע בעלי־מלאכות מאַכן אויס ביז 90 און מער פּראָצענט פון אַלע האַנטווערקער, האָבן שוין כמעט גאָרנישט קיין יידישע שילער, ווייל די יידישע קינדער האָבן פשוט מורא די דאָזיקע קורסן צו באַזוכן. אויף אייניקע קורסן, ווו ס'זענען נאָך פאַרבליבן עטלעכע יידישע תלמידים, האָבן די פאַרוואַלטערס איינגעפירט, אַז די יידישע תלמידים ווערן אָפּגע־לאָזט מיט 10 מינוט פריער, כדי זיי זאָלן זיך באַצייטנס ראַטעווען פון זיי־ערע כוליגאַנישע קאָלעגן.

פון פאַרשידענע יידישע געזעלשאַפטן ווערן אין די לעצטע יאָרן איינ־געאָרדנט אין די זומער חדשים האַלבע קאָלאָניעס, כדי צו געבן די קינדער פון די אָרעמסטע יידישע קוואַרטאַלן אַ מעגלעכקייט עטלעכע שעה אין טאָג צו אָטעמען פרישע לופט. אין וואַרשע פלעגן געניסן פון די דאָזיקע קאָלאָ־ניעס העכער 40 טויזנט יידישע קינדער. די לעצטע פאָר זומערן האָבן זיך געמאָלדן אַ לעכערליך קליינע צאָל קינדער, מחמת די מאַמעס האָבן פשוט מורא געהאַט אָפּצולאָזן די קינדער הינטער דער שטאָט. די מורא נעמט זיך נישט פון קראַנקער איבערגעטריבענער פחד־פאַנטאַזיע. ליידער האָט די פּראַקטיק די אָרעמע מוטערס איבערגעשראָקן. מען פלעגט באַוואַרפן די קינדער מיט שטיינער, מען פלעגט אָנפאַלן און שלאָגן הונדערטער יידי־שע קינדער און זיי פלעגן קומען פון דער פרישער לופט מיט לעכער אין קעפּ. אייניקע האַלב־קאָלאָניעס פלעגן זיך געפונען אַ גאַנצן זומער אונטער דער שמירה פון פּאָליציי. אַז יידן געניסן נישט פון אַלגעמיינע קאָלאָניעס

און האַלב־קאָלאָניעס, וועלכע פלעגן איינגעאָרדנט ווערן פון שטאָטישע אַנשטאַלטן אָדער פון די מלוכהשע פאַרזיכערונגס־אַנשטאַלטן, איז שוין איצט אַן אַלגעמיינער כלל. זומער 1936 זענען נאָך געווען עלטערן, וועלכע פלעגן נאָך איינשטעלן און שיקן זייערע קינדער אויף די אַלגעמיינע קאָלאָניעס. זיי האָבן אָבער באַקומען אַזאַ לעקציע, אַז זיי וועלן שוין מער נישט וואַגן צו ריזיקירן. מיט טרערן און מיט ווונדן זענען די קינדער געקומען אַהיים און פאַרשאָלטן דעם טאָג, ווען זיי האָבן ריזיקירט צו גיין אין אַ קאָלאָניע מיט אַ מערהייט פוילישע קינדער.

עטלעכע פאַקטן וועלן אונדז ווייזן, ווי ווייט די פאַרווילדונג קען דערגרייכן: מיט אַ טראַמוויי זענען געפאָרן יידישע קינדער אויף אַן האַלב־קאָלאָניע, וועלכע האָט זיך געפונען ביי פּאָוואָנזעק, לעבן וואַרשע (אַ פאָר־שטאָט). אויפן וועג האָט מען דעם וואַגאָן דריי מאָל באַוואָרפן מיט שטיינער, צוויי מאָל אָנגעפאַלן און געשלאָגן סיי די קינדער און סיי די דערציער. אין הולענוועק, נישט ווייט פון וואַרשע, איז געווען אין יאָר 1936 אַ קאָלאָניע פון דער סאָציאַלער פאַרזיכערונג. צווישן 200 קינדער זענען געווען אויך 30 יידישע. כדי פון די דאָזיקע 30 יידישע קינדער פּטור צו ווערן האָט מען איינגעפירט אַ כאָר, וווּ די קינדער האָט מען געלערנט זינגען אַנטיסעמיטישע לידער. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן און די יידישע קינדער האָבן זיך געהאַלטן, ווייל זיי זענען געווען פון די אָרעמסטע יידישע שיכטן, אַן לופט אין דעם היים און אויסגעהונגערטע נאָך דעם ביסל זופּ און צוליבן פרייען הימל, האָבן זיי פאַרביסן די ציין און געבליבן אונטער דער פרייער זון, וועלכע זיי זעען אַזוי זעלטן אין די קעלערס און אָרעמע וווינונגען פון זייערע עלטערן. דאַן האָבן די קינדער און אויך די לערער אָנגענומען מער ווירקנדיקע מיטלען: מען האָט אָנגעהויבן שלאָגן. צוערשט איינצעלנע אָנפאַלן, ערגעץ ווייט פון דער געביידע פון דער קאָלאָניע; דאַן אין גרופּעס אָנפאַלן אויף איינציקע יידישע תלמידים און נאָך שפּעטער אויף גאַנצע גרופּעס קינדער. מען האָט זיך דערשלאָגן. די יידישע קינדער האָבן געמוזט אַוועק.

און נישט נאָר יינגלעך באַפאַלן יינגלעך, אויך 9 און 10־יאָריקע מיידלעך באַפאַלן זייערע יידישע חברטעס פון קלאַס און שלאָגן זיי. אַ נאָטיץ פון אַ יידישער צייטונג אין וואַרשע פון 16טן דעצעמבער 1936: „די 9־יע־

ריקע יידישע שילערינס צעלינקאַ שאַפּיראָ און מאַניאַ בעקער זענען אויפן וועג פון דער מלוכה־שול אויף ספּאָקאָינע גאַס באַפאַלן געוואָרן פון עלטע־רע פּוילישע שילערינס, וועלכע האָבן זיי אַזוי צעשלאָגן, אַז בײדע יידישע קינדער זענען געפאַלן אין אָנמאַכט. דורכגייער האָבן זיי אויפגעהויבן און אָפּגעפירט אַהיים".

מיר האָבן ביז אַהער גערעדט וועגן אָנפאַלן פון שילער אויף שילער. מען מוז אָבער אויך צוגעבן, אַז אין די אָנפאַלן פון דערוואַקסענע אויף יידן, נעמען נישט קיין קלײנעם אָנטייל אויך יוגנטלעכע, און די דערוואַק־סענע כוליגאַנעס שאַנעווען אויך נישט קיין יידישע קינדער. אייניקע בייש־פּילן: דעם 27סטן אָקטאָבער 1937 האָט מען אין קראַשינסקיס גאָרטן אין וואַרשע באַגאָסן מיט בענזין אַ וועגעלע, אין וועלכן ס'איז געלעגן אַ קינד פון יידישן אָנגעשטעלטן דוד מעגאַנעק. דער חבר פון דעם, וואָס האָט באַגאָסן דאָס וועגעלע מיט בענזין, האָט אַ וואָרף געטון אַ ברענענדיק שווע־בעלע אין וועגעלע אַריין. ס'האָט זיך אָנגעצונדן דאָס מאַנטעלע אויפן קינד און מען האָט קוים אײנגעלאָשן דאָס פייער און געראַטעוועט דאָס קינד. מען האָט דאָס אָפּגעראַטעוועטע קינד געבראַכט אין אַן אַמבולאַטאָריע און אים געגעבן די ערשטע הילף.

נישט בעסער איז אויף דער פּראָווינץ און אָפּט מאָל אפילו ערגער. אָט איז מען מודיע פון שטעטל קאַרטשעוו, אַז די יידישע עלטערן האָבן אויפגעהערט צו שיקן זייערע קינדער אין די שולן, ווייל די קריסטלעכע קינדער ממיתן און שלאָגן די יידישע קינדער. קלאָגט מען זיך פאַר די לערער, לאַכן זיי און ווייצלען זיך, אַז מען וועט זיך באַגיין אָן די יידישע שילער. אין ווילנע זענען די אַקטיוועסטע אָנטיילנעמער אין אַלע אַנטיסע־מיטישע געשלעגן, נישט נאָר די שילער פון די מיטל־שולן, נאָר אויך פון די פאָלקס־שולן. זיי נעמען אַן אָנטייל אין האַקן יידישע שויבן, אין מהומות אויף די יידישע גאַסן און אין די פּיקעטן ביי די יידישע קראָמען. אויך אין די שולן באַקומען יידן נישט זעלטן געשלאָגן. סוף 1936 זענען אי־בערגעגעבן געוואָרן דער פּראָקוראַטור 35 פּוילישע שילער פאַר האַקן שויבן. אין פּשיטיק האָבן די פּוילישע קינדער אויף אַן אויספלוג אויסגע־האַקט צוויי ציין דעם יידישן שילער גאָלדשטיין. די לערער האָבן קאַלט־בלוטיק זיך צוגעקוקט צו דער ווילדער סצענע און זיך געוויצלט: נישקשה,

ער לעבט נאָך, דער זשידעק... נישט אַלע לערער זענען אָנגעשטעקט מיט דעם האַס און מיר קענען ברענגען אויך אַ פּאָר אַנדערע ביישפּילן:

אין שטעטל שעניצע, ביי מינסק־מאַזאָוויעצק, איז פאַראַן אַ סעמינאַר פּאַר קריסטלעכע לערער. האָבן דריי סעמינאַריסטן געטראָפן אויפן גאַס אַ יידיש יינגל גאָלדשטיין און אים צעשלאָגן און צעבלוטיקט. די מוטער פון יינגל האָט זיך געקלאָגט פאַרן דירעקטאָר פון סעמינאַר. די דריי כולי־גאַנעס זענען אינמיטן דער לעקציע אַרויסגעוואָרפן געוואָרן נישט נאָר פון קלאַס, נאָר פון סעמינאַר. צוליב דער ביטע פון די עלטערן פון די אויס־געשלאָסענע און אפשר אויס מורא פאַר נקמה, איז די מוטער פון יינגל גאָלדשטיין, געגאַנגען צום דירעקטאָר און דערקלערט, אַז זי איז די שלעגער מוחל.

אויך לאָדזש קען זיך באַרימען מיט אירע פּוילישע שילער. אין אַלע דעמאָנסטראַציעס פון די עקסטרעמסטע אַנטיסעמיטן גייען די שילער אין די ערשטע רייען, זיי זענען אויך די ערשטע ביים שלאָגן און פייניקן יידן; זיי זענען די פאַרשפּרייטער פון דער סם־ליטעראַטור; זיי זענען אויף די מערק די אַקטיווסטע פּיקעטשיקעס; זיי שאַנעוון אויך נישט קיין קינדער און אַלטע לייט. אַ ייד פון העכער 70 יאָר — יחיאל קויפמאַן — איז גע־פּאָרן פון וואַרשע קיין לאָדזש. אין וואַגאָן, ביי לאָדזש, האָבן זיך אַ חברה שילער אָנגעהויבן שטאַרק אינטערעסירן מיט דער ווייסער באָרד פון זקן. געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס זיי האָבן אונטערגעצונדן ביים אַלטן יידן די באָרד. צום גליק האָבן זיך געפונען אויפן אָרט עטלעכע קריסטן, וועלכע האָבן אָפּגעראַטעוועט דעם אַלטן יידן און אויך פאַרטריבן די שי־לער. צענדליקער מאָל זענען שוין געווען אָנפאַלן פון קריסטלעכע שילער אויף אויספלוגן פון יידישע שילער. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז יידישע אויספלוגן מוזן באַגלייט ווערן פון פּאָליציי.

מיר קענען דאָס דאָזיקע קאַפּיטל ענדיקן מיט דעם דאָזיקן פאַל, וואָס איז כולל אין זיך אי די לאַגע פון די יידישע קינדער אין די פּוילישע שולן, אי דעם אויסוועג, צו וועלכן זיי מוזן, ליידער, אָנקומען, כדי צו ראַ־טעווען זיך פון פיזישן פּיין.

אין וואַרשע, אויף נאָוואָגראָדסקע גאַס, איז פאַראַן אַ שולע פון גערט־נעריי. צווישן עטלעכע הונדערט שילער איז געווען איין ייד — טאָכטער־

מאַן. האָט ער זיך געלערנט גוט און פלייסיק. יאָרן האָט ער געליטן חוזק און שפּאָט, איינזאַמקייט און אָפּט אויך אָנפאַלן. די לעצטע חדשים — זומער 1937 — שוין האַרט פאַר די סוף־עקזאַמינעס — איז די לאַגע גע־וואָרן גאָר אומדערטרעגלעך. איינמאָל האָבן אים זיינע קאָלעגן אַזוי גענו־מען אין קלעם, אַז ער איז דורך דעם פענצטער אַרויסגעשפּרונגען און אַוועק אַהיים. אַ לערערין פון דער שולע, וואָס האָט זייער געהאַלטן פון אים, האָט אים געשריבן אַ בריוו און אים פאַרזיכערט, אַז זי גאַראַנטירט פאַר זיין געזונט, אָבער טאָכטערמאַן איז מער די שוועל פון דער שול נישט אַריבער־געטראָטן. מען קען זיך שוין פאָרשטעלן, וויפלליידן און פּיין ס'האָט זיך אין דאָזיקן יונגן יידישן מענטש אָנגעקליבן, ווען ער האָט זיך אַנטשלאָסן צו אַנטלויפן פון אַ שולע, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן דריי בעסטע יאָרן פון זיין לעבן. ביין, נישט אַנטלאָפן, נאָר דורך אַ פענצטער געשפּרונגען. געשפּרונגען דורך אַ פענצטער, ווייל די סכנה איז געווען אויך אַ פיזישע.

צווייטער טייל

# אומזיכערקייט

אומזיכערקייט! — קען דען זיין נאָך אַ גרעסערע קללה, נאָך אַ שווערערער אומגליק, נאָך אַ טיפערע טראַגעדיע?

איר גייט אין גאַס. פאַר אייך, הינטער אייך, — פון אַלע זייטן מענטשן אָן אַן ערך. אַ סך יידן. נאָר אָט גייט הינטער אייך אַ קריסט. איר האָט אים אין לעבן נישט געזען, נישט גערעדט מיט אים, נישט געהאַט מיט אים קיין גוטע אָדער שלעכטע געשעפטן, און דאָך פאַרגנבעט זיך ביי אייך פּאַמעלעך אַ געדאַנק, אַז ער שלעפּט איצט אַ מעסער פון קעשענע, כדי אייך אַריינצושטעכן אין אַ זייט, אַז ער האַלט אַ פלאַש אונטער דער פּאָלע, מיט וועלכער ער וועט אייך באַלד פּלעטן דעם קאָפּ. און דער געדאַנק הויבט אייך אָן פאַרפּאָלגן, פּיקן אין מוח, דרייען אין האַרצן. און איר גייט שוין נישט רואיק, נאָר איר רוקט זיך אָן אַ זייט אָדער איר הויבט אָן מאַכן גיכערע טריט, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון דעם אומבאַקאַנטן, וואָס גייט אייך מסתמא נאָך, כדי אייך צו דערלאַנגען מיט אַ מעסער אָדער מיט אַ פלאַש אָדער פּשוט מיט אַ שטעקן.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס 99 פון הונדערט קריסטן, מיט וועלכע איר טרעפט זיך, טראַכטן גאָר נישט וועגן שלאָגן אייך. עס מאַכט נישט אויס, וואָס 999 פון טויזנט יידן קומען פון גאַס אַהיים אָן אַ וווּנד און אָן אַ לאָך אין קאָפּ. מען קען קיינמאָל נישט וויסן, וועלכער עס איז דער הונדערטסטער קריסט, וואָס איז אַרויס מיטן געדאַנק אומבאַדינגט צו מאַכן אַ לאָך אין אַ יידישן קאָפּ, און יעדער ייד האָט אַ גרונט מורא צו האָבן, אַז דאָס איז ער דער טויזנטסטער, וואָס זיין קאָפּ דאַרף באַקומען דעם לאָך.

און דעריבער איז קיין וווּנדער נישט, וואָס אַלע זענען נערוועז, אַלע

זענען אויפגערעגט, אַלע גייען אַרום אומרואיק, אַלע היטן זיך און אַלע זענען גרייט אָדער צו אַנטלויפןביים ערשטן טומל אין גאַס, אָדער, פאַר־קערט, זיך וואַרפן אויף יעדן קריסט, וואָס האָט געזאָגט אַ יידן אַ קרום וואָרט אָדער אפילו נאָר געמאַכט אַ זויערע מינע.

איך האָב פאַרבראַכט אין פוילן אַ פּאָר וואָכן. האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן די דאָזיקע נערוועזיטעט, די אויפגערייצטקייט און אומרו־איקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. ווערט אַ טומל אין גאַס, — לויפן אַ סך יידן און יידענעס און קינדער זיך באַהאַלטן אין די הייף. לויפן אַנדערע יידן, יונגע, אַרבעטער, טרעגער, ספּאָרטסלייט, צו דעם טומל, כדי צו שיצן די געשלאָגענע ברידער, אָנצולערנען די כוליגאַנעס, עס זאָל זיך זיי מער נישט גלוסטן, כדי זיך נוקם צו זיין אָן די פּאָגראָמשטשיקעס. און פון מויל צו מויל, פון אויער צו אויער קלינגען די שרעקלעכע ווערטער: „מען שלאָגט יידן! מען שלאָגט יידן!“

ווו מען גייט און ווו מען שטייט, — אין שטוב, אין טראַמוויי, אין די רעדאַקציעס, אויף פאַרזאַמלונגען, אין קאַפע און רעסטאָראַן — אומע־טום איז אין די לעצטע וואָכן נאָר איין טעמע: מען שלאָגט! דעם און דעם האָט מען פאַרוווּנדעט. דאָרטן און דאָרטן האָט מען געהרגעט אַ יידן. אין יענער און יענער גאַס קען מען נאָך אַכט אַזייגער אין אָוונט נישט אַרויס־גיין פון שטוב, ווייל די כוליגאַנעס שלאָגן אָפּן און אָן רחמנות יידן פון יעדן עלטער, מענער און פרויען. אין יענעם און יענעם גאָרטן, אין צענטער פון שטאָט, שלאָגט מען יידישע פרויען און קינדער.

אָט דעם צושטאַנד האָב איך געטראָפן נישט נאָר אין וואַרשע, נאָר אויך אין לאָדזש, אין ביאַליסטאָק, און אַנדערע שטעט, — ווו מער און ווו ווייניקער. אומעטום האָט מען דאָס געפיל פון פיזישער אומזיכערקייט, פון נישט זיין זיכער מיטן לעבן, פון איינשטעלן דאָס לעבן ביים גיין אין גאַס און באַזונדערס אין די נישט־יידישע גאַסן. אָט דאָס דאָזיקע שרעקלעכע פאַרמאַטערנדע געפיל האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע באַפעלקערונג פון גאַנץ פוילן.

לאָמיר דאָ זאָגן גלייך, אַז דאָס איז אַזוי נישט נאָר אין פוילן. דאָס דאָזיקע אומזיכערקייטס־געפיל, די פּאָגראָם־שרעק האָט אַרומגעכאַפּט אויך די יידן פון רומעניע, פון לעטלאַנד און פון ליטע. וואָס שטאַרקער

דער פּאַשיזם ווערט, וואָס ברייטער ער פאַרכאַפּט די לענדער, וואָס טיפער ער דרינגט אַריין און פאַרגיפטעט די פון קריזיס צערייצטע און אויסגע־הונגערטע מאַסן, אַלץ מער וואַקסט די אומרואיקייט אין די יידישע גאַסן, אַלץ אומזיכערער ווערט דער ייד, אַלץ מער באַוועלטיקט די יידישע נשמה די מורא פאַר פּאָגראָמען, און אַלץ אָפטער און ווילדער ווערן די אָנפאַלן, וועלכע שפּייזן די דאָזיקע פּאָגראָם־מורא.

איז דאָס אפשר אַ יידישע גייסטיקע קראַנקהייט, וואָס האָט זיך אויסגע־אַרבעט ביי יידן אין די הונדערטער און טויזנטער יאָרן פון פאַרפאָלגונגען און פּייניקונגען און וואָס געוועלטיקט איבער זייער נשמה און לאָזט זיי נישט אַרויס פון דער פּאָגראָם־קלעם, פון פּאָגראָם־שרעק?

לאָמיר ברענגען פאַקטן נאָר פון די גאָר לעצטע טעג. די „גיכע הילף" (אַמבולאַנס) פון וואַרשע האָט געמאָלדן שבת, דעם 9טן יוני, וועגן דעם אָוונט פון פרייטיק, דעם 8טן:

10 אַזייגער ביינאַכט האָט דער דאָקטאָר פון „גיכער הילף" פעסט־געשטעלט ביים הויז־ווירט יחזקאל דעלמאַן פינף שווערע ווונדן אין קאָפּ. דער ייד איז אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל, ווו ער איז געשטאָרבן.

10 אַזייגער ביינאַכט, אויף מיאָדאָווע גאַס. דער דאָקטאָר האָט געגעבן הילף דעם 17־יאָריקן חיים איגלאָוויטש, וועלכער האָט באַקומען ווונדן אין קאָפּ, אין פּנים און אין די הענט.

גלייכצייטיק האָט באַקומען ווונדן אין פּנים און אין שטערן דער 52־יאָריקער שניידער יצחק גראָסבערג.

האַלב צוועלף ביינאַכט האָט די „גיכע הילף" געגעבן הילף אויף גזשי־באָווסקע גאַס דעם 33־יאָריקן הענדלער אברהם צימערמאַן, וועלכער האָט באַקומען אַ זעץ אין בויך. ער איז אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל.

אין דער זעלבער צייט האָט באַקומען הילף דער 31־יאָריקער אַרבע־טער יצחק וועבערמאַן, וועלכער איז פאַרווונדעט געוואָרן אין קאָפּ, אין שטערן און אין פּנים.

אויפן באַנק־פּלאַץ האָט לעאָן שוואַרצמאַן באַקומען אַ שטאַרקן זעץ אין בויך. ער איז אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל.

דאָס איז פון איין נאַכט, אין איין שטאָט. און וואָס זעען מיר דאָ? אין די צענטראַלע גאַסן פון דער הויפּטשטאָט פון פּוילן שלאָגט מען יידן,

און די אָנפאַלער בלייבן אומבאַשטראָפט. ווייטער זעען מיר, אַז די שלעגער סטאַרען זיך צו טרעפן אין קאָפּ, אין פּנים, אין בויך. דאָס הייסט, זיי ווילן מאַכן דעם געשלאָגענעם פאַר אַ קאַליקע, אים טרעפן אין אַן אָרט, וואָס זאָל אים אַוועקלייגן.

אָבער די ידיעות פון דער „גיכער הילף" זענען צו קורץ, צו אָפּגע־האַקט און דערציילן נאָר פון דעם רעזולטאַט, פון געפאַלענעם און גע־שלאָגענעם, וועלכן זיי גיבן הילף, דאָס אמתע בילד זעט גאַנץ אַנדערש אויס, און די קרבנות זענען אַ סך מער, נאָר נישט אַזעלכע, וועלכע מען דאַרף שוין פירן אין שפּיטאָל.

אַזוי ווי די יידישע צייטונגען איז לעצטנס פאַרבאָטן צו שרייבן וועגן די אָנפאַלן אויף יידן, נעמען מיר די באַשרייבונג וועגן פּאָוואָנזקער פּאָגראָם פון דער פּוילישער צייטונג „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ", וועלכע מען קען געוויס נישט פאַרדעכטיקן אין איבערטרייבן. די צייטונג שרייבט:

„נעכטן אָוונט זענען אין פּאָוואָנזעק (אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע) פאָרגעקומען בלוטיקע געשעענישן. אַרום 30 אָנפאַלער, באַוואָפנט מיט שטעקנס, גומענע פאַלקעס, אייזערנע שרויפן און קאַסטעטן זע־נען באַפאַלן די פּרץ־ביבליאָטעק. מען האָט אויסגעבראָכן דריי פענצ־טער מיט די ראַמען. די שויבן זענען אויסגעהאַקט געוואָרן מיט שטיינער און ציגל. נאָכן דאָזיקן פּאָגראָם זענען די אָנפאַלער אַוועק אין לייב זאַלצמאַנס בעקעריי, אויסגעהאַקט די שויבן און צעבראָכן די איינריכטונג.

אויפן וועג האָבן זיי געטראָפן דעם ייד יחזקאל דעלמאַן, גע־שלאָגן אים מיט שטעקנס און שרויפן. מען האָט אים געבראַכט אין שפּיטאָל, ווו ער איז געשטאָרבן. די אָנפאַלער האָבן געוואָלט צווינגען דעם שאָפער פון טאַקסי, דעלמאַן, אַ ברודער פון דעם דערמאָרדעטן, ער זאָל זיי אָפּפירן צו זייער לאָקאַל. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, האָבן זיי אים גוט צעשלאָגן און צעשטערט זיין טאַקסי. זיי זענען נאָך אָנגע־פאַלן אויפן יידן זייטמאַן און אויף דער פרוי חנה יערוכאַנקעוויטש. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט 11 פון די שלעגער".

מען קען זיך פאָרשטעלן די שטימונג ביי די יידן פון פּאָוואָנזעק יענעם פרייטיק צונאַכטס. מען קען מיינען, אַז די אַלע געבראַכטע פאַקטן זענען

צופעליקע זאַכן, וואָס קענען טרעפן אין יעדער גרויסער שטאָט. מוזן מיר זאָגן, אַז די דאָזיקע איבערפאַלן קומען פאָר טאָג־טעגלעך שוין מער ווי פינף וואָכן, און נישט נאָר אין וואַרשע, נאָר אויך אין אַנדערע ערטער.

אָט זענען עטלעכע פאַקטן, ווידער פון וואַרשע, פון שבת, דעם 9טן יוני:

אין די מאַרק־האַלעס איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין קאָפּ דער 23־יאָרי־קער נחום שלאַנקאָוויטש.

אויף באַנק־פּלאַץ איז פאַרוואונדעט געוואָרן ישראל שולדינער.

און אָט זענען נאָר אַ פּאָר ידיעות פון דער פּראָווינץ. אין אַלט־מילאָס־נאַ, ביי וואַרשע, האָבן די נאַראַ־לייט (די נייע פּאָגראָם־פּאַרטיי „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן") אַ גאַנצן טאָג, דעם 4טן יוני, פאַרשפּאַרט די יידישע געשעפטן און נישט געלאָזט קיין קריסטלעכע קונים אַריינגיין אַהין. אויף דער נאַכט האָבן זיי גענומען שלאָגן יידן. עטלעכע מענטשן זענען פאַרוואונדעט געוואָרן. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט צוויי כוליגאַנעס.

אין וואָלאָמין זענען נאַראַ־לייט באַפאַלן הינטערן שטעטל דריי יידן, זיי מערדערלעך געשלאָגן. איינעם האָט מען געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל.

אין ביאַליסטאָק איז דערהרגעט געוואָרן דער יידישער אַרבעטער לו־בינסקי. ער איז געגאַנגען פון דער אַרבעט. פּלוצלינג איז מען אָנגע־פאַלן אויף אים, אים געשלאָגן מיט אַ פלאַש אין קאָפּ און שווער פאַרוואונדעט. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער געשטאָרבן. ביי דער לוויה זענען געווען אפשר צען טויזנט יידן אַלס פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס די פּאָליציי נעמט נישט אָן קיין מיטלען קעגן די כוליגאַנעס. ביים קבר האָבן געהאַלטן רעדעס פאַרטרעטער פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פון די פּוילישע סאָציאַליסטן. זיי האָבן גערופן צו געמיינשאַפטלעכן קאַמף קעגן דעם פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם.

אין קעלץ האָבן די נאַראַ־לייט אויפגעהאַנגען אויפן טויער פון שטאָ־טישן פּאַרק אַן אויפשריפט:

„יידן און הינט אַריינגאַנג פאַרבאָטן".

די פּאָליציי האָט די אויפשריפט אַראָפּגענומען. די נאַראַ־לייט גייען אַרום איבער די הייף און זינגען גרופּעסווייז אַנטיסעמיטישע לידער. צווישן יידן הערשט אַ פּאַניק.

יעקב לעשצינסקי

אין ווילנע איז מען דעם 1טן יוני באַפּאַלן יידן אויף מיצקעוויטש גאַס, אין צענטער פון שטאָט. די אָנפירער פון די איבערפאַלער זענען געווען דער רעדאַקטאָר פון די צוויי אַנטיסעמיטישע צייטונגען „גלאָס ווילנאַ״ און „דזשעננניק ווילענסקי״ און אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ וואַרשעווער צייטונג. ביידע זענען אַרעסטירט געוואָרן. אויף מאָרגן איז שוין געווען דער פּראָצעס און זיי זענען באַשטראָפט געוואָרן מיט 20 זלאָטעס. יידישע קעפּ, ווייזט אויס, זענען מער נישט ווערט.

ביי וואַרשע האָט אַ גרויסע גרופּע נאַראַ־לייט געמאַכט אַן אָנפאַל אויף יידישע בעלי־עגלות, וועלכע האָבן געפירט זאַכן פאַר די זומער־ווויינונגען. זיי זענען אַלע בלוטיק צעשלאָגן געוואָרן. ס׳זענען פאַרוואונדעט געוואָרן: משה אהרון זשעלאַזקי, שמעון גאָלדבערג, יוסף פּאַסקלינסקי, שמעון פּאַסקלינסקי, משה לייב ווינציגער, אליעזר צירקולעוויטש און משה מילגרוים.

מיר וואָלטן געקענט אָנפילן אַ פּאָר בויגנס פּאַפּיר מיט פאַקטן, וואָס באַווייזן, אַז דער טעראָר ווילדעוועט אָפן, האַלט די יידישע באַפעלקערונג אין שרעק און מורא, אַז שוין הונדערטער יידן זענען פאַרוואונדעט געוואָרן און אַז די חוצפּה פון די כוליגאַנעס האַלט אין איין וואַקסן. אָבער די גע־בראַכטע פאַקטן זענען איבערגענוג. זיי באַווייזן, אַז די יידישע פּאָגראָם־שרעק איז, ליידער, נישט קיין ירושה־געפיל פון אייביקע פייניקונגען, נאָר אַן אָפּקלאַנג פון דעם וואָס מען לעבט איבער איצט, יעדן טאָג, יעדע שעה.

אומזיכערקייט! איז דען דאָ אַן ערגערע קללה אויף דער וועלט? ווייסט דען נאָך אַ פאָלק אין דער וועלט דעם טעם פון פּאָגראָם־שרעק, פון שטענדיק אַרומקוקן זיך צי באַקומסטו נישט אין אַ זייט אָדער מיט אַ פלאַש איבערן קאָפּ?

28טער יוני, 1934.

# יידישע זעלבסטשוץ

ווי פאַרהאַלט זיך די יידישע באַפעלקערונג צו די איבערפאַלן אויף יידן, צו די כוליגאַנעס, וואָס טעראָריזירן יידישע פרויען און קינדער? ווי פאַרהאַלטן זיך יידן צו דער רעגירונג, וואָס דולדעט דעם כוליגאַניזם, וואָס לאָזט ווילדע יונגעלייט אָנפאַלן מיט מעסערס און שטעקנס אויף רו־איקע אומשולדיקע מענטשן?

איך מוז זאָגן דעם אמת, אַז מיך האָבן די דאָזיקע פראַגן שטאַרקער אינטערעסירט, ווי די אָנפאַלן אַליין, אפילו ווי די יידישע קרבנות. סוף כל סוף איז דאָ אַ גרויסער שטיק אמת אין די ווערטער „בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו" — אַז אין יעדן דור, אין יעדער צייט, זענען פאַראַן בעלנים אונדז צו פאַרטיליקן. און פון אונדזער ענטפער איז אָפּ־העגגיק, צי עס וועט אונדזערע שונאים זיך איינגעבן אונדז צו טרעפן. פון אונדזער ענטפער, פון אונדזער גרייטקייט זיך צו שיצן, צו געבן קלעפּ פאַר קלעפּ, אַ מעסער פאַר אַ מעסער, העגגט אָפּ זייער פיל.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַרשידענע טיילן פון יידישן פאָלק, פאַרשידענע קלאַסן ענטפערן פאַרשידן. אָבער ביי אַלעמען איז דער ענטפער אַ נאַציאָ־נאַלער, ווען אפילו מען קוועטשט דעם טראָפּ אויפן קלאַסן־מאָמענט. מען שלאָגט יידן. געוויס טרעפט מען אָפטער דעם אָרעמען יידן, ווייל אין אים דערקענט מען לייכטער דעם יידן, ווייל ער פאַרשלייערט ווייניקער זיין יידישן פנים. אָבער די כוליגאַנעס שטייען געוויס נישט אויפן קלאַסן־שטאַנדפונקט, און פאַר זיי איז יעדע יידישע ברוסט גוט פאַר אַ מעסער. און דעריבער איז יעדער רוף צו ענטפערן די כוליגאַנעס שטאָלץ און ווירדיק, מיט מוט און קראַפט, אַ נאַציאָנאַלער רוף, וועלכער טראָגט אין זיך, און מוז טראָגן אין זיך נאַציאָנאַלע אחדות־געפילן, נאַציאָנאַלע כלל־ישראל־געפילן.

מיר זאָגן עס אַנטקעגן דעם, וואָס עס איז נאַטירלעך וואָס די ערשטע וועלכע האָבן זיך אָנגערופן מיט אַ מוטיק וואָרט, מיט אָן אויפמונטערונג צו שיצן זיך, זענען די אַרבעטער, וועלכע טראָגן אין זייערע הערצער די זכרונות פון די צוויי רוסישע רעוואָלוציעס, די וועלכע זענען יורשים פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יאָר 1905 און 1917.

אָט האָט אַזאַ גרופּע יידישע סאָציאַליסטן אין לאָדזש אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו באַוואָפענען זיך, צו אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ. דער אויפרוף איז, פאַרשטייט זיך, פאַרשפּרייט געוואָרן אין געהיים, „אומלעגאַל".

מיר ווערן פון דעם אויפרוף געוויר, אַז צוויי מענטשן זענען אין לאָדזש געשטאָרבן, עטלעכע ליגן אויפן טויטן־בעט און די פאַרוווּנדעטע דער־גרייכן אַ סך צענדליקער. פון די „לעגאַלע" צייטונגען, וועלכע זענען איצט אײַנגעצאַנצן שטום געוואָרן, וועלכע מען האָט אויפגעהאַנגען אַ שלאָס אויפן מויל, האָט מען זיך נישט געקענט דערוויסן אַזוי פיל. ווי מען גיט איבער, האָבן דאָרטן די כוליגאַנעס גאָרנישט געלעקט קיין האָניק. מען האָט זיי געוויזן, אַז שלאָגן יידן איז יעדנפאַלס אַ געננג ריזיקאַלישער געשעפט.

נאָך בעסער און ווירקזאַמער איז געווען דער ענטפער פון די יידישע אַרבעטער אין ביאַליסטאָק. דאָ האָבן די „נאַראַ"־לייט, די נאַציאָנאַלע ראַ־דיקאַלן, געמוזט אויסטון זייערע מונדירן. זיי האָבן פּשוט מורא געהאַט זיך צו ווייזן אין די יידישע גאַסן אין זייערע מונדירן, ווייל מען צאָלט זיי באַלד אָפּ פאַר זייערע אָנפאַלן, אָדער מען גיט זיי אַוואַנסן אין פאָראויס. די ערשטע טעג האָבן דאָ די כוליגאַנעס געווילדעוועט אַבסאָלוט אומבאַ־שטראָפט אין די צענטראַלע גאַסן, אין די יידישע קוואַרטאַלן. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען נישט צוגעגרייט. זי האָט נישט געגלויבט, אַז די פּאָליציי וועט דאָס דולדן. די יידן האָבן זיך עפּעס פון אָנהויב ווי פאַרלוירן. אָבער גאָר גיך האָט מען זיך אויפגעכאַפּט, און איינגעזען אַז די בעסטע שוץ איז די זעלבסטשוץ; אַז דאָס בעסטע איז צו פאַרלאָזן זיך אויף זיך אַליין, אויף די אייגענע כוחות. און מען האָט גענומען ענטפערן אי גרו־פּעסווייז אי איינציווייז.

די מאַכט האָט באַלד דערזען, אַז דאָס שמעקט מיט בירגער־קריג און האָט גענומען אַרעסטירן יידן — שולדיקע און אומשולדיקע, אַ סך מער אומשולדיקע. און די שולדיקע זענען אויך נאָר שולדיק אין דעם, וואָס

## ערב חורבן

זיי האָבן געשיצט יידישע פרויען און קינדער, עלטערע לייט און שוואַכע מענטשן. זיי זענען שולדיק נאָך אין דעם, וואָס זייער מענטשלעך בלוט, זייער מענטשלעכע ווירדע האָט זיי געטריבן צו ענטפערן כוליגאַנעס מיט כוליגאַנישע מיטלען און עס זיצן טאַקע איצט אַ פּאָר צענדליק יידן אַרעס־טירט. אָבער די לעצטע טעג איז געוואָרן רואיקער, זיכערער און לייכטער די יידן אויפן האַרצן, ווייל מען האָט ענדלעך דערפילט, אַז מען איז נישט נאָר געשלאָגענע, נאָר אויך שלאָגענדע.

ביז גאָר טרויעריק און מיט אַ סך קרבנות זענען פאַרלאָפן די פּאָגראָם־געשעענישן אין וואַרשע. אויך דאָ האָבן יידן די ערשטע צייט זיך ווי פאַר־לוירן, אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַניק, זיך פאַרלאָזט אויף דער מאַכט. וואָרום ביז נישט לאַנג צוריק איז געווען גאָר שטאַרק דער גלויבן, אַז וואָס־וואָס, נאָר צו פּאָגראָמען און פיזישע געוואַלד־טאַטן וועט די פּילסודסקי־רעגי־רונג נישט צולאָזן. האָט מען טאַקע אַ פּאָר וואָכן געשלאָגן יידן און די חוצפּה פון די שלעגער האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, און די לעכער אין יידישע קעפּ האָבן געהאַלטן אין איין מערען זיך.

די חוצפּה פון די כוליגאַנעס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן גענומען אַ לאָקאַל אין צענטער פון דער יידישער געגנט, נעבן דזשיקע און מוראַנאָווער גאַס, האָבן אָנגעהויבן אַריינרייסן זיך אפילו אין די קוואַר־טאַלן אַרום דעם אייזערנעם טויער, ווו די יידישע טרעגער האָבן שוין אַ הייליקן מנהג צו שיצן דעם כבוד פון יידישן פאָלק מיט גויאישע מיט־לען, דאָס הייסט, מיט מעסערס און שטעקנס.

אָבער מיט אַמאָל האָט עפּעס ווי געפּלאַצט די געדולד פון די אַר־בעטער, פון די יידישע טרעגער, פון דער יידישער יוגנט. בכלל פון דעם טאָג אָן קען מען שוין נישט רעדן וועגן אַ פּאָגראָם אויף יידן, נאָר וועגן אַ מלחמה צווישן פּוילישע נאַציאָנאַל־כוליגאַנעס און יידן. יעדן אָוונט, אין פאַרלויף פון מער ווי צוויי וואָכן, זענען געווען שלעגערייען, באַזונדערס אין די טיילן פון שטאָט, ווו יידן וווינען אין געדיכטע מאַסן. עס זענען געווען צענדליקע פאַרוווּנדעטע פון ביידע זייטן. די פּאָליציי טענהט, אַז יידן האָבן ערגער געשלאָגן די „נאַראַ"־לייט, ווי יענע האָבן געשלאָגן יידן. הלוואי וואָלט דאָס געווען אמת, וואָרום דער איבערגעפּאַלענער מוז דאָך אַמאָל אַרויס פון די כלים און מוז זיך נוקם זיין אין די שלעגער. מענטשן,

וואָס שטייען אָבער נאָענט צו די דאָזיקע קרייזן, פאַרזיכערן, אַז עס איז נישט אמת; אַז די פּאָליציי האָט פּשוט געכאַפּט גיכער און מער יידן, און צו די אמתע כוליגאַנעס, צו די אָנהויבער פון די אָנפאַלן, צו די העצער און פּאָגראָמשטשיקעס האָט זי זיך פאַרהאַלטן מילד און ווייך.

אָט זענען איניקע כאַראַקטעריסטישע פאַקטן: אויף סטאַווקי גאַס האָבן די נאַראַ־לייט אָנגעהויבן צו פאַרטשעפּען יידן. האָבן יידישע אַרבעטער נישט געוואַרט ביז יענע וועלן אַרויסווייזן אַלע זייערע כוחות, און האָבן זיי גוט אָנגעשלאָגן. צוויי כוליגאַנעס זענען פאַרווונדעט געוואָרן. האָט מען באַלד אַרעסטירט עטלעכע צענדליק יידישע אַרבעטער. מען האָט געכאַפּט אין גאַס יעדן יידישן אַרבעטער און מען האָט אים געפירט אין אַרעסט.

פאַרן אייזערנעם טויער איז אויך געווען אַ געשלעג, און עס זענען געווען פאַרווונדעטע פון ביידע זייטן. אַרעסטירט האָט מען יידן, און פיר יידישע יונגעלייט האָט מען פאַרמשפט צו 14 און צו 30 טעג אַרעסט. די כוליגאַנעס האָבן זיך געמאַכט אַ מאָדע אָנצופאַלן אין די גאָרטנס אין צענטער פון די יידישע קוואַרטאַלן אויף פרויען און קינדער. אמת, אָפּט האָבן זיי גאָר נישט געשלאָגן, זיי האָבן נישט געדאַרפט שלאָגן. עס איז גענוג געווען אַרויסצורופן אַ פּאַניק, אַז די יידישע ווייבער זאָלן זיך לאָזן לויפן; אַז די וועגעלעך מיט די יידישע קינדער זאָלן זיך איבערקערן און די קינדער זאָלן צעשלאָגן ווערן; אַז יידן בכלל זאָלן פליען איינער נאָכן אַנדערן און פאַלן איינער אויפן אַנדערן. די כוליגאַנעס האָבן געקוואָלן פון נחת און געמאַכט צו שפּאָט יידישע פרויען און אַלטע לייט.

האָבן ענדלעך יידישע יונגעלייט זיך גענומען מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער כוליגאַנעריי. און ווידער האָט מען אַרעסטירט מער יידן, ווי נישט־יידן, כאָטש פאַר דער פּאָליציי איז דאָך קיין סוד נישט, אַז נישט די יידן האָבן אָנגעהויבן און אַז יידן וואָלטן קיינמאָל נישט אָנגעהויבן, ווען נישט די דרינגענדע נויט צו שיצן זיך, צו שיצן פרויען און קינדער.

צום גליק האָבן זיך אין וואַרשע געפונען גענוג באַוווסטזיניקע פּויִלישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען שלאָגט יידן און מען מיינט אויך זיי, און זיי זענען צוגעשטאַנען צום קאַמף קעגן די „נאַציאָנאַלע ראַדיקאַלן". דאָ האָבן די שלעגערייען אָנגענומען

נאָך שאַרפערע און בלוטיקערע פאָרמען. די נאַראַ־לייט זענען אָנגעפאַלן אויפן לאָקאַל פון „פּע־פּע־עס" (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) און האָבן פאַרוואונדעט זעקס אַרבעטער. די „פּע־פּע־עסישע" אַרבעטער האָבן באַצאָלט דעם חוב מיט פּראָצענט. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט אַ פּופציק מענטשן פון די ראַדיקאַלע נאַציאָנאַליסטן. אַ טאָג אַכט האָבן זיך געצויגן די שלעגערייען.

מיר קענען דאָ נישט אויסרעכענען די אַלע פאַלן, ווען יידישע אַרבע־טער און יידישע יוגנט בכלל האָבן געגעבן די כוליגאַנעס אַ קלאָרע אָנצו־הערעניש, אַז ווען מען גייט שלאָגן יידן, דאַרף מען זיין גרייט צו כאַפּן אַ גאָב, פון וועלכער מען זאָל מוזן ליגן אין בעט עטלעכע טעג. וואָס־זשע האָט געטון די פּאָליציי? מען האָט פּלוצלינג געמאַכט רעוויזיעס אין אַ סך יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אַרעסטירט צענדליקע אַרבעטער. און אויף מאָרגן האָט מען אָפּגעדרוקט אין די צייטונגען אַ ידיעה, אַז מען האָט ביי יידן געפונען אַ סך געווער, און אַז איצטער וועט שוין זיין רואיק, עס האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז שולדיק זענען דער עיקר יידן. מען האָט גערופן פאַרטרעטער פון די יידישע צייטונגען, און חוץ וואָס מען האָט זיי פאַרבאָטן צו שרייבן וועגן די אָנפאַלן, האָט מען זיי גע־ראָטן, אַז זיי זאָלן ווירקן אויף דער יידישער באַפעלקערונג, זי זאָל זיך פאַרהאַלטן רואיק, נישט נעמען נקמה און זיך פאַרלאָזן אינגאַנצן אויף דער פּאָליציי, וועלכע זאָגט־צו צו מאַכן אַ סוף צו די שלעגערייען.

דערוויילאָבער גייען אָן די אָנפאַלן ווייטער, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס איצט ווייסט מען ווייניקער, ווייל די צייטונגען שרייבן גאָרנישט וועגן דעם.

דאָ זעען מיר, ווי עס האָט זיך פאַרהאַלטן צו די אָנפאַלן יענער טייל פון יידישן פאָלק, וואָס מאַכט נישט קיין אָפיציעלע פּאָליטיק, נאָר רופט זיך אָן מער מיט זיין געזונטן געפיל, דירעקט, אויפן אָרט, וואָרום נאָר טיילווייז קען מען דאָ רעדן וועגן אַן אָרגאַניזירטער זעלבסטשוץ, וועגן אָנפירן אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע כוחות. מען דאַרף געדענקען, אַז אין פּוילן שטייען אין דער יידישער יוגנט־באַוועגונג ביז 200 טויזנט יידישע בחורים און מיידלעך. און מער פון הונדערט טויזנט פון זיי גייען דורך אַ גוטע ספּאָרט־שולע, אַ גוטן ספּאָרט־חדר. דאָס איז גאָר אַ בייער טיפּ

ייד, וואָס ווייסט ווי צו געבן אַ זעץ ווּהין מען דאַרף, און וואָס לאָזט זיך נישט שפּייען אין דער קאַשע און אוודאי נישט אין פּנים.

ווי־זשע האָבן זיך געהאַלטן די איבעריקע טיילן פון די פּוילישע יידן?

אַמבעסטן און קליגסטן האָבן געהאַנדלט די רבנים. זיי האָבן גוזר תענית געווען. זאָלן יידן פאַסטן, וועלן זיי ווערן אַזוי שוואַך, אַז עס וועט נישט זיין ווער מען צו שלאָגן. ווי זאָגט מענדעלע מוכר ספרים: שוין היינטיקע צייטן איז דער יידישער מאָגן גרויס ווי אַ כזית; און אויב יידן וועלן ווייטער בלייבן גוט און פרום, וועלן זיי דערגרייכן, אַז זיי וועלן גאָר קיין מאָגנס נישט האָבן.

דאָס איז געוויס נישט נאָר אַ קלוגע לייזונג פון דער פראַגע, נאָר אויך אַ גרינטלעכע. ווי מיר זעען, האָבן זיך די רבנים נישט פאַרלוירן און האָבן גלייך געפונען אַן עצה.

אַ סך ערגער איז געווען ביי די יידישע אָפיציעלע פּאָליטיקער, ביי די, וועלכע האָבן געגלויבט, גיכער זיך געמאַכט גלויבן, אַז די איצטיקע רע־גירונג וויל נישט, דאַרף נישט און וועט נישט דערלאָזן צו קיין פּאָגראָמען. די דאָזיקע אָפיציעלע פּאָליטיקער, וועלכע האָבן תמיד געדעקט דעם עקאָ־נאָמישן אַנטיסעמיטיזם פון דער רעגירונג מיט איר פּאָליטישער פריינט־שאַפט צו יידן, מיט איר שיצן די יידן פון די אַנטיסעמיטישע גרופּן, וועלכע ווילן פיזיש פאַרניכטן די יידן, — די דאָזיקע מענטשן האָבן ממש פאַר־לוירן דעם קאָפּ, האָבן זיך דערפילט ווי אָפּגענאַרט און באַשווינדלט. וואָרום מען מוז זאָגן, אַז זיי האָבן געהאַט ביי די יידישע בורזשואַזע מאַסן אַ גרויסן דערפאָלג. די דאָזיקע טעאָריע האָט זיך גוט צוגענומען — דער נפש, דאָס לעבן, איז דער עיקר; די רעגירונג שיצט יידן, לאָזט נישט צו פּאָגראָמען, מוז מען איר מוחל זיין אַנדערע חטאים. וועט מען אַ ביסל צודאַרן. עס איז שלעכט און ביטער אָן פּרנסה, אָבער אָן אַ קאָפּ איז נאָך ערגער. פּאָגראָמען איז דאָס ערגסטע, און אַ רעגירונג, וואָס היט, שיצט פון פּאָגראָמען, איז שוין אַ גוטע רעגירונג. מען דאַרף איר זיין דאַנקבאַר, איר העלפן קעגן אירע פּאָליטישע שונאים ביי די וואַלן, זי נישט רייצן, נישט אַרויסטרעטן קעגן איר אין אויסלאַנד, הכלל זיין אויס דאַנקבאַרקייט שטילער פון וואַסער און נידעריקער פון גראָז.

און פּלוצלינג! די רעגירונג איז ביי דער פּולער מאַכט, און דאָך שלאָגט מען יידן אויף די גאַסן פון די גרעסטע שטעט פון פּוילן, מען שלאָגט וואָכן־לאַנג, אָפן. מען דרוקט פּאָגראָם־אַרטיקלען און מען פאַר־טיילט זיי אין הונדערטער טויזנטער עקזעמפּלאַרן. מען גרייט צו בלוטיקע פּאָגראָמען. און די רעגירונג שווייגט! זי וויל אפילו נישט צוזאָגן, אַז זי וועט מאַכן אַ סוף צו דעם. זי טרייסט דערמיט, אַז די אַנטיסעמי־טישע כוואַליעס זענען אין אַנדערע לענדער נאָך העכער. ווי מיט אַ האַק אין קאָפּ האָט מען יענע יידישע פּאָליטיקער געגעבן!

און די אַלע, וואָס האָבן אַליין צעבראָכן אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און פאַרטרעטערשאַפטן, וואָס האָבן ציניש אויסגעלאַכט דעם ווערט פון יידישער פּאָליטיק און פון יידישן קאַמף, וואָס האָבן חוזק געמאַכט פון יעדער יידישער פאָדערונג, ווייל יידן קענען נאָר אויסבעטן, אָבער נישט עפּעס אויסקעמפן, — אָט די אַלע לויפן איצט אַרום ווי פאַרסמטע מייז, שרייען, אַז מען מוז זיך כאָטש אָרגאַניזירן, זיין אינאיינעם, געאייניקט, זיי זאָגן נישט צוליב וואָס מען דאַרף זיך אָרגאַניזירן און וואָס וועט טון אַ יידישער נאַציאָנאַלער ראַט, ווען ער זאָל געבוירן ווערן. אָבער זיי פילן, אַז מען טאָר דאָך נישט לאָזן די מאַסן פאַרצווייפלען, אַז דער הפקר־צושטאַנד, וואָס הערשט אין יידישן לעבן, איז טויזנט מאָל געפערלעכער פון די אָנ־פאַלן פון די כוליגאַנעס.

עס איז אָבער אַבסאָלוט נישטאָ קיין האָפענונג, אַז עס זאָל עפּעס וואָס באַשאַפן ווערן, וואָס זאָל קענען האָבן אויטאָריטעט אין די אויגן פון יידן אָדער פון נישט־יידן. די דעמאָראַליזאַציע, די הפקרות, האָט טיף צעפרעסן די יידישע בורזשואַזע געזעלשאַפט. דער קאַריעריזם טאַנצט אַ שדים־טאַנץ, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר די מיאוסע מעשים. מסרן און לעקן די שטיוול פון פריץ איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג אין אַלע יידישע קהילות. און עס איז אין גאַנץ פּוילן נישטאָ איין מענטש, פאַר וועלכן מען זאָל דרך־ארץ האָבן, פאַר וועלכן מען זאָל זיך שעמען, וועמעס וואָרט עס זאָל געהערט ווערן, שוין אָפּגערעדט וועגן פאָלגן אים.

4טער יולי, 1934.

# אַ פּאַרשפּעטיקטער פּאָגראָם - פּראָצעס

איצט מעג מען שוין פראַנק און פריי דערציילן און שרייבן, אַז אין פּאָוואָנזעק, אין אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע, איז פאַראַיאָרן זומער געווען אַ פּאָגראָם, אַ פּאָגראָם טאַקע מיט אַלע פּיטשעווקעס: מיט אויסגעהאַקטע פענצטער, מיט צעבראָכענע מעבל, מיט צערויבטע סחורות, מיט עטלעכע פאַרוווּנדעטע יידן און מיט איינעם אַ דערהרגעטן ייִדן. פאַראַיאָרן האָט מען פאַרבאָטן וועגן דעם צו דערציילן, האָט מען עס נאָר איבערגעגעבן פון אויער צו אויער. דעם דערהרגטן ייִדן, דעם פּאָגראָם־קרבן האָט מען באַהאַלטן אין דער שטיל. די פענצטער אין די צעראַבירטע הייזער האָט מען גיך פאַרריכט אָדער פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס. די פיזישע וווּנדן האָט מען איבערגעבונדן און זיי האָבן זיך טאַקע פאַרהיילט. די מצבה אָבער אויפן קבר פון פּאָגראָם־קרבן וועט דערציילן אויך שפּעטערדיקע דורות, אַז אין יאָר 1934, 15 יאָר נאָך דער דערגרייכטער זעלבסטשטענדיקייט פון אויפּגעלעבטן פּוילן, איז אין דער הויפּטשטאָט פון באַפרייטן פּוילישן פאָלק — באַפרייטן מיט דער הילף פון גאָר אַ סך ייִדיש בלוט, — פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם. און דאָס וואָרט פּאָגראָם האָט די גאַנצע קולטורעלע וועלט אָנגעפילט מיט עקל צום אַמאָליקן רוסלאַנד, ווי אַ פּוילישע צייטונג האָט געשריבן.

די דאָזיקע פּוילישע צייטונג איז אַ קאָנסערוואַטיווע, אָבער אַן ערלעכע און קולטורעלע. זי גייט אַרויס אין קראָקע. און כאָטש די צייטונג איז אַ געטרייע רעגירונגס־צייטונג, האָט זי אויך ערשט איצט, נאָכן פּראָצעס איבער די 22 פּאָגראָמשטשיקעס, באַקומען די מעגלעכקייט אַזוי אָפן און ערלעך צו כאַראַקטעריזירן די געשעענישן פון פאַראַיאָרן. און די דאָזיקע קאָנסערוואַטיווע צייטונג, אפשר די איינציקע אין גאַנץ פּוילן, האָט אויך געהאַט מוט און מענטשלעכקייט צוגעגעבן, אַז די אמתע שולדיקע אין

פּאָגראָמען זענען נישט די גאַסן־יונגען, די מאַרק־באָסיאַקעס, די גנבים, די אַלפאָנסן, די פּראָסטיטוטקעס, וואָס זיצן געוועגלעך אויף דער באַשול־דיקונגס־באַנק. שולדיק איז די נידערטרעכטיקע, פאַרקויפטע און קויפנדע אינטעליגענץ, וועלכע רייצט און העצט, פאַרשפּרייט באַוווסטזיניק ליגנס און טרייבט צו מאָרד און רויב.

אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק פון דעם נאָר־וואָס פאַרענדיקטן פּראָ־צעס זענען געזעסן 22 „נאַראָווצעס". דאָס זענען די מיטגלידער פון אַ נייער „נאַראָדאָווער" אָרגאַניזאַציע, וועלכע מאַכן שוין צוויי יאָר קלענערע און גרעסערע פּאָגראָמען, און וועלכע האָבן אויך דעם פּאָגראָם־פּראָצעס אין וואַרשע באַגלייט מיט אַן אַקאָמפּאַניאַמענט פון שלאָגן יידן אין די גאַסן פון וואַרשע און לאָדזש. ס'איז נישט זייער שולד, וואָס זיי שלאָגן נאָר איינ־צעלנע יידן און נישט מאַסן יידן. זיי זענען גרייט צו מקיים־זיין די פּאָגראָם־מצווה ווי מען באַדאַרף און ווי די פּאַרטיי־פּראָגראַם באַפעלט. לאָזט מען אָבער נישט זיך צעפירן די הענט. מוז מען יוצא זיין מיט מאַכן דאָ אַ לאָך אין קאָפּ אַ יידן, דאָרטן אויסשלאָגן אַן אויג, נאָך אין אַ גאַס אָנברעכן די ביינער אַן אַלטן יידן, און אין אַ גאָר גערעטענעם אָרט אַוועקלייגן טאַקע טויט אַ יידן. אָבער אַלץ איינצעלנע, דער גרויסער פּאָגראָם בלייבט דער־ווייל אַ פּונקט אין פּראָגראַם און אַ האָפענונג פון די „בעסטע זין" פון באַפרייטן פּוילן.

ווער־זשע זענען די דאָזיקע 22 נייע אויסלייזער פון דעם שוין איינמאָל אויסגעלייזטן פּוילן? ווער זענען די דאָזיקע נייע באַפרייער, וואָס נעמען זיך אונטער צו באַפרייען פּוילן שוין נישט פון צאַרישן יאָך, און נישט פון ווילהעלמס בייטש און נישט פון פראַנץ יאָזעפס קאַנטשיק, נאָר ווי זיי זאָגן, פון דער יידישער „פּיאַווקע"?

אָט איז זייער יחוס־בריוו: דריי פון די אָנגעקלאָגטע זענען שוין געזעסן אין טורמע פאַר פאַרגוואַלטיקן יונגע מיידלעך און ענלעכע פאַרברעכנס; דרייצן „נאַציאָנאַלע העלדן" זענען שוין אויך געווען באַשטראָפט פאַר גנבה, פאַר שטעכן מיט מעסערס און אָנפאַלן; דער יינגסטער „אויסלייזער" פון פּוילן, 14־יאָריקער העלד, האָט שוין באַוויזן צוויי מאָל צו זיצן פאַר נישט אָנערקענען פּריוואַט אייגנטום, אָדער פּשוטער, פאַר גנבות; דער עלטסטער פון די אָנגעקלאָגטע, אַן 31־יאָריקער „נאַציאָנאַלער קעמפער" איז אויך

שוין פריער געזעסן זעקס חדשים, אָבער נישט פאַר גנבות און נישט פאַר פרויען־שענדונגען, און נישט פאַר מעסער־אַרבעט, נאָר פאַר פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע פּאָגראָם־ליטעראַטור. ער איז דער פירער, דער לערער, דער באַגייסטערער.

אָבער גלייך פון ערשטן טאָג אָן פון פּראָצעס איז געוואָרן קלאָר, אַז דער דאָזיקער פּאָגראָם־לערער, דער דאָזיקער פּאָגראָם־נאַציאָנאַליסט און מאָרד־העלד איז נישט איינזאַם אין דער פּוילישער געזעלשאַפט. ער האָט גאָר אָנגעזעענע חברים, פריינט, מיטגייער און מיטמאַכער! ער האָט איבער־גענוג פאַרטיידיקער, וואָס זענען גרייט אינאיינעם מיטן באַשולדיקטן גלייך נאָכן פּראָצעס זיך אַרויסלאָזן אין גאַס און ווייטער טון די הייליקע נאַציאָנאַלע אַרבעט — ווייטער הרגענען יידן, ווייטער האַקן שויבן אין יידישע פענצטער, ווייטער מאַכן לעכער אין יידישע קעפּ און ווייטער צעהאַקן יידישע בעטלעך און יידישע בענקלעך.

דער גלח קריגער, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אַלס עדות אין פּראָצעס; 15 יונגע פּוילישע אַדוואָקאַטן, צווישן וועלכע עס זענען פאַראַן אייניקע מיט גרויסע נעמען, און וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די פּאָגראָמשטשיקעס, — אָט די דאָזיקע פאַרטרעטער פון דער פּוילישער אינטעליגענץ האָבן גע־האַלטן אַזעלכע אַנטיסעמיטישע בלוט־דורשטיקע דרשות און האָבן זיך „אידעאיש" אַזוי שטאַרק סאָלידאַריזירט מיט די „נאַראַ"־קעמפער, אַז מען וואָלט זיי געמעגט אַוועקזעצן אינאיינעם מיט די קעשענע שניידער און פרויען־שענדער.

אָבער וועגן דעם שפּעטער.

ווי אַזוי ס'איז געקומען דער פּאָגראָם?

ווי געוועינלעך: די מיטגלידער פון דער „נאַראַ"־פּאַרטיי האָבן אָפּ־געהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג און זענען אַרויס אין גאַס מיט אַ געשריי, אַז יידן לאָזן נישט דורך די קריסטלעכע פּראָצעסיע. אַ גענוגענדער גרונט אויף אָנהויבן צו שלאָגן יידן. און מען הויבט אָן, פון פּאָרנט, דער 14־יאָריקער אויבנדערמאָנטער גנבל; פון הינטן אַ היציק־היסטערישע, פאַרדעכטיק־פאַר־ברעכערישע פרוי העלענאַ דזשעוויצקאַ, וועלכע ליאַרעמט, שרייט, רופט, רייצט, קוויטשעט און שטעקט אָן מיט איר היסטעריקע דעם „נאַציאָנאַלן" עולם. וואָס שרייט זי? נו, קלאָר: יידן לאָזן נישט די קריסטלעכע פּראָצעסיע

גיין אין די וואַרשעווער גאַסן; יידן שלאָגן פּאָליאַקן; יידן האָבן פאַרגוואַל־דיקט אַ קריסטלעך מיידל, אַ יונג קינד. איך דאַרף נישט אָנגעבן קיין איינ־צעלהייטן ווי דער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען. דער רוב פון אונדזערע לעזער זענען, האָב איך מורא, פון פּראַקטיק געניט באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן בילד. דער רעזולטאַט איז אויך שוין באַקאַנט. מיר וועלן זיך דעריבער אָפּשטעלן נאָר אויף די כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן פון פּראָצעס.

ס׳איז זיך נישט צו וווּנדערן, וואָס כמעט אַלע אָנגעקלאָגטע לייקענען שטיין און ביין, אַז זיי האָבן גענומען אַן אָנטייל אין פּאָגראָם. די שטיקער אייזן און די מעסערס, וואָס מען האָט געפונען ביי זיי אין די קעשענעס ביים אַרעסט, זענען געווען אָנגעגרייט נישט פאַר יידישע קעפּ, נאָר אויך צו פאַר־טיידיקן זיך, אויב יידן וועלן זיי שלאָגן... אומשולדיקע קינדער, וואָס טראַכטן נאָר וועגן באַפרייען פּוילן פון יידישן יאָך, און ווערן נעבעך פאַר־פאָלגט און געפּלאָגט פאַר זייער פּאַטריאָטישע אַרבעט. מילא, איז דאָס באַטירלעך: אפילו אַן אָפּטן גאַסט אין טורמע גלוסט זיך נישט גיין צוריק אַהינצו, און ער האָט קיין מוט נישט זיך מודה זיין אין זיין פּאָגראָם־אַרבעט. נאָר אָט גייט אַרויס אַן עדות: אַ גלח אַ געזאַלבטער פון גאָט, אויף צו לערנען די מענטשן צו גיין אין דרך־הישר, קריסטוסעס אַ שליח, וואָס דאַרף פּרעדיקן ליבע און אמת. גייט ער אַרויס און דערציילט: יידן האָבן אין פּאָוואָנזעק מיט אַ זעג צעזעגט אויף צווייען אַ קריסטלעך יינגל; אַן אַלטער ייד פון 70 יאָר האָט פאַרגוואַלדיקט אַ קליין קריסטלעך מיידל. און ער רופט אָן דעם יידן מיטן נאָמען.

דער פּראָקוראָר, אויך אַ קריסט, אויך מיט אַ צלם אויף דער ברוסט, אָבער נישט מיט אַזאַ לאַנגן און ברייטן, ווי ביים גלח, האָט דערקלערט, אַז אַלץ וואָס דער גלח האָט דערציילט איז שקר וכזב, איז ליגן, עס הויבט זיך נישט אָן. וואָרום די פּאָליציי האָט נישט געהאַט קיין שום ידיעות וועגן אַ קריסטלעך יינגל, וואָס איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי איבערגעזעגט געוואָרן פון אַ יידן; און וועגן פאַרגוואַלדיקן אַ מיידעלע איז טאַקע געווען אַ מעשה, אָבער נישט קיין אמתע, וואָרום ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער קריסט האָט באַשולדיקט דעם יידן כדי ביי אים אַרויסצונאַרן געלט. און דער קריסט איז באַשטראָפט געוואָרן.

לאָמיר אינמיטן אַריינשטעלן אַ ידיעה, וואָס איז דערווייל באַקאַנט

געוואַרן: דער ייד, אַן אַלטער 70־יאָריקער פּשוטער און ערלעכער שוסטער, האָט זיך אַזוי געגומען צום האַרצן פון בלבול וואָס מ׳האָט אויף אים אויס־געטראַכט מיטן פאַרגוואַלדיקן אַ מיידעלע, אַז ער האָט ערב יום־כפור באַ־קומען אַ האַרץ־שלאַג און איז געשטאָרבן. ער האָט נישט געקענט אַריבער־טראָגן אפילו די שאַנד פון אַ בלבול! אָט אַ פיינפיליקייט פון אַ שוסטער! און נישט ווילנדיק דרינגט זיך אַרויף די פראַגע: פאַרוואָס גייט אַרום געזונט און רואיק און אַן קאָפּ און בויך־ווייטיק דער גלח? זיינע בבא־מעשיות האָבן דאָך געבראַכט צו אַ פּאָגראָם; האָבן געבראַכט צו מאָרד און רויבעריי; זיי וועלן מסתמא נאָך דינען דעם טייוול און אַלע זיינע מאָרד און רויב־שלוחים אַ סך מאָל — פאַרוואָס האַלט ער נישט פאַר נויטיק אַרויסצוקומען אָפן און דערקלערן, אַז ער איז פאַרפירט געוואָרן, האָט חרטה און טוט תשובה, און זיין גלחיש האַרץ טוט אים ווי אויף אַן אומ־שולדיקער אלמנה און יתומים? גלויבט ער, אַז אַלץ וואָס ער האָט דער־ציילט, איז אמת? פאַרוואָס גיט ער נישט אַן אין געריכט אויפן פּראָקוראָר, וועלכער האָט אים דאַן אָפן דערקלערט פאַר אַ ליגנער? און פון דער צווייי־טער זייט, פאַרוואָס גיט נישט אַן דער פּראָקוראָר אויפן גלח פאַר פאַלש עדות־זאָגן? גיט מען צו, אַז צענדליקער אַנטיסעמיטישע צייטונגען האָבן געדרוקט דאָס עדות־זאָגן פון גלח און האָבן פאַרשוויגן די אַפּלייקענונג פון פּראָקוראָר, וועט ערשט ווערן קלאָר, ווי פאַרגיפטיקט, ווי אויפרייצנדיק דאָס עדות־זאָגן פון דעם גלח קען ווערן. פאַרוואָס זאָל מען דאָס אים שווייגן?

די אונטערשטע שורה איז זייער אַ טרויעריקע. — אי דער שליח פון פרומקייט, אי דער שליח פון גערעכטיקייט,ביידע באַרופענע אַכטונג צו געבן אויף יושר און אמת, פאַרגעסן זייער אויפגאַבע און פאַרלירן זייער מענטשלעכע צורה, וויבאַלד ס׳האַנדלט זיך וועגן יידן.

לאָמיר זיך אומקערן צום פּראָצעס.

מען האָט אויסגעהערט צענדליקער עדות. יידן האָבן דערציילט ווי מען האָט געשלאָגן, ווי מען האָט גערויבעוועט; פּאָליציאַנטן האָבן באַשטעטיקט די יידישע עדות. אינטערעסאַנט איז פאָלגענדעס בילד: כוליגאַנעס לויפן, וואַרפן זיך אויף מענטשן — יידן; רייסן זיך אַריין אין יידישע הייי־זער; ראַבעווען יידישע געשעפטן. אין טומל וויל מען לויפן צו אַ קריסטלעך

קלייטל — אַ קליין קריסטלעך ייִנגל לויפֿט און שרייט צו די כוליגאַנעס: דאָס איז נישט קיין ייִדיש געשעפֿט! און דאָס קלייטל איז געראַטעוועט. אַט אַזוי ווערט דערצויגן אין אויפֿגעלעבטן פּוילן אַ יונג קינד! ס׳ווייסט שוין פֿון די ייִנגסטע יאָרן, אַז ראַבירן דאַרף מען נאָר אַ ייִדיש קלייטל...

פֿון דער זייט פֿון דער אַלמנה און פֿון די יתומים טרעט אַרויס איין און איינציקער ייִדישער אַדוואָקאַט. אָבער אויך דער בן־יחיד ווערט די ערשטע צוויי טעג מיט געוואַלד געמאַכט שטום און נאָכדעם ווערט ביי אים אינגאַנצן צוגענומען דאָס וואָרט. דער ריכטער לאָזט נישט אָנרירן די פּאַרטיי, וואָס איז די אמתע שולדיקע אין די פּאָגראָמען. פֿאַר אים שטייען נאָר גנבים, נאָר מערדער, נאָר אונטערוועלט־מענטשן און נישט קיין אָנגערייצטע, אָנגעפֿירטע פֿון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי כוליגאַנעס. ס׳איז נישט מער ווי אַ קרימינעלער פּראָצעס. אין דער אמתן אָבער זענען קרימינעלע עלעמענטן אויסגענוצט געוואָרן פֿון פּאָליטישע דעמאַגאָגן, פֿון בלוט־דורש־טיקע אַנטיסעמיטן.

דערפֿאַר אָבער האָבן די אַנדערטהאַלבן צענדליק פּאַרטיידיקער פֿון די כוליגאַנעס געהאַט די פֿולע מעגלעכקייט צו האַלטן לאַנגע דרשות, אַנטי־סעמיטישע דרשות, אויפֿרייצנדע דרשות.

דער פּראָקוראָר איז מודה, אַז ס׳איז געווען אַן אמתער פּאָגראָם געווענדט ספּעציעל קעגן ייִדן. אָבער ער זעט דאָ נישט די אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל האָבן געווען אָרגאַניזירט דעם פּאָגראָם. ער פֿאָדערט די שטרענגסטע שטראָף פֿאַר די שולדיקע, כּדי אָפּצושרעקן און נישט דערלאָזן צו אַזעלכע געשעענישן. דאָס געריכט אָבער האָט זיך געשטעלט אויפֿן שטאַנדפּונקט, אַז ס׳זענען דאָ פֿאַראַן מילדערונגס־מאָמענטן, דהיינו, די כוליגאַנעס האָבן געקענט גלויבן אין די קלאַנגען, אַז ייִדן לאָזן נישט גיין די פּראָצעסיע, אַז ייִדן האָבן געהרגעט אַ קריסטלעך ייִנגל און פֿאַרגוואַלדיקט אַ קריסטלעך מיידל.

צו דעם אַלעם געזאָגטן האַלטן מיר איבעריק עפּעס נאָך צוצוגעבן, אָבער ס׳וועט פֿאַרן לעזער געוויס זיין וויכטיק צו וויסן, אַז אין איצטיקן פּוילן האָט זיך געפֿונען אַ קאָנסערוואַטיווע קריסטלעכע צייטונג, וועלכע האָט אין פֿאָלגענדע ווערטער אָפּגעשאַצט דעם פּראָצעס.

„די מענטשן, וואָס ווערן געמשפּט, זענען פּשוטע טונקעלע פֿאַרשוינען:

מעסערשטעכער און געשלעכטלעך־פּאַרדאָרבענע. אָבער זיי ווערן פּאַרטיי־דיקט פון דער סמעטענע פון יונגן פּוילישן אַדוואָקאַטן־דור. און נאָך יעדער רעדע באַקומט מען דעם איינדרוק, אַז שולדיק זענען די יידן, די אָרעמע יידישע קרעמערקעס; שולדיק איז גאָר דער ייד דעלמאַן, וועלכן מען האָט דערהרגעט. די דאָזיקע רעדעס וועלן נישט איבערצייגן די ריכטער, אָבער דאָס פּובליקום באַשטייט דאָך נישט פון יוריסטן. יעדעס וואָרט פון די אַדוואָקאַטן פּרווט רייניוואַשן די באַשולדיקטע.

„איין טייל פון יונגן דור זיצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, וויסנ־דיק, אַז ער איז באַגאַנגען אַן עוולה, אַ פאַרברעכן; אַ דאַנק אָבער דעם צווייטן טייל פון דעם זעלבן דור, וועלן זיי אַוועק מיט דער איבערצייגונג, אַז זיי זענען גאָר ריטער, אַז זיי בילדן אַ קערענדל פון אַ נייער אידעאישער באַוועגונג.

„די באַשולדיקטע אין פּאָגראָם, אין האַקן שויבן, צעברעכן געוועלבער פון אַ באַפעלקערונג, וואָס איז נישט וויניקער אָרעם, ווי זיי אַליין; פון אַ באַפעלקערונג, וואָס דערעסט נישט, פּונקט ווי זיי; די באַטייליקטע אין מאָרד פון רואיקן, אומשולדיקן דעלמאַן האָבן זיך אויך באַטייליקט אין אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע. אַ פּאָגראָם און אַ פּראָצעסיע, אַ גאָטעס־דינסט און אַ מאָרד פלעכטן זיך צונויף אויף אַ טראַגישן אופן".

אַ שוידער כאַפּט אָן, ווען מען זעט אַ גלח זאָגן באַוווסטזיניק ליגן פון שנאה צו יידן; אַ נאָך גרעסערער שוידער כאַפּט אָן ווען מען זעט די יונגע פּוילישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט קיינע אידעאַלן נישט, חוץ חיהשע, בלוט־דורשטיקע שנאה צו יידן. און ממש דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערן, ווען דו זעסט ווי הונדערטער צייטונגען צעטראָגן דעם סם איבערן גאַנצן לאַנד און גרייטן צו יענעם מאַסן־פּאָגראָם, אויף וועלכן די געמשפּטע און זייערע טרייע חברים קוקן אַזוי אַרויס.

זיי קוקן אַרויס אויפן גרויסן מאַסן־פּאָגראָם, אָבער דערווייל שלאָפט מען נישט: מען שלאָגט איינציקווייז, איינצעלנע יידן.

29טער אָקטאָבער, 1935.

# פּאָגראָם-פּולווער

געוויס איז פֿאַלש צו זאָגן, אַז אין פּוילן קומען פֿאָר פּאָגראָמען. און עס איז אויך נישט אמת צו זאָגן, אַז אין פּוילן הערשט אַ פּאָגראָם־שטי־מונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז אָבער אמת, אַז אין פּוילן גייט נישט אַוועק קיין איין טאָג, מען זאָל ערגעץ־ווו נישט שלאָגן יידן. און עס איז אויך אמת, אַז אין דעם אָרט, ווו מען שלאָגט יידן, אָדער אין דער גאַס (אויב דאָס איז אין אַ גרויסער שטאָט), ווו מען פּאַלט אָן און מען ברעכט די ביינער, — אָט דאָרטן הערשט אַ פּאָגראָם־שטימונג: יידן האָבן מורא זיך אין גאַס צו ווייזן; יידן באַהאַלטן זיך אויס אָדער אָרגאַ־ניזירן אַ זעלבסטשוץ; דעפּוטאַציעס לויפן בעטן זיך ביי די מאַכטהאָבער, אַז מען זאָל איינצוימען די צעיושעטע כוליגאַנעס. הכלל, עס איז אַ טי־פּישע פּאָגראָם־לופט.

עס איז פֿאַראַן אַן אוקראַיניש ווערטל: „בי אומער דאַנעלע, אַ באַליאַט־שקאַ יעגאָ זאַדאַוועלאַ״. דער טייטש פֿון דעם איז: „דאַניעלע איז נישט געשטאָרבן, נאָר די מכה האָט אים דערשטיקט״. אָט דאָס איז אויך דער חילוק צווישן פּאָגראָמען און צווישן סתם שלאָגן יידן יעדן טאָג אין אַנדערע פּונקטן; צווישן פּאָגראָם שטימונג, וואָס כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד, און פּאָגראָם־לופט, וואָס פֿאַרסמט און פֿאַרגיפֿטעט דאָס לעבן אין איינצעלנע פּונקטן.

און אין דער אמתן, לאָמיר נאָר ברענגען די פֿאַקטן פֿון די לעצטע פֿאָר וואָכן, וועלכע מען מעג רעכענען פֿאַר אַ סך רואיקערע, ווי די פֿאָר וואָכן פֿון די ימים נוראים. אפשר האָבן די כוליגאַנעס אַזוי אַקטיוו גע־אַרבעט אין די סוף אלול־טעג און אין די טעג צווישן ראש־השנה און יום־כּפּור, כּדי צו מאַכן די יידישע הערצער געגנוג צעבראָכן און בעסער צו־געגרייט צו שטעלן זיך פֿאַרן רבונו של עולם. זענען דאָך די כוליגאַנעס

נישט מחויב צו וויסן, אַז אָן געבראָכענע ביינער האָבן די פּוילישע יידן אויך געגנוג צעבראָכענע הערצער אויף צו קומען אין די „שרעקלעכע טעג" און קלאָגן און וויינען פאַרן רבונו של עולם. אָבער אין די יום־טובים, אין שמחת־תורה, ווען יידן דאַרפן שוין גאָר נישט האָבן קיין צעבראָכענע הערצער, פאַרוואָס האָט מען גראָד אין די דאָזיקע טעג געבראָכן די ביינער?

אָט זענען די פאַקטן: דעם 23סטן אָקטאָבער 1935 זענען קיין וואַרשע געקומען דעלעגאַציעס פון די שטעטלעך קלאָבוצק און טריסקאָלאַסק, נעבן טשענסטאָכאָוו. די דעלעגאַציעס האָבן אין אינערן־מיניסטעריום זיך גע־קלאָגט, אַז שוין וואָכן ווי די ענדעקעס (אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי) שלאָגן און פּייניקן, יאָגן און פאַרפאַלגן די יידישע באַפעלקערונג. דערביי האָבן די קלאָבוצקער יידן צוגעשטעלט אַ צעטל פון 150 צעשלאָגענע און פאַר־וווּנדעטע יידן, און די טריסקאָלאַסקער האָבן געהאַט נישט מער פון 60 צעשלאָגענע.

איז אין די דאָזיקע ערטער געווען אַ פּאָגראָם? האָט דאָרטן געהערשט אַ פּאָגראָם־שטימונג?

איך נעם זיך נישט אונטער צו פּסקענען די דאָזיקע שאלה. איך מיין אָבער, אַז דעם בעסטן תירוץ וואָלטן געגעבן די צעשלאָגענע ריפּן און די צעבראָכענע ביינער פון די געליטענע און די צעשראָקענע אויגן און די דערשלאָגענע נשמות פון די, וועלכע האָבן מורא פאַר די שטעקענעס און מעסערס פון די ענדעקישע כוליגאַנעס, כאָטש זיי האָבן נאָך נישט פאַרזוכט זייער טעם.

און אָט מעלדעט מען פון לובלין פון 15טן אָקטאָבער: אין די גאַסן, און באַזונדערס ביי די יידישע קראָמען, טאַקע ממש פאַר די טירן פון די יידישע קראָמען און פאַר די אויגן פון די יידישע קרעמער טיילט מען בלעטלעך מיט אַזאַ אינהאַלט: „פּוילן איז פאַר פּאָליאַקן! געדענק, קויף נישט ביי יידן!"

דער באַלעבאָס פון גאַלאַנטעריע־געשעפט, פּוקס, האָט גערופן אַ פּאָלי־ציאַנט. האָט מען דעם יידן אָפּגעפירט אין קאָמיסאַריאַט און מען האָט צו־נויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל אויפן יידן „פאַר שטערן די רו". און זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז אויף מאָרגן האָט מען ווייטער געטיילט פראַנק און פריי די זעלבע באָיקאָט־בלעטלעך. אָבער נישט אַלע לובלינער פּאַטריאָטן זענען

יוצא מיט רופן נישט צו קויפן ביי יידן. לובלין פֿאַרמאָגט אויך אַקטיווערע און ענערגישערע פּאַטריאָטן, וועלכע שלאָגן און ממיתן, און די טעג איז געשטאָרבן דער 60־יאָריקער מלמד משה סאָביאַרסקי פֿון כוליגאַנישע קלעפּ.

ווי איז די שטימונג אין לובלין? איז דאָס אַ פּאָגראָם־שטימונג, ווי אין אוקראַינע אין יאָר 1919, ווי אין קישיניעוו אין יאָר 1903, ווי אין האָמעל אין דעם זעלבן יאָר? געוויס נישט! אָבער גאָר פּריילעך אויפֿן האַרצן איז נישט געווען ביי די לובלינער יידן. און וויפֿל איר זאָלט זיי נישט טרייסטן, אַז אין צאַרישן רוסלאַנד און אין דער פּעטלורישער אוקראַינע איז געווען פֿיל, פֿיל ערגער און טרויעריקער, וועלן זיי געטרייסט נישט זיין. ווייל אַזאַ מיאוסע טבע האָבן שוין יידן — זיי האָבן פֿיינט אפֿילו אַ קליין פּאָגראָמעלע; זיי פֿאַרטראָגן נישט אפֿילו איין געהרגעטן און אַ פּאָר מנינים פֿאַרוואונדעטע.

ווייטער: אַ טאָג נאָך שמחת־תורה האָט מען אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל געבראַכט אַ שווער פֿאַרוואונדעטן יידן יהושע פּאָוואָנזעק פֿון שטעטל דאָברע. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער ייד איז געגאַנגען מיט אַ סך אַנדערע יידן פֿון די „הקפות״. זענען זיי באַפֿאַלן געוואָרן פֿון די כוליגאַנעס און שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן. העכער 20 יידן זענען פֿאַרוואונדעט געוואָרן. צווישן זיי עטלעכע שווער, און דער דערמאָנטער יהושע פּאָוואָנזעק — לעבנס־געפֿערלעך.

מען קען זיך פֿאָרשטעלן, ווי גרויס עס איז שוין געווען אין דאָברע די שמחה מיטן יום־טוב שמחת־תורה, און ווי דאָס ביסל יידן האָט פֿאַר־בראַכט די לעצטע טעג סוכות.

ווייטער: נישט ווייט פֿון שטעטל נאָווע־מיאַסטאָ אויפֿן שאָסיי קיין וואַר־שע זענען כוליגאַנעס אָנגעפֿאַלן אויף אַ גרופּע רעוויזיאָניסטן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פֿון אַ צוזאַמענקום אין פּולטוסק. איין כוליגאַן האָט מיט אַ מעסער דערלאַנגט דעם רעוויזיאָניסט זעמעל יאַקאָוויטש אין האַרצן און אים גלייך אַוועקגעלייגט טויט. שווער פֿאַרוואונדעט געוואָרן איז הערש טשעסלאַ.

שוין העכער אַ חודש, אַז די ענדעקישע כוליגאַנעס טעראָריזירן ממש די יידישע באַפֿעלקערונג פֿון לאָדזש. אין די טעג פֿון די וואַלן צום סיים האָט מען פּשוט נישט געקענט דורכגיין די גאַסן, וואָס ליגן נאָענט צום

לאָקאָל פון דער ענדעקישער פּאַרטיי. מען האָט געשלאָגן און געטריבן, באַליידיקט און געממיתטט. אין אַ סך יידישע געוועלבער האָט מען די סחורה באַגאָסן מיט נאַפּט און קאַרבאָל. די יידישע קליינהענדלער קלאָגן און שיקן דעפּוטאַציעס צו דער מאַכט, אָבער די כוליגאַנעס שרעקן זיך נישט און טוען זייער אַרבעט פראַנק און פריי, מיט פלייס און ברען. ס'איז קלאָר, אַז עס אַרבעטן אָרגאַניזירטע באַנדעס, אָנגעפירט פון אַ צענטער.

אָט איז אַ צעטל פאַרוווּנדעטע יידישע קליינהענדלער נאָר פון איין טייל שטאָט, פון באַלוט, פון יידישן אַרבעטער־קוואַרטאַל: משה דזשאַלאָווסקי, מענדל יאָסענבערג, בלאָוואָט, גרינבוים, ראָטשטיין, איזביצקי, גליקסמאַן, טוכמאַכער און מיגוט. די אָנפאַלן אין אַנדערע טיילן שטאָט, אפילו אין צענטער פון לאָדזש, ווי אויף די גאַסן פּילסודסקעגאָ, פּאָלודניאָווע און די אַרומיקע גאַסן, האָבן געטראָגן נאָך אַ שאַרפערן און מער מערדערישן כאַראַקטער. מען רייסט זיך אַריין אין יידישע בעקערייען, אין יידישע צוקערניעס, און מען גיסט אָפּ דאָס געבעקס מיט נאַפט. מען לויפט אַריין אין יידישע יאַטקעס און מען באַגיסט דאָס פלייש מיט קאַרבאָל.

און גייט איר אויף די גאַסן פון לאָדזש, זעט איר טויזנטער יידן לויפן, — נישט אַנטלויפן פון פּאָגראָמען, נאָר פשוט לויפן, — ווער כאַפּן אַ גמילות חסד און ווער צאָלן אַ וועקסעלע; ווער כאַפּן אַ קונה און ווער אָפּזעצן אַ פּעקל סחורה; ווער מיט אַ שטריק אויפן האַלדז, זוכנדיק אָפּצוטראָגן אַ פּעקל און פּאַרדינען צוואַנציק גראָשן, און ווער מיט אַ באַרג — אַ פּאַק סחורה אויף די פּלייצעס און מיט אַ גליקלעך פּנים, וואָס ער האָט שוין די צוואַנציק גראָשן אין קעשענע. אַ רוישנדע ברויזנדע, זשומענדע און לויפנדע מאַסע, וואָס קלאַפּט אויס ווי אין טאַקט: פרנסה! ברויט!

פרנסה! ברויט! שפּייז פאַר ווייב און קינדער!

פאַרן פרעמדן אויג איז שווער צו דערקענען, אַז אַ סך פון די אויסגעקרימטע און אויסגעדרייטע פּלייצעס האָבן שוין נישט איין מאָל פאַרזוכט ענדעקישע שטעקנס, נאָר זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט זיך אָפּצושטעלן און זיך פאַרטראַכטן אויפן אמתן זין און טיפן ווונק, וואָס די דאָזיקע שטעקנס טראָגן אין זיך און קלאַפּן אויס אויף יידישע פּלייצעס. און קיינעם וועט נישט איינפאַלן צו באַהויפּטן, אַז אין לאָדזש קומען פאָר פּאָגראָמען, און אַז דאָרטן הערשט אַ פּאָגראָם־שטימונג.

וואָס־זשע דען קומט פאָר אין לאָדזש, ווען מען שלאָגט פּאָרט יעדן טאָג אַ פּאָר צענדליק יידן, און מען פאַרניכטעט פּאָרט יעדן טאָג סחורה אין יידישע קראָמען? ווי זאָל מען דאָס אָנרופן? אָבער בעסער נאָך פאַקטן און פאַקטן.

אין סלאָנים זענען כוליגאַנעס באַפאַלן די יידישע קרעמערין פּאָלאָנסק, איר אויסגעהאַקט אַן אויג און געמאַכט אַ לאָך אין קאָפּ. אין שטאָט־גאָרטן שלאָגט מען אָפּט יידן, און די טעג האָט מען באַוואָרפן מיט שטיינער אַ גרופּע יידישע דאָקטוירים, וואָס זענען געגאַנגען דורכן גאָרטן.

פאָרן פינף יידן פון נאַשעלסק קיין וואַרשע מיט אַ פור קאַרטאָפל. פאַלן אָן יונגע פויערים, צעשלאָגן די יידן און מאַכן אַ תל פון די קאַרטאָפל. יונגע פויערים — דאָס הייסט שוין „געבילדעטע", וואָס לייענען שוין מסתמא פּאָגראָם־בלעטלעך.

אין שטעטעלע וויעלון האָבן 23 יידישע קינדער געמאַכט אַ סטרייק און נישט געוואָלט גיין אין שולע אַריין. פאַרוואָס? ווייל, ערשטנס, פלעגן זייערע פּוילישע קאָלעגן זיי מכבד זיין מיט פעטש און קלעפּ ביים קומען און ביים אַוועקגיין. פלעגן די קינדער קומען אַהיים פאַרווייניטע און צעריי־טע. צווייטנס, האָט זיי דער לערער אַליין פיין מקבל פּנים געווען דעם ערשטן טאָג פון לערנען. ער האָט אויסגעשריען: „מיר ווילן נישט האָבן קיין יידישע קינדער!" און די פּוילישע קינדער האָבן אונטערגעכאַפּט: „מיר ווילן זיך נישט לערנען מיט זשידעס!"

אין וואַרשע, אין דער הויפּטשטאָט פון דער פּוילישער מלוכה, אין צענטער פון יידישן געטאָ, געדיכט ביי די נאַלעווקעס, ליגט אַ גאָרטן מיט דעם נאָמען קראַשינסקיס גאָרטן. שפּילן זיך דאָרטן יידישע קינדער, — בלייכע, הונגעריקע, דאַרע, אָבער דאָך קינדער מיט קינדישע אַפּעטיטן צו לויפן, צו שפּרינגען, זיך צו שפּילן. זענען יענע וואָך אַכט יידישע קינדער געקומען אין אַ יידישער רעדאַקציע זיך קלאָגן, אַז מען שלאָגט זיי און מען טרייבט זיי און מען לאָזט זיי נישט הנאה האָבן פון אַ ביסל אַרומלויפן פריי.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה האָט אַ באַנדע כוליגאַנעס געמאַכט אַן אָנפאַל אויפן קיבוץ „הגנים" אין ראַדאָם. מיט שטעקנס און שטיינער האָבן

זיי זיך געוואָרפן אויף דריי חלוצים, וועלכע זיי האָבן געטראָפן אין קיבוץ, און זיי שווער פאַרווונדעט.

די כוליגאַנעס האָט מען נישט געכאַפּט.

אין מיטן וואַרשע, אויף כלאָדנע, גייט אין גאַס אַ ייד אהרן הימעלשטיין. באַפאַלט אים אַ כוליגאַן, שלאָגט אים מיט אַ קאַסטעט און האַקט אים אויס אַן אויג. אין דער דאָזיקער געגנט פאַלט מען אָפט אָן אויף יידן, נאָר קיינמאָל כאַפּט מען קיינעם נישט. אויף די יידישע גאַסן פון וואַרשע, אויף נאָוואָליפּיע, מילנע, זאַמענהאָף האָבן די קינדער פון די הויז־וועכטער, וועלכע זענען אַלע קריסטן, זיך געמאַכט אַ מאָדע פאַרנאַכט, איידער מען צינדט אָן די גאַסן־לאָמפּן, שלאָגן יידן: אַלטע לייט, ווייבער, קינדער, מייד־לעך. די יידישע אַרבעטער האָבן די כוליגאַנעס געגעבן צו פאַרשטיין דורך אַ זייער קלאָר לשון, אַז נאָוואָליפּיע און מילנע גאַס זענען נישט כלאָדנע, וואָס ליגט שוין פון יענער זייט יידישן געטאָ און קען נישט אַזוי פאַרטיי־דיקט ווערן.

גענוג פאַקטן. מיר וואָלטן געקענט נאָך ברענגען אַ סך מאַטעריאַל, וואָס זאָל אונדז ווייזן, ווי מען שלאָגט יידן, כאָטש קיין פּאָגראָמען זענען נישטאָ אין פּוילן; ווי יידן פילן זיך אין אַן אומזיכערער לאַגע, כאָטש זיי זענען נישט פאַרכאַפּט פון אַ פּאָגראָם־שטימונג.

באַקענט מען זיך מיט די פאַקטן, וועלכע מיר האָבן נישט אויסגעשעפּט אפילו אין דער קלענסטער מאָס, ווילט זיך מאַכן אייניקע אויספירן און שטעלן אייניקע פראַגן.

אַ פּאָר אויספירן: ערשטנס, די פּאָגראָם־כוואַליע האָט פאַרכאַפּט אַלע טיילן פון פּוילן, פון סלאָנים ביז לאָדזש, פון פּויזנער געגנט ביז ווילנער, פון די קלענסטע שטעטלעך־דערפער ביז די גרעסטע שטעט און ביז דער הויפּטשטאָט. ס׳מאַכט דעם איינדרוק, אַז פּאָגראָם־פּולווער האָט זיך אָנגע־זאַמלט גאָר, גאָר אַ סך און ביי דער ערשטער פּאַסיקער לאַגע קען דער דאָזיקער פּולווער אויפרייסן און ברענגען צו די גרעסטע חורבונות און צו די טראַגישסטע רעזולטאַטן.

צווייטנס, אַרום דעם דאָזיקן אָנגעזאַמלטן פּולווער דרייען זיך גרויסע גרופּן אין דער שפּיץ מיט אַ גרויסער פּאַרטיי פון אונטערצינדער און אונ־

טערטראָגער פון אויפרייס־שטאָף, וועלכע אַרבעטן גאַנץ אַקטיוו אויף צו פאַרגרעסערן דעם פולווער און אויף צו פאַרגיכערן זיין אויפרייס.

דריטנס, חוץ די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, איז כמעט נישטאָ קיין שום פוילישע אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע קראַפט, וועלכע זאָל זיך וויפל נישט איז שטעלן אַנטקעגן דער פּאָגראָם־העצע און פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס ברייטערט זיך און וואַקסט און פאַרפלייצט ממש דאָס לאַנד.

פערטנס, די לאָקאַלע מאַכט פאַרהאַלט זיך זייער פאַרשידן צו אַנטי־יידישע אָנפאַלן. אין צענדליקער פאַלן כאַפּט מען נישט די אָנפאַלער; אין צענדליקער פאַלן באַשטראָפט מען אַזוי לייכט, אַזוי נישט ערנסט, אַז די פאַרברעכער פילן זיך כמעט ווי אויפגעמונטערט ווייטער צו שלאָגן, און ווייטער צו לעכערן קעפּ. עס זענען אָבער אויך פאַראַן גענוג פאַלן, ווען די פּאָליציי איז גענוג אַקטיוו אין פעסטשטעלן די פאַרברעכער, און די ריכ־טער זענען גענוג שטרענג ביים באַשטראָפן די כוליגאַנעס.

איינס מוז פעסטגעשטעלט ווערן: אומעטום איז די פּאָליציי גענוג אַק־טיוו אויף נישט לאָזן די אָנפאַלן זיך צעוואַקסן אין גרויסע פּאָגראָם־געשע־ענישן. צי טוט מען דאָס פון ליבע צו יידן, צי פון שנאה צו די פּאָגראָם־גרופּעס, וועלכע זענען גראָד אויך קעגנער פון הערשנדן רעזשים, איז אַ וויכטיקע פראַגע, אָבער דער ענטפער איז גענוג קלאָר. ס׳באַקומט זיך אַזאַ מין לאַגע: מען לאָזט די כוליגאַנעס אַ ביסעלע אַ הוליע טון; מען וויל נישט מאַכן קיין גרויסן וועזן פון אַ פּאָר לעכער אין יידישע קעפּ אָדער פון אַ צען פאַרניכטונגען פון יידישער סחורה; אָבער מען האַלט אַ שטרענג אויג אויף די דאָזיקע אָרגאַניזירטע כוליגאַנישע באַנדעס, אַז זיי זאָלן נישט צע־בלאָזן צו שטאַרק דאָס פּאָגראָם־פייער און נישט פאַרוואַנדלען די יידישע שרפה אין אַ פּאָליטישע שרפה.

פינפטנס, פון דעם נאָר וואָס געזאָגטן ווערט שוין אויך קלאָר די באַציאונג צו פּאָגראָמען פון דער צענטראַלער מאַכט און איר טאַקטיק. זי ווערט נאָך קלאָרער, ווען מען שטעלט פעסט, אַז פאַר דערמאָרדן אַ יידן אָדער פאַר פאַרווונדן עטלעכע יידן, ווערט מען אַ סך שוואַכער באַשטראָפט, ווי, צום ביישפּיל, פאַר פאַרשפּרייטן קאָמוניסטישע בלעטלעך. מען דער־לויבט נישט רופן דירעקט צו פּאָגראָמען, צו מאָרדן און פאַרניכטן יידן,

אָבער מען דערלויבט צו באַשולדיקן יידן אין אַלערליי צרות און אומגליקן פון פוילן, אין אַלע דלותן און הונגערן פון דאָרף און שטאָט, אין אַלע נויטן און דחקותן פון דער באַפעלקערונג. מען דערלויבט צו באַשולדיקן יידן, אַז זיי שטרעבן אַקטיוו צו פאַרניכטן פוילן, צו פאַרדאַרבן דאָס פוילישע פאָלק. אַז דאָס איז פּאַקטיש פּאָגראָם־אַגיטאַציע, פאַרשפּאַר איך צוצוגעבן.

און איצט אַ פּאָר פראַגן: ערשטנס, וואָס טוט די יידישע געזעלשאַפט אויף אויפצוקלערן די בעסערע טיילן פון דער פוילישער געזעלשאַפט, וועל־כע זענען טאַקע ווייניק, אָבער דאָך פאַראַן, ווי גרויס די געפאַר איז פון די פּאָגראָם־כוואַליעס, וועלכע פאַרגיפטן די גאַנצע לופט, און וועלכע וועלן מוזן ווערן סוף כל סוף אַ געפאַר אויך פאַר פוילן גופא?

צווייטנס, וואָס טוט די יידישע געזעלשאַפט אויף צו צווינגען די פוילישע רעגירונג אָפּצושטעלן די פּאָגראָם העצע און פאַרהאַלטן די ווײַ־טערע פאַרשפּרייטונג פון גיפט, וואָס מוז זיך טראַגיש ענדיקן און מוז ברענ־גען צו פיזישע פּאָגראָמען פון גרויסן מאַסשטאַב?

דריטנס, וואָס טוט די יידישע געזעלשאַפט אויף צו צווינגען די רעגי־רונג אָנצונעמען שטרענגע מיטלען קעגן איינצעלנע אָנפאַלן, קעגן קליינע פּאָגראָמען, קעגן איינצעלנע מאָרדן און איינצעלנע פאַרוווּנדונגען, ווייל זיי מוזן דאָך סוף כל סוף ברענגען צו מאַסן־מאָרדן און צו גרויסע פּאָ־גראָמען?

פערטנס, וואָס טוט די יידישע געזעלשאַפט צו זיין אָרגאַניזירט און אָרגאַניזירט אַרויסטרעטן קעגן די פּאָגראָם־רעצעפּטיציעס פון אַ פּאָליטי־שער פּאַרטיי, וועלכע פּרעדיקט אָפן פּאָגראָמען אַלס מיטל פון פּאָליטישן קאַמף, און וועלכע זאָגט אָפן, אַז איר ציל איז די היטלער־פּראַגראַם, נאָר אין שאַרפערע פאָרמען, ווייל פוילן האָט דאָך זיבן אָדער אַכט מאָל אַזוי פיל יידן, ווי דייטשלאַנד?

פינפטנס, וואָס טוט די יידישע געזעלשאַפט צו שאַפן אַ געמיינשאַפט־לעכן פראָנט כאָטש אין איין פּונקט, אין פּונקט פון פאַרטיידיקן זיך קעגן פּאָגראָמען, קעגן צוגרייטן יענע גרויסע שחיטה, וואָס די ענדעקעס לייגן אויף איר גאָר גרויסע האָפענונגען?

## ערב חורבן

דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז אויף די אַלע געשטעלטע פראַגן איז דאָ איין גרויסע טראַגיש־שרעקלעכע תשובה: די פּוילישע יידן זענען גראָד אין דעם איצטיקן געפערלעכסטן מאָמענט צעריסן און צעשפּליטערט, צעשפּאָלטן און צעוואָרפן ווי נאָך קיינמאָל נישט.

13טער נאָוועמבער, 1935.

# די ערשטע געטאָ - בענק אין די אוניווערזיטעטן

אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד האָט דער צאַר און זיינע מיניסטאָרן געזאָרגט פאַר יידישע פּאָגראָמען. געוויס זענען געווען אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין די מאַסן; געוויס האָבן נישט געפעלט קיין אינטעליגענטע העצער און אָנרייצער, אָבער דאָך האָבן פּאָגראָמען געמוזט אָרגאַניזירט ווערן פון פאַרטרעטער פון דער מאַכט. די פּאַסיווע, נישט־אויסגעדריקטע, אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין די מאַסן זענען נישט געווען גענוג אויף אַרויסטרעטן און שלאָגן, ראַבעווען, מאָרדן און ברענען. די אַרומיקע רע־וואָלוציאָנערע לופט פלעגט איינשלינגען און פאַרווישן אַזעלכע פּאַסיווע אַנטיסעמיטישע שטימונגען.

אין איצטיקן היטלער־דייטשלאַנד העלפט נישט די ווילדסטע אַגיטאַ־ציע פון די מיניסטאָרן און דאָס אָפענע רופן צו פּאָגראָמען פון די העכסטע פאַרטרעטער פון דער רעגירונג. די באַפעלקערונג אין ברייטסטן זין פון וואָרט בלייבט קאַלט צו די פּאָגראָם־געשרייען. און ווען די רעגירונג דאַרף אַ פּאָגראָם, מוז זי שיקן אירע געטרייע קנעכט פון דער היטלער־פּאַרטיי. און אפילו בשעת די דאָזיקע קנעכט שלעפּן יידן איבער די גאַסן און ברעכן שויבן אין יידישע געשעפטן, בלייבן די גאַסן־מענטשן פון אַלע קלאַסן רואיק און קאַלט און נעמען נישט קיין אָנטייל אין דער „נאַציאָנאַל" געהייליקטער אַרבעט.

גאָר אַן אַנדער לאַגע האָבן מיר אין איצטיקן פּוילן. די רעגירונג קעמפט קעגן פּאָגראָמען, שוואַך, נישט אַנטשלאָסן, נישט ענערגיש, נישט גענוג אַקטיוו און שטרענג. אָבער קיינער באַשולדיקט זי נישט אין אָרגאַניזירן פּאָגראָמען, אין העלפן די פּאָגראָמשטשיקעס. די פּאָגראָם כוואַליע ווערט נישט אָנגעוואָרפן און געמאַכט אַקטיוו „פון אויבן", נאָר שטייגט פון אונטן,

# ערב חורבן

פון די ברייטע מאַסן פון אינטעליגענץ, פון קליינע אייגנטימער, פון פוי־ערים און פון דעקלאַסירטע, די פּאַראַרעמטע, וואָס זענען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דעם קלאַס.

געוויס קען מען אַרויסשטעלן גענוג באַשולדיקונגען קעגן די רעגי־רונגען פון דעם לאַגער, וואָס הערשט אין פּוילן. דאָס, וואָס מען האָט יאָרן־לאַנג באַהאַנדלט יידן ווי שטיף־קינדער; וואָס מען האָט זיי אָפּגעטיילט פון מלוכה־אונטערנעמונגען און מלוכהשע און שטאָטישע שטעלעס, האָט גע־מוזט שאַפן אין די אויגן פון די מאַסן אַ פאָרשטעלונג, אַז יידן זענען ביר־גער פון צווייטן סאָרט, אָדער אַז יידן זענען גאָר קיין בירגער נישט. אַ פאַרברעכן איז אויך געווען דאָס, וואָס מען האָט געלאָזט יאָרן־לאַנג די אַנטיסעמיטישע פּרעסע העצן און רייצן און וואַרפן די שולד פאַר אַלע צרות און אומגליקן אויף יידן. אָבער דאָס אַלץ ענדערט נישט דעם גוואַלדיק וויכטיקן און טרויעריקן פאַקט, אַז די איצטיקע פּאָגראָם־כוואַליעס גייען פון די ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג, שטייגן פון אונטן, שטעלן אין געפאַר צוזאַמען מיט יידן אויך די איצטיקע רעגירונג. מען טאָר נישט פאַרמאַכן די אויגן פאַר דער ווירקלעכקייט. ס'איז דאָ אַ שטיק אמת אין די ווערטער פון אַ הויכן באַאַמטן, וועלכער האָט געזאָגט, אַז ווען מען זאָל וועלן אַרעסטירן אַלע אַקטיווע סטודענטן־אַנטיסעמיטן, וואָלט מען געמוזט אַריינזעצן אין טורמע טויזנטער סטודענטן; און ווען מען זאָל וועלן אַרעס־טירן אַלע אַקטיווע אַנטיסעמיטן נישט־סטודענטן, וואָלט מען באַדאַרפט אַריינוואַרפן אין די טורמעס צענדליקער טויזנטער מענטשן.

אין דעם באַשטייט דאָך די טיפקייט פון דער טראַגעדיע, וואָס די פּאָגראָם־כוואַליע פאַרברייטערט זיך און פאַרשפּרייט זיך, ווי אַ מאַסן־באַוועגונג, ווי אַ מעכטיקער שטראָם, וואָס ווערט געטראָגן נישט פון אַגי־טאַטאָרן און העצער, נאָר טאַקע פון די מאַסן. געוויס נוצן אויס די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע שטימונגען די פּראָפעסיאָנעלע אַנטיסעמיטישע העצער, וואָס באַרימען זיך, אַז זיי קענען שוין באַלד פייערן דעם פּופציק יאָריקן יובל פון זייער „נאַציאָנאַלער" אַרבעט; געוויס זענען די דאָזיקע העצער אַליין שולדיק אין אַ גרויסער מאָס אין דער דאָזיקער אויפגערייצטער אַנטיסע־מיטישער שטימונג. אָבער עס איז אויך ריכטיק, אַז נאָך קיינמאָל האָבן זיי נישט געהאַט אַזעלכע לייכטע דערפאָלגן, ווי אין די לעצטע יאָרן. דער

צושטראָם צו די אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען און דער וווקס פון נייע אַנטי־סעמיטישע פּאַרטייען שטייגן אַ סך איבער די דערוואַרטונגען פון די פירער.

באַדייטונגספול איז אויך די אַקטיוויטעט און די גרייטקייט נישט נאָר צו רעדן, נאָר צו טון. ווערט אַרעסטירט איין כוליגאַן, וואַקסן אויס אויף זיין אָרט צען; ווערט באַשטראָפט איין סטודענט, שטעלן זיך אויף זיין אָרט צענדליקער. און וואָס מער די רעגירונג טרעט אָפּ און גיט נאָך און פאַרשווייגט און מאַכט זיך נישט וויסנדיק און מערקט נישט כלומרשט, אַלץ מער צעוואַקסט זיך די פּאַגראָם כוואַליע, אַלץ חוצפּהדיקער ווערט די אַנטיסעמיטישע פּרעסע, אַלץ בלוטיקער ווערן די אָנפאַלן, אַלץ גרעסער די קרבנות און אַלץ געפאַלענער און דערשלאָגענער די שטימונג ביי די יידן.

אָט זענען די פאַקטן פון איין טאָג, פון איינע 24 שעה אין טאָג פון 30סטן יאַנואַר פון יאָר 1936. אין טרוסקאַלאַס, ביי טשענסטאָכאָוו, זענען פאָרגעקומען גרויסע אומרוען. די אויפגעהעצטע פּויערים, וואָס זענען גע־קומען אויפן מאַרק, האָבן זיך געוואָרפן אויף די יידישע מאַרק־שטעלעס, צעשלאָגן די קרעמער און פאַרניכטעט און צעראַבעוועט די סחורות. אין אַ סך יידישע הייזער האָט מען אויסגעהאַקט שויבן. אַ סך יידן זענען פאַר־ווונדעט. די אָנגעקומענע פּאָליציי האָט מען באַגעגנט מיט אַ האָגל שטיינער און עטלעכע פּאָליציאַנטן זענען פאַרוווּנדעט. די פּאָליציי האָט צעטריבן דעם המון און אַרעסטירט 15 אָנפירער פון פּאָגראָם. דער דאָזיקער ראַיאָן ווערט שוין פון לאַנג גוט באַאַרבעט פון די ענדעקישע העצער, און אין טרוסקאַלאַס זענען שוין עטלעכע מאָל געווען פּאָגראָמען.

אין נאָענטן שטעטל קלאָבוצק האָט זיך אויך געהאַט אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם, נאָר דער פּאָליציי האָט זיך איינגעגעבן גיך איינצושטעלן די אָרדענונג.

אין בענדין און סאָסנאָוויעץ האָבן כוליגאַנעס אָפּגעגאָסן עטלעכע יידן מיט וויטריאָל.

אין קאַטאָוויץ האָט מען אויסגעהאַקט די שויבן אין יידישע קראָמען.

פון פּשיטיק און פון די אַרומיקע שטעטלעך זענען געקומען קיין וואַר־שע דעלעגאַציעס, וועלכע מאָלן אַ שוידערלעך בילד פון שרעק און הונגער. עטלעכע הונדערט יידישע פאַמיליעס זענען אַזוי טעראָריזירט, אַזוי אָנגע־

שראָקן, אַז זיי גייען שוין וואָכן נישט אַרויס אין מאַרק. מען פאַרדינט נישט און מען ווייסט נישט וואָס אָנצוהויבן. יאָוועט זיך אַ ייד אין מאַרק, פאַרניכטעט מען זיין סחורה און מען ברעכט אים גוט אָן די ביינער.

אין גאַנצן ראַיאָן פון ראָוונע, אין קרעמענעץ, אין קלעוואַן און אין קלענערע שטעטלעך האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע אַנטיסעמיטישע העצע דורך פלוגבלעטלעך און אויפרופן. יידישע דעלעגאַציעס האָבן געבעטן ביים סטאַראָסטע אָנצונעמען מיטלען. ער האָט צוגעזאָגט נישט צו דערלאָזן קיין אומרוען.

אין לעמבערגער אוניווערזיטעט איז ווידער געפאַלן אַ יידישער קרבן: די יידישע סטודענטין איסערדוער איז געשטאָכן געוואָרן מיט אַ מעסער אין קאָפּ. איר צושטאַנד איז אַ געפערלעכער. חוץ דעם זענען צעשלאָגן און פאַרוווּנדעט געוואָרן עטלעכע יידישע סטודענטן. ווי באַקאַנט, איז אין לעמבערגער פאָליטעכניקום שוין פון העכער צוויי חדשים איינגעפירט געוואָרן אַ געטאָ פאַר יידן: באַזונדערע בענק, באַזונדערע צימערן פאַר לאַבאָראַטאָריע־אַרבעטן. די פּראָפעסאָרן האָבן צוגעזאָגט, אַז דאָס איז נאָר צייטווייליק. אָבער דער מנהג האָט זיך גוט צוגענומען, און די כוליגאַנישע סטודענטן פון לעמבערגער אוניווערזיטעט זענען צוגעטראָטן דורכצופירן די דאָזיקע רעפאָרם אויך ביי זיי. די געשלעגן גייען אָן כמעט אין אַלע פאַקולטעטן. מען שלעפּט די יידישע סטודענטן פון די בענק; עקשנים שלאָגט מען און מען וואַרפט אַרויס פון אוניווערזיטעט. אַנדערע יידישע סטודענטן זעצן זיך בכלל נישט און שטייען די גאַנצע צייט פון די לעקציעס.

אין וועטערינאַר אינסטיטוט אין גראָכאָוו אין פּריילעך. דאָרטן פירן אָן די שלעגערייען צוויי אַנטיסעמיטישע העלדן, וועלכע זענען שוין פאַרי־קעס יאָר געשטאַנען פאַר אַ געריכט פאַר אָנפירן אָנפאַלן אויף יידן. דעם גאַנצן טאָג איז פאָרגעקומען שלעגערייען אויף אַלע קורסן: די כוליגאַנישע סטודענטן האָבן געטריבן די יידן פון די ערשטע בענק, געוואָרפן זייערע ביכער און זייערע העפטן אויף די לעצטע בענק און נישט געלאָזט קיין איין ייד פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויף די פאָדערשטע בענק. די פּראָפעסאָרן זענען אומעטום געווען „נייטראַל".

יעקב אַנושעוויטש, אַ יובילער און זייגערמאַכער, האָט שוין עטלעכע יאָר קיין רו. ער האָט געלעבט אין דייטשלאַנד אַ סך יאָרן און געהאַט פּרנסה.

האָט ער פּאַראַיאָרן געמוזט אַנטלויפן פון דאָרטן. האָט ער געעפנט אַ געשעפט און אַ וואַרשטאַט אין וואַרשע אויף טשעפּלע. צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן האָבן כוליגאַנעס צעבראָכן ביי אים די שויבן און אָנגעטון אַ גרויסן שאָדן. נעכטן האָט מען ווידער אויסגעהאַקט די שויפּענצטער. צוויי כוליגאַנעס האָט מען געכאַפּט.

אין אָטוואָצק האָבן היינט כוליגאַנעס אין פיל יידישע געשעפטן און הייזער געמאַכט אַ גרויסן חורבן. אייניקע יידן, ווי אייזיק קאַרבאָווסקי אויף ראימאָנט גאַס, זענען מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט אַ סך פון די אָנפאַלער. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי זענען אַלע מיטגלידער פון דער „נאַרא״־פּאַרטיי.

דער פּוילישער בעקער־פאַראיין אין לעמבערג האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג, אַז מען זאָל נישט קויפן קיין געבעקס ביי יידן.

אין דער פּאַד־שול פּאַר פריזירער אין לאָדזש האָבן די קריסטלעכע שילער געפאָדערט פון לערער, אַז ער זאָל די יידישע שילער נישט רופן צום וואַנט־טאָוול. דער לערער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז ער וועט אויסרופן אַ יידישן שילער נאָר נאָך צען נישט־יידישע. אין אַ צווייטן קלאַס פון דער זעלבער שול האָט דער לערער געבעטן אַלע יידישע שילער פאַרלאָזן דעם קלאַס, ווייל ער וויל האָבן אַ באַראַטונג מיט די קריסטלעכע שילער. דער דירעקטאָר פון דער שול האָט אַ יידישע דעפּוטאַציע צוגעזאָגט מאַכן אַ סוף צו אַזעלכע אַנטיסעמיטישע שטיק.

אין לאָדזש, אויף דער פּיעטריקאָווער גאַס, איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אַ באָמבע אין אַ יידיש געשעפט פון גלאָז און פאָרצעלאַן. אַלע פענצטער און אַ סך גלאָזוואַרג און קרישטאָל איז פאַרניכטעט געוואָרן. עס זענען לייכט פאַרוונדעט געוואָרן עטלעכע מענטשן וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַרן געשעפט. נאָר דורך אַ נס זענען די באַלעבאַטים פון דאָזיקן געשעפט געראַטעוועט געוואָרן. דער עלטערער זון פון באַלעבאָס האָט באַמערקט, אַז דריי קריסטן לייגן עפּעס אַנידער ביי דער טיר, און האָבן אָנגעהויבן שרייען. די באַלעבאָסטע און דריי יידישע אָנגעשטעלטע זענען אַנטלאָפן אין הויף אַ האַלבע מינוט פאַרן אויפרייס פון דער באָמבע. ווי באַקאַנט, האָט מען אין דעם זעלבן לאָדזש ערשט צוריק מיט אַ וואָך געוואָרפן אַ

## ערב חורבן

באַמבע אין אַ יידיש געשעפט, און דריי יידישע פרויען זענען שווער פאַר־וווּנדעט געוואָרן.

אין קראָקעווער אוניווערזיטעט האָבן אויסגעבראָכן אומרוען. די פּויּלישע סטודענטן האָבן געפאָדערט פון די יידישע קאָלעגן, זיי זאָלן זיך זעצן אויף באַזונדערע בענק. די יידן האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן, און די לעקציעס זענען איבערגעריסן געוואָרן.

7 יידישע סטודענטן זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון לעמבערגער פּאָליטעכניקום פאַר אונטערשרייבן דעם פּראָטעסט קעגן די געטאָ־בענק. דער אַכטער, אַלטפעלד, איז נישט אויסגעשלאָסן געוואָרן, ווייל ער איז געווען שרעקלעך צעשלאָגן און איבער דעם האָט מען אים מוחל געווען דעם חטא פון פּראָטעסטירן קעגן דעם סדום־געזעץ פון סענאַט פון פּאָליטעכניקום. די אַכט יידישע סטודענטן, וועלכע מען האָט געמשפּט, האָט מען אפילו נישט אויסגעהערט און מען האָט זיי נאָר איבערגעלייענט דעם אורטייל. ביים פּאָליטעכניקום האָט געוואַרט אַ גרויסע צאָל כוליגאַנעס־סטודענטן, וועלכע האָבן געוואָלט שלאָגן די יידישע קאָלעגן. פּראָפעסאָר קוביצקי האָט די יידישע סטודענטן באַהאַלטן אין זיין קאַבינעט און האָט אַרויסגערופן פּאָליציי, וועלכע האָט די יידישע סטודענטן באַגלייט אַהיים.

אין אַ באַקאַנטער קאַפע אין וואַרשע, אויף דער גאַס „נאָווי שוויאַט", האָט אין אַ קאַפּעליע מוזיקאַנטן פון פינף פּערזאָן געשפּילט אויך איין ייד. אין פאַרלויף פון דריי וואָכן האָבן ענדעקישע סטודענטן געמאַכט דאָרט סקאַנדאַלן און געפאָדערט, אַז דער יידישער מוזיקאַנט זאָל אָפּגעזאָגט ווערן. דער באַלעבאָס פון קאַפע האָט היינט אָפּגעדרוקט אַ בריוו אין אַלע אַנטי־סעמיטישע צייטונגען, אַז זיין קאַפע איז יידן־ריין.

דאָס איז דאָס פּעקל צרות און אַנגסטן וואָס זענען באַקאַנט; און דאָס צעטל פון נישט באַקאַנטע, נישט פאַרעפנטלעכטע, איז געוויס נאָך גרעסער און נאָך שוידערלעכער. און איך קען נאָך דערמאָנען, אַז אין פאַרלויף פון איין לעצטער וואָך זענען אין ווילנע אונטערגעלייגט געוואָרן צוויי באָמ־בעס אין יידישע געשעפטן — איינע האָט אויפגעריסן און אָנגעמאַכט אַ חורבן, און די צווייטע האָט מען באַצייטנס אומשעדלעך געמאַכט. אין דער זעלבער וואָך זענען אין לאָדזש געוואָרפן געוואָרן צוויי באָמבעס אויף יידישע געשעפטן. אין וואַרשע איז אונטערגעלייגט געוואָרן אַ באָמבע אין יידישן

אַקאַדעמישן הויז ביי אַ באַל. נאָר דורך אַ נס האָט דער אויפּרייס פאַר־שפּעטיקט און קיינעם נישט געטראָפן.

איינס איז קלאָר פון די אַלע פאַקטן — פּוילן איז נישט נאָר פאַר־זאָרגט מיט פּאָגראָם־שטאָף, נאָר אויך מיט אויסנוצער פון דעם דאָזיקן שטאָף און מיט פּאַרטייען, וואָס אָרגאַניזירן דאָס. מען אַרבעט אויף אַלע כלים! און מען גרייט זיך ערשט צו דער אַרבעט! אין זייער פּרעסע זאָגן זיי אָפּט צו אונדז, אַז מיר מעגן זיך ריכטן אויף אַ סך, אַ סך גרעסערע צרות און פאַרפאָלגונגען. און דאָך האָבן זיך געפונען אָנגעזעענע פּוילישע פּאָליטיקער, אַ געוועזענער אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע און אַ געוועזענער מיניסטער, ביידע פון פּילסודסקיס לאַגער, וועלכע האַלטן, אַז ס׳איז ווייניק: יידן האָבן ווייניק צרות; פּוילן האָט ווייניק אַנטיסעמיטן; די אַנטיסעמיטן מאַכן ווייניק פּאָגראָמען און וואַרפן ווייניק באָמבעס אין יידישע געשעפטן! און זיי האָבן זיך גענומען אַ ביסל אונטערוואַרעמען דעם עולם. אַ ביסל צוגיסן נאַפט צום פייער, עס צעבלאָזן און פאַרוואַנדלען אין אַ פלאַם, וואָס זאָל פאַרברענען... פאַרשטייט זיך, אַז זיי טרוימען וועגן פאַרברענען נאָר דעם שוואַכערן טייל. דער שטאַרקער לערנט גאָרנישט פון דער גע־שיכטע און וויל גאָרנישט וויסן פון דער פּראַקטיק, אַז יעדער פייניקער און אונטערצינדער ווערט אויך געפּייניקט און פאַרברענט מיט זיינע קרבנות.

די צוויי דערמאָנטע העלדן האָבן געגרינדעט אַ נייע פּאַרטיי: „פּוילישע ראַדיקאַלע פּאַרטיי״. איז, ווי אַלץ אין איצטיקן פּוילן, נישטאָ אין דעם קיין פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, קיין איין זייט פון אייגענער און גאַנצער פאַרב. צונויפגעטראָגן און צונויפגעשטוקעוועט פון אַלע אייגענע און פרעמדע פּאַרטייען; צונויפגענייט מיט ווייסע פעדים; אָן גרויסער באַגייסטערונג פאַר דעם דאָזיקן מיש־מאַש פון דעמאָקראַטיזם און היטלעריזם, פון אַנטי־סעמיטיזם און קריסטענטום, פון פּאָלקסטימלעכקייט מיט פריצישער פאַר־אַכטונג צום קליינעם מענטשעלע. און דאָס פּויקט מען פונאַנדער אַלס אַ נייע רעטונג פאַרן פּוילישן פאָלק. און אַרבעטסלאָזע בחורימלעך, וועלכע זענען פאַראַן אין אַלע שטעט אין די טויזנטער און צענדליקער טויזנטער, לויפן אַרום איבער די גאַסן און שרייען: „די צייטונג פון דעם פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע״. דאָס איז שוין גענוג, אַז אַ פּאָר צענדליק

## ערב חורבן

ליבהאָבער פון פּיקאַנטע זאַכן זאָלן קויפן די צייטונג. וואָס־זשע זאָגט דאָרטן דער פּוילישער טיטוס, וואָס אין אַמעריקע פלעגט ער אַזוי העפלעך און כמעט וואַרעם אויפנעמען דעלעגאַציעס פון פּוילישע יידן און זיי פּאַרזיכערן אין זיין ליבע צו יידן? „טיטוס״ איז נישט מיין צונאָמען. דאָס האָבן אים זיין פאָטער און זיין מוטער אַזאַ נאָמען געגעבן: טיטוס פילּיפּאָוויטש. איז אין אַמעריקע האָט ער געשטעלט דעם טראָפּ אויף דעם „פּיליפּאָוויטש״, און אין וואַרשע שטעלט ער דעם טראָפּ אויף דעם „טיטוס״. און מען זאָגט, אַז ווי דער אַמאָליקער טיטוס, וועלכער האָט חרוב געמאַכט ירושלים, איז אומגעקומען פון אַ פליגעלע, וואָס האָט געפּיקט זיין מוח, אַזוי וועט אויך דער פּוילישער טיטוס אומקומען פונעם אַנטיסעמיטישן פליגעלע, וואָס פּיקט און עגבערט זיין מוח שוין לאַנג.

18טער אַפּריל, 1936.

# זעלבסטמאָרד!

עס וואָלט געווען פאַלש צו באַהויפּטן, אַז נאָר ביי די יידן אין פּוילן איז פאַראַן אַזאַ אָרעמקייט, וואָס טרייבט צו זעלבסטמאָרדן און אַוועקצוּ־וואַרפן קינדער אויף דער גאַס. מען קען לייענען יעדן טאָג אין דער כראָ־ניק פון די וואַרשעווער און לאָדזשער צייטונגען וועגן זעלבסטמאָרדן פון פּוילישע אַרבעטסלאָזע. נישט לאַנג צוריק האָט אַ פּוילישער אַרבעטסלאָזער אין לאָדזש דערהרגעט מיט אַ האַק זיינע צוויי קינדער און איז נאָכדעם באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. און אַלע האָבן געשריען, אַז דער מענטש איז פון הונגער אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַפרייט פון זאָרג פאַר די צוויי קינדער, איז ער מיט אַ גרינג האַרץ אַליין אויך אַוועק פון דער איצטיקער מיאוסער עקלדיקער וועלט.

און אָט איז אַ באַשרייבונג פון אַ פּוילישער צייטונג וועגן דער לאַגע אין ווילנער געגנט:

„די צאָל קינדער, וואָס באַזוכן שולן, האַלט אין איין פאַלן. די לערער גיבן איבער, אַז די מערהייט קינדער קומען הונגעריק אין שול. אויב מען וועט נישט געבן קיין שפּייז די קינדער, וועט מען מוזן שליסן די שולן. אַ סך קינדער זענען אָנגעטון אין שמאַ־טעס. אין אַ סך ערטער איז שוין דאָ דער טיפוס".

און אָט איז אַ באַשרייבונג, ווי די שול־קינדער אין פּאָלעסיע (פּינסקער ראַיאָן) האָבן אויפגענומען די שפּייז־מתנות, וואָס מען האָט זיי געשיקט פון קעלצער געגנט:

„אַ פּאָרציע ברויט, פינף שטיקלעך חזיר, אַ גלאָז קאַקאַאָ. די קליינע עסערס האָבן זיך געוואָרפן אויף דעם ווי הונגעריקע הינטלעך. די לערערין פאַרענטפערט זיך, אַז מען קען נישט פאָדערן אַנשטענ־דיקייט פון הונגעריקע קינדער".

## ערב חורבן

ווי מען גיט איבער, איז אין די פּאָלעסיער בלאָטעס שוין אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. מענטשן ווערן דאָ פּשוט געשוואָלן פון הונגער.

אָט די פאַקטן וואָלט מען געקענט דערציילן אויף הונדערטער זייטן, און נישט נאָר וועגן דער דאָרף־באַפעלקערונג, נאָר אויך וועגן די שטאָטישע אַרבעטסלאָזע. מען זאָגט טאַקע אויף העברעאיש, אַז צרת רבים חצי נחמה, און פּאָליטיש קען מען דאָס אויסטייטשן, אַז סוף כל סוף וועט דער נישט־יידישער הונגעריקער מאָגן אויסשטרעקן די האַנט צום יידישן הונגעריקן מאָגן, זיי וועלן מאַכן יד אחת און איין פראָנט, און וועלן אויסלייזן די וועלט פון הונגער און קנעכטשאַפט. און דאָך איז עפּעס פאַראַן אין די יידישע זעלבסטמאָרדן, וואָס מאַכט זיי אַנדערש, ווייל מען וואָלט געקענט גאָר לייכט פעסטשטעלן, אַז ביי יידן באַגייען זעלבסטמאָרדן נישט שוין הונגעריקע מענטשן, נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן מורא פאַרן קומענדיקן הונגער; אַזעלכע, וועלכע זענען לעבנס־מיד געוואָרן נישט פון לאַנגן הונגערן, נאָר פון ראַנגלען זיך מיט יענעם טייוול, וואָס שטופּט אין אָפּגרונט, וואָס רייסט דעם ביסן פון מויל, וואָס מאַטערט דיך גייסטיק אַזוי לאַנג, ביז ער שעפּט אויס אַלע דיינע נשמה־כוחות און פאַרוואַנדלט דיך אין אַ שפּילעכל אין די הענט פון שוואַרצע געדאַנקען און פאַרפירערישע געשפּענסטער. דער ערשטער, דער פּוילישער זעלבסטמערדער צוליב אַרבעטסלאָזיקייט, איז פיזיש אויסגעשעפּט; דער צווייטער, דער יידישער באַלעבאָס, וואָס הענגט זיך אין טלית און תפילין אין אַ קוואַרטיר פון עטלעכע צימערן, איז גייסטיק פאַרמאַטערט. דער ערשטער באַגייט אָפּט זעלבסטמאָרד אין אַ מינוט פון פאַרצווייפלונג, אין אַ מינוט פון פיזישן הונגער, און וואָלט ער יענעם טאָג געפונען אַרבעט, וואָלט ער אפילו נישט געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד און וואָלט געבליבן אַ געזונטער גליד פון דער געזעלשאַפט. זיין נשמה איז כמעט נישט געריירט און נישט פאַרגיפטעט. פאַרקערט, דער צווייטער, דער ייד, טראָגט זיך אַרום חדשים, אָפּט יאָרן מיטן זעלבסטמאָרד־געדאַנק; ער לעבט אַ קראַנקער, אַ פאַרסמטער, אַ לעבנס־מידער, אַ לעבנס־פאַרצווייפלטער יאָרן אין דער געזעלשאַפט, און ער פאַרסמט די גאַנצע אומגעבונג זיינע, ער צעטראָגט גיפט־באַצילן אַרום זיך און פאַרשפּרייט לעבנס־אַנגסט און האָפענונגסלאָזיקייט.

אָט דאָס איז דער אונטערשיד! דער ערשטער, דער קריסטלעכער

זעלבסטמאָרד, איז אַ סימן פון אָרעמקייט; דער צווייטער, דער יידישער זעלבסטמאָרד, איז אַ סימן פון קראַנקהייט, פון מידקייט, פון אויסזיכטסלאָזיקייט פון גייסטיקער אויסגעשעפּטקייט פון אַ גאַנצן קלאַס מענטשן, פון אַ גרופּע. דער זעלבסטמאָרד פון פּוילישן אַרבעטסלאָזן איז אַן איינצעלנע דערשיינונג; דער זעלבסטמאָרד פון אַ יידישן באַלעבאָס, וואָס האָט נאָך אַ דינסט אין שטוב, און וועמעס טעכטער טראָגן נאָך פּעלצן, איז אַ געזעל־שאַפטלעכע דערשיינונג, איז אַ צייכן פון אַ חולאת, וואָס שטעקט אָן די אַרומיקע. פאַרשטייט זיך, אַז טיף אין גרונט שטאַמען ביידע דערשיינונגען פון איין וואָרצל, די רפואות אָבער, וואָס זענען געגוג אויף צו היילן דעם פאַרצווייפלטן אַרבעטסלאָזן פון זיין פאַרצווייפלונגס־שריט, זענען ביז גאָר ווייניק אויף צו ראַטעווען דעם יידישן באַלעבאָס פון זיין יאוש־שריט.

דעם קריסטלעכן אַרבעטסלאָזן איז גענוג צו געבן עסן פאַר אים און פאַר זיינע קינדער, ווייל גלויבן אין צוקונפט טראָגט ער אין זיך און האָט גאָר נישט אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין גלויבן אין זיין קלאַס אָדער אין זיין פאָלק. דער באַלעבאַטישער ייד, וואָס הענגט זיך אויף אין קראָם, ווייל ער האָט זיך אַזוי לאַנג געדרייט, אַז דער שטריק האָט זיך אַזש פאַרדרייט אַרום זיין האַלדז, האָט פאַרלוירן דעם גלויבן אין דעם מאָרגן פון זיין קלאַס; ער נויטיקט זיך נישט אין ברויט, וואָס עס איז נאָך פאַראַן אָפּט גאַנץ גענוג, נאָר אין — פרישן מוט, אין פרישן גלויבן, אין נייע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס זאָלן אים געבן נייעם גלויבן אין אַ צוקונפט.

מיר וועלן ברענגען נאָך עטלעכע פאַקטן פון די לעצטע וואָכן:

דער 39־יאָריקער אבא שטערן האָט זיך אויפגעהאָנגען ביי זיין שוואָגער אין געשעפט. ווער איז דער דאָזיקער ייד? האָט ער שוין נישט געהאַט צו עסן? צוריק מיט צוויי יאָר איז ער נאָך געווען אַ הויז־באַזיצער. דאָס הויז האָט נישט געגעבן צו לעבן, ווייל שטייערן מוז מען צאָלן הויכע און דירה־געלט צאָלן נישט אַלע. ער פאַרקויפט דאָס הויז און עפנט אַ געשעפט פון עלעקטרישע לעמפּלעך. דער קאַפּיטאַל צאַנקט, און צוזאַמען מיט אים צאַנקט די האָפענונג אָנצוהויבן פאַרדינען און נישט אויפעסן דאָס ביסל פאַרמעגן. דער געוועזענער הויז־באַזיצער צאָלט שוין נישט קיין דירה־געלט און עס שטייט פאַר אים אַ געפאַר, מען זאָל אים אַרויסוואַרפן פון זיין

ווינונג. שטערן מאַכט אַ סוף צו זיינע ראַנגלענישן, וועלכע האָבן אויסגע־מאַטערט זיינע נערוון. ער לאָזט איבער אַ ווייב מיט צוויי קינדער.

שלמה קלמן האָרנשטיין איז געווען 68 יאָר אַלט. ער איז געווען אַ מיטגליד פון אַלע צדקה חברות פון וואַרשע, אַן אַלטער חובב ציון, אַ זייער געאַכטער און אַקטיווער כלל־טוער, אַ פאָטער פון אַ גרויסער פאַמיליע, אַ גרויסער אונטערנעמער, אַ ליפעראַנט פון פראָדוקטן פאַר דער פוילישער אַרמיי שוין פון לאַנג, אַ מענטש, וואָס האָט געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט פאַר אָרעמע און פאַר קולטור־אינסטיטוציעס. אָט דעם דאָזיקן 68־יאָריקן יידן, מיט אַ לאַנגער באָרד, האָט מען געפונען אַ געהאָנגענעם אין זיין הויז, איינגעהילט אין טלית. אויפן טיש, אויפן אָפענעם סידור, האָט מען געפונען אַ בריוו, אין וועלכן ער בעט מ׳זאָל אים מוחל זיין זיין שריט, „ער קען שוין נישט אויסהאַלטן״. פרייטיק אינדערפרי שטעלט זיך האָרנשטיין דאַווענען און שיקט אַראָפּ זיין פרוי אין קראָם עפּעס קויפן. זי קומט צוריק און טרעפט דעם מאַן אין טלית הענגען. וואָס־זשע האָט געטראָפן? איז דען נישט געווען אין שטוב צו עסן? אָ, ניין, אַזוי אָרעם איז מען נאָך נישט געווען. נאָר שוין אַ פּאָר יאָר, אַז מען האָט אויפגעהערט געבן יידן ליפערונגען פאַר דער אַרמיי. מען לויפט נאָך, מען בעט, מען לאָזט ביליגער, אָפט באַקומט מען אפילו אַ צוזאָג, אָבער עס לאָזט זיך אויס, אַז אַ ייד באַקומט קיינמאָל נישט קיין באַשטעלונג. און אַזוי האָט טאַקע געטראָפן דאָס מאָל. נאָך חדשים נאָכלויפן און אפילו צוזאָגן האָט מען אים דאָנערשטיק, דעם 28סטן מערץ 1936 ענדלעך דערקלערט, אַז ער וועט קיין ליפערונג נישט באַקומען. זיינע נערוון האָבן נישט אויסגע־האַלטן. ער האָט פאַרלוירן יעדע האָפענונג צו פאַרדינען פון זיין אַלטער באַשעפטיקונג; זיך נעמען פאַר אַ נייע באַשעפטיקונג צו 68 יאָר איז אַ ביסל צו שפּעט; קיין קאַפּיטאַלן זענען נישטאָ, — זאָגט מען אָפּ ווידוי און מען וויקלט זיך איין אין טלית און מען גייט פרייוויליק אַוועק פון דער וועלט.

דער אָנגעזעענער און פון אַלעמען געאַכטער מענטש ליגט ביים פאַרקאַן פון בית־עולם — אַזוי הייסט דער יידישער דין טון מיט זעלבסט־מערדער. קיינע געוויינען און ביטעס פון דער פאַמיליע האָבן נישט גע־האָלפן.

די 31־יאָריקע העלאַ דיזענהויז איז געקומען אין הויז, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו אירע עלטערן און ווו זי איז אויסגעוואַקסן און דערצויגן גע־וואָרן, און האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון פערטן שטאָק.

7 אַזייגער אינדערפרי האָט מען אין הויף אויף מוראַנאָווער גאַס נומער 44 דערהערט אַ געשריי „שמע ישראל!" און גלייך אַ שטאַרקן קלאַפּ פון אַ פאַל. אויף דער ערד איז געלעגן מיט אַ צעבראָכענעם שאַרבן אין אַ קאַלוזשע בלוט דער 55־יאָריקער יוסף גאָלדשטיין. אין לעכל פון דער קאַפּאָטע האָט מען געפונען אַריינגעשטעקט דאָס קוויטל, אַז מען וואַרפט אים אַרויס פון דער דירה.

מיר וואָלטן געקענט די דאָזיקע פאַקטן ציען און ציען. אָבער עס איז אַבסאָלוט איבעריק. פון די געבראַכטע פאַלן איז דאָס בילד גענוג קלאָר. דער יידישער מיטלקלאַס איז צוגעקוועטשט צו דער וואַנט פון קריזיס פון דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, פון באָיקאָט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. ער איז אויפגערודערט שטאַרק פון דער אַנטי־סעמיטישער העצע און פון דער אַלץ וואַקסנדער אומזיכערקייט. ער האָט פאַרלוירן דעם גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט און אין די אייגענע כוחות. דער יידישער מיטלשטאַנד האָט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט און גיט זייער אַ גרויסן פּראָצענט פון יידישע זעלבסטמערדער.

דאָס הייסט אָבער נישט, אַז מיר האָבן נישט קיין געוועגלעכע זעלבסט־מערדער, — מענטשן, וואָס אַנטלויפן פון פיזישן הונגער, וואָס ראַטעווען זיך פון אויסגיין פון הונגער. אָט זענען נאָך אַ פּאָר פאַקטן.

דער גאַנצער הויף אויף דזשעלנע 3 איז אַזוי אויפגעציטערט געוואָרן פון האַרצרייסנדע געשרייען, אַז דער גאַנצער הויף איז זיך צונויפגעלאָפן. ביי אַ פענצטער פון פערטן שטאָק האָט מען דערזען דעם יידן אברהם כענטשינער הענגען אין דער לופטן און זיך האַלטן פאַרן בלעך פון פענצ־טער. פון אַלע פענצטער האָט מען אָנגעהויבן וואַרפן קישנס און איבערבעטן אויף דער ערד, אַז טאָמער וועט דער הענגענדיקער אַראָפּפאַלן, זאָל ער נישט געהרגעט ווערן. די צונויפגעלאָפענע שכנים האָבן דעם יידן דורכן פענצטער אַריינגעשלעפּט אין שטוב אַריין. אברהם כענטשינער האָט אַ פרוי מיט צוויי קינדער. ער איז אַלט אינגאַנצן 36 יאָר. זיין פרנסה איז מעקלערן קונים. ער דרייט זיך אַרום פאַר די יידישע קליידער־געשעפטן און „כאַפּט"

קונים. טרעפט אַמאָל אַ נס און אַ קונה לאָזט זיך אַריינפירן אין אַ געשעפט און קויפט עפּעס, באַקומט דער מעקלער עטלעכע גראָשן. ער ווייסט אָבער, אַז אַזעלכע נסים טרעפן אַלץ זעלטענער. אויף קיין בעסערע פּרנסה איז נישטאָ קיין האָפענונג, האָט ער געפּרוווט זיך וואַרפן פון פערטן שטאָק.

פּערל זילבער, אַ מוטער פון פיר קינדער, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווייל שוין וואָכן, אַז דער מאַן, אַ דירה־מעקלער, ברענגט נישט קיין גראָשן. אין שטוב איז קאַלט, און עסן איז נישטאָ וואָס. און דאָ שטייט נאָך די געפאַר אַרויסגעוואָרפן צו ווערן אין גאַס. האָט זי באַשלאָסן מאַכן אַ סוף.

דער 35־יאָריקער בייטלמאַכער, משה שניצער, האָט זיך אויפגעהאָנגען און געלאָזט אַ פרוי מיט צוויי קינדער. אין שטוב איז שוין לאַנג קיין ברויט נישט געווען, ווייל דער איינציקער פאַרדינער איז געווען אַרבעטסלאָז.

פריידע שוסטאָקאָווע איז געווען אַן אלמנה, אַ מאַמע פון צוויי קינדער, איינס פון 4 יאָר און איינס פון 6. זי האָט אויסגעוואַשן וועש פאַר די קינדער, האָט זיי איבערגעטון, אויסגעקושט די קינדער אַלע גלידער און איז אַוועק פון שטוב און איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אויף סמאָטשע גאַס איז געקומען אַ פּאָליציאַנט אַרויסצושטעלן פון דער דירה די פאַמיליע קאַץ. די פרוי איטע דערזעענדיק דעם פּאָליציאַנט האָט אויסגעשריען: „וואָס ווילט איר טון? איר מאַכט דאָך פון אונדז אַ תלי!" און זי איז געפאַלן חלשות און געשטאָרבן אויפן אָרט.

פאַלן חלשות און שטאַרבן אויפן אָרט איז געוואָרן ביי יידן אין פּוילן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. עס גייט ממש קיין טאָג נישט אַוועק, מען זאָל נישט אויפהויבן פון גאַס אַ יידן אַ טויטן. יידישע הערצער האַלטן נישט אויס... פון הונגער, פון צרות, פון זאָרגן, פון שרעק, פון פאַרצווייפלונג.

אויף נאָוואָליפּקי 22 האָט מען געפונען ליגן מאַכטלאָז דעם 56־יאָריקן יעקב אויבענצווייג. מען האָט אים אָפּגעפירט אין יידישן שפּיטאָל.

עק לעשנאָ און רימאַרסקאַ איז געפאַלן אַ יידישע פרוי פון אַ יאָר 30 אין חלשות. מען האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז געווען פון הונגער.

פאַרן הויז לעשנאָ 31 האָט מען געפונען אַ 16־יאָריק יידיש מיידל פאַרחלשט. אַ דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז זי איז דערשעפּט פון הונגער און קעלט.

דעם 35־יאָריקן ישראל זשעמא, פון רוזשאַני, האָט מען געפונען ליגן אויף נאַלעווקי אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד. מען האָט אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

פאַרן הויפּט־וואָקזאַל איז געפאַלן חלשות אַ יידישער יונגערמאַן און איז גלייך געשטאָרבן. פון אַ קוויטונג פון שטייער־אַמט, וואָס מען האָט געפונען ביים אים אין קעשענע, האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז ער הייסט הענעך מעסינג און איז פון בזשזין.

אויפן גאַס האָט מען אויפגעהויבן אַן אומבאַקאַנטן יידן, וואָס איז גע־פאַלן חלשות. אין שפּיטאָל איז ער געשטאָרבן. די דאָקטוירים האָבן פעסט־געשטעלט, אַז ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער.

דער 63־יאָריקער שירעממאַכער חיים קעניגשטיין איז ביי דער טיר פון זיין וווינונג געפאַלן חלשות און איז גלייך געשטאָרבן. ער האָט איבער־געלאָזט אַ פרוי מיט דריי קינדער.

די 64־יאָריקע מרים קאַפּלאַן פון טוואַרדע 14 איז געשטאַנען און גע־וואַשן וועש. פּלוצלינג איז זי געפאַלן און געשטאָרבן. זי האָט איבערגע־לאָזט אַ מאַן מיט4 קינדער.

די 26־יאָריקע שרה גרינבערג, אַן אַרבעטסלאָזע און אַ היימלאָזע, איז אינמיטן גאַס געפאַלן חלשות. אַ דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז זי איז געפאַלן פון הונגער.

ביי עק מוראַנאָווסקע און נאַלעווקי האָט מען געפונען ליגן אין אַ באַ־ווסטלאָזן צושטאַנד דעם 10יאָריקן משה גאָלדמאַן פון לעקאָוו.

מיר האָבן געבראַכט נאָר די פאַקטן פון וואַרשע און נאָר פאַר די לעצ־טע עטלעכע טעג.

מיר האָבן געבראַכט די פאַלן פון חלשן פון הונגער. איז אָבער די לעצטע צייט צוגעקומען אַ נייער מין חלשן, אַ נייער מין פאַרלירן דאָס האַרץ. איך האָב שוין אַמאָל באַשריבן די פּיין און ליידן פון די יידישע גאַסן־הענדלער, וועלכע ווערן געיאָגט פון פּאָליציאַנטן און פאַרפאָלגט פון געהיים־אַגענטן. און אָט האָט די טעג, דעם 30סטן מערץ, געטראָפן אַזאַ פאַל: די פרוי דינה קאָלבער איז געשטאַנען מיט אַ קויש מאַראַנצן. פּלוצלינג האָט עמיצער אַ געשריי געטון, אַז עס גייט אַ פּאָליציאַנט. די פרו איז גע־פאַלן חלשות, און מען האָט זי געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל.

## ערב חורבן

און נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פּלאָג פון אונטערוואַרפן קינ־דער — נישט קיין פּיצלעך, נאָר 2־יאָריקע און 4־יאָריקע, און 6־יאָריקע און 8־יאָריקע.

פאַרן הויז באַניפראַטערסקאַ 4 האָט מען געפונען אַ ייִנגעלע פון צוויי יאָר. אין אַ קוויטעלע, צוגעשפּילעט צום קינד, שרייבט די מוטער אין יידיש און אין פּויליש, אַז דאָס קינד איז אַ יתום, האָט נישט קיין פאָ־טער; די מוטער הונגערט און קען נישט אויסהאַלטן דאָס קינד. זי בעט באַרעמהערציקע מענטשן רחמנות האָבן אויף דעם קינד און עס דערציען.

דעם זעלבן טאָג האָט מען געפונען אויפן פּלאַץ פאַריסאָווסקי אַ יידיש קינד מיט אַ בריוועלע פון דער מוטער, אַז זי האָט קיין אַנדער ברירה נישט ווי איבערלאָזן דאָס קינד אויפן גאַס, ווייל ביי איר אין שטוב איז קאַלט און עס איז נישטאָ וואָס צו געבן עסן דעם קינד.

אויף סענאַטאָרסקע 29 האָט אַ יידישע פרוי איבערגעלאָזט אַ קינד מיט אַ קוויטעלע, אין וועלכן זי שרייבט: „איך האָב אַזוי געמוזט... גוטע מענ־טשן, האָט רחמנות און גיט דעם קינד עסן!"

אין טויער אויף ביזקע 6 האָט מען געפונען צוויי ייִנגלעך, שרעקלעך אָפּגעריסענע און אויסגעהונגערטע. זיי האָבן בשום אופן נישט געוואָלט זאָגן, ווי זיי הייסן און ווו עס לעבן זייערע עלטערן. מען האָט זיי אָפּגעפירט אין יידישן פינדל־הויז.

אָט אַזוי זעט זי אויס, די „יידישע גאַס" אין פּוילן. די גאַס, וואָס ווערט אַזוי באַקעמפט פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן, וואָס ווערט אָנגעגעבן די פּוילישע מאַסן אין נדן, אויב מען וועט די יידן פאַרטרייבן!

18טער פעברואַר, 1936.

# איז עמיגראַציע אַ לייזונג?

איך וועל קיינמאָל דאָס בילד נישט פאַרגעסן: אַ הויכער מאַן פון אַ יאָר 30 אָדער עפּעס מער, מיט אַ דאַר, אויסגעמאַטערט פּנים, גייט פאַר־מעלעך און טראָגט פאַר זיך אַ שילד: „איך זוך אַרבעט! שוין דריי יאָר אַז איך האָב געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט!"

דאָס בילד האָב איך היינט, דעם 26סטן מאַי פון יאָר 1936, געזען אויף איינער פון די הויפּט־גאַסן פון וואַרשע. דער מאַן איז געוויס געווען אַ פּאָליאַק. דער עולם האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, געהאַט מיטגעפיל, אָבער דאָך געלאָזט דעם מענטשן מיט דער שילד ווייטער גיין, און יעדער איז געלאָפן אין זיין וועג אַריין: קעמפן פאַרן ביסן ברויט; ראַנגלען זיך פאַר דער פיזישער עקזיסטענץ.

און אָט איז אַ ידיעה פון לאָדזש: „דער הונגער־שטרייק פון זעכצן מאַן, וואָס האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין לאָקאַל פון פרייוויליקע מיליטער־לייט, איז איבערגעריסן".

וואָס איז דאָס פאַר אַ שטרייק? און ווער זענען דאָס די שטרייקענדע? זעכצן געוועזענע פרייוויליקע סאָלדאַטן פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס זענען יאָרן אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט, זענען אַריין אין לאָקאַל פון פריי־וויליקע מיליטער־לייט, האָבן דערקלערט אַ הונגער־שטרייק און זענען טאָקע געזעסן דאָרט 60 שעה אָן אַ טרונק וואַסער און אַ ביסן ברויט. די פּאָליציי האָט זיי סוף כל סוף מיט געוואַלד אַרויסגעוואָרפן פון לאָקאַל. אייניקע האָבן געחלשט פון שוואַכקייט. צי וועלן זיי איצט באַקומען אַר־בעט? דאָס וועלן מיר זען.

אָט די צוויי פאַקטן זענען,ליידער, נישט קיין אויסנאַמען. זיי זענען פאַר דער לאַגע אין פּוילן שרייענד־טיפּיש. זיי שפּיגלען אָפּ אין דער שאַרפס־

סטער פֿאַרעם די אמתע לאַגע פֿון לאַנד, די אמתע פֿאַרצווייפֿלטע לאַגע פֿון מיליאָנען מענטשן.

ס'איז געוויס אמת, אַז אויף איין הונגעריקן פּוילישן אינטעליגענט קענען מיר אַרויסשטעלן צען יידישע, ווייל זיי, די פּוילישע, ווערן דאָך פֿאַרט ריכטער, פּראָקוראָטאָרן, באַאַמטע און באַקומען אויך גיכער שטעלעס אין מלוכה־סינדיקאַטן און אויך אין פּריוואַטע פֿירמעס, ווען דער יידישער יונגערמאַן, וואָס ענדיקט אויף אַדוואָקאַט, מוז וואַרטן אויף פּריוואַטע פּראַק־טיק, און די קאָנקורענץ איז אַזוי גרויס, אַז מען נעמט אַ האַלבן דאָלאַר פֿאַר אַן עצה. ס'איז אויך אמת, אַז דער יידישער הונגעריקער אַדוואָקאַט וועט גאָר נישט האָבן די העזה אַרויסצוגיין אין גאַס מיט אַזאַ שרייענדיקן פּראָטעסט־שילד, וואָרום כוליגאַנעס וואָלטן אים געוויס אָנגעבראָכן די ביי־נער און פּאָליציי וואָלט אים געוויס באַלד אַרעסטירט. ס'איז אויך אמת, אַז דער פּראָצענט הונגעריקע איז ביי די יידישע מאַסן אַ סך אַ גרעסערער, ווי אפילו ביי די פּויערים אין דאָרף, אין פּאַלעסטינע און אין ווילנער געגנט, ווו די לאַגע איז מער ווי פֿאַרצווייפֿלט. ס'איז אויך אמת, אַז וועגן די דאָזיקע אומגליקלעכע פּויערים טראַכט, מוז טראַכטן, די רעגירונג, און זי וועט מוזן סוף כל סוף דאַרטן שטילן דעם הונגער, אין דער צייט ווען וועגן די הונגעריקע יידישע מאַסן טראַכט זי אויך, אָבער גאָר אין אַן אַנדערע ריכטונג: ווי אַזוי ווערט מען וואָס גיכער פֿון זיי פּטור: ווי אַזוי צווינגט מען זיי וואָס גיכער צונויפֿצונעמען די בעבעכעס און זיך אָפּטראָגן.

איך בין געוויס איינשטימיק, אַז אונדזער הונגעריקער אינטעליגענט און אונדזער הונגעריקע מאַסע האָבן אַבסאָלוט די זעלבע מאָראַלישע און געזעצלעכע רעכט צו ווערן געהאָלפֿן אין פּוילן, ווי די פּאָליאַקן. איך גלויב אויך, אַז ס'וועט געוויס קומען אַ טאָג, ווען די דאָזיקע הונגעריקע וועלן זיך ברידערלעך דערלאַנגען די הענט און וועלן מאַכן אַ סוף צום גיהנום.

דאָס אַלץ איז דאָך אָבער נאָר אַ פּאָליטיש פּראָגראַם, אַן אַגיטאַציע־פּראָגראַם, אַ צוזאָג־ און האָפֿענונג־פּראָגראַם. איז גוט דעם, וואָס גלויבט, אַז מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועט קומען דער סאָציאַליסטישער משיח און וועט אַלעמען אויסלייזן. אָבער טאָמער פֿאַרשפּעטיקט משיח אויף אַ פּאָר צענדליק יאָר? אַז ער איז פֿעאיק אָפּצוטון אויף טערקיש, האָט אונדז די ביטערע ווירקלעכקייט גענוג געלערנט: עסטרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע;

לענדער מיט גרויסע, מעכטיקע אַרבעטער־באַוועגונגען. און משיח האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קומען און האָט געשיקט דעם טייוול אויף זיין אָרט. און אַ טייוול טרעט נישט אַזוי גיך אָפּ אַ פאַרכאַפּטן אָרט.

איז אָט, אויב משיח וועט פאַרשפּעטיקן, וועט זיך נישט כאַפּן קומען אויפן אייזל — וואָס וועט דעמאָלט זיין?

דעמאָלט מוז מען ערנסט טראַכטן וועגן אַן עקאָנאָמיש פּראָגראַם פאַר די הונגעריקע מאַסן, וועגן באַלדיקער הילף און וועגן מאָרגענדיקער און איבערמאָרגנדיקער הילף, און אפשר אויך אפילו וועגן איבער־איבער־מאָרגנדיקער. אויב מען גייט אַזוי צו צו די פראַגן פון יידישן לעבן אין פוילן, ערדיש, ממשותדיק, רעאַליסטיש, נישט שוועבנדיק אין די הימלען און נישט פאַרשרייענדיק דעם אייגענעם שכל און דעם אייגענעם געוויסן מיט פראַזן און מיט קנאַקנדיקע קאַמפּס־רופן, דעמאָלט קומט מען צו גאַנץ אַנדערע אויספירן: אויב דער אַרומיקער באַפעלקערונג איז ביטער, וועט אונדז זיין ביטער און פינצטער; אויב דער אַרומיקער באַפעלקערונג איז ביטער און פינצטער, וועלן מיר ליגן ניין איילן אין דער ערד און אפשר נאָך טיפער.

און אָט פון דעם שטאַנדפּונקט מוז מען זיך פיל ערנסטער און ערלע־כער באַציען צו פּוילישע שטימען, וועלכע רעדן וועגן עמיגראַציע. ס'איז נישט גענוג אָפּצושרייען דעם פּסוק, אַז מיר זענען, אַז מיר פילן זיך פאַר גלייכוועריקע און גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פון פּוילן און אַז פון דער פּוילישער נישט־אַנטיסעמיטישער געזעלשאַפט פאָדערן מיר נאָר העלפן אונדז אין קאַמף פאַר אונדזערע רעכט און בעטן ביי זיי נישט קיין עצות וועגן עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע, וועגן ציוניזם און טעריטאָריאַליזם. געוויס, ביז וואַנען זיי זאָגן נישט דעם ערשטן טייל, אונדזער רעכט אויף גלייכע רעכט, האָבן זיי נישט קיין גענוג ריינעם מאָראַלישן געוויסן צו רעדן וועגן עמיגראַציע. אָבער אונדזער אויפגאַבע דאַרף באַשטיין נישט אין פאַרשרייען ,נישט אין אויסלאַכן, נאָר אין אויפדעקן דעם אמת. אונדזער אמת באַשטייט אין דעם, אַז ביידע פראַגטן זענען גלייך וויכטיק, אַז אין די זעלבע יאָרן, ווען יידן האָבן געקעמפט אין רוסלאַנד אין די רעוואָלוציאָנערע רייען, האָבן זיי געשיקט 150 טויזנט יידן אַ יאָר קיין אַמעריקע; אַז יידן

וועט קלעקן פֿאַר ביידע. אי פֿאַר אַ ניי, פֿריי פּוילן, אי פֿאַר אַ נייעם איינ־וואַנדערונגס־צענטער.

אין פּוילן איז פֿאַראַן אַ קאָנסערוואַטיווע צייטונג „טשאַס". זי איז ווייט נישט קיין אַנטיסעמיטישע צייטונג; זי באַקעמפֿט דעם כוליגאַניזם, זי באַ־מיט זיך אָפֿט זאָגן אַן אומפּאַרטייאיש וואָרט אין דער יידישער פֿראַגע. און כאָטש מיר קענען האָבן איבערגענוג טענות אויך צו דער דאָזיקער כמעט נישט־אַנטיסעמיטישער צייטונג, מוז מען דאָך מודה זיין, אַז אויף דעם פּוילישן פֿראָנט איז זי אַ זעלטענע דערשיינונג. אין דעם כאָר פֿון קריצן מיט די ציין און פּאָכען מיט די קולאַקעס און שרייען אויף אַלע קולות, אַז יידן באַגראָבן פּוילן, אַז יידן רואינירן דאָס פּוילישע פֿאָלק, איז דער טאָן פֿון דער דאָזיקער קאָנסערוואַטיווער צייטונג אַ מער אָדער ווייניקער דערטרעגלעכער. און ס׳לוינט אַמאָל אויסצוהערן דעם דאָזיקן קעגנער.

די צייטונג האָט פֿאַרעפֿנטלעכט דריי אַרטיקלען וועגן דער יידישער פֿראַגע. דער אויסגאַנגס־פּונקט איז אַזאַ: אַן דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַ־ציע, אַן דער העצע און אַן דער פּאָגראָם־אַטמאָספֿערע מוז אויך די לאַגע פֿון די ברייטע יידישע מאַסן ווערן פֿון טאָג צו טאָג ערגער און קאַטאַסטראָ־פֿאַלער. און די צייטונג מאָלט אַ בילד, ווי גרויס עס איז די אָרעמקייט אין דאָרף, ווי גרויס עס איז דער נאַטירלעכער צוווּקס פֿון דער באַפֿעלקע־רונג אין דאָרף און ווי גרויס עס מוז דעריבער זיין דער דראַנג פֿון די דאָזיקע דאָרפֿישע מענטשן צום קליינעם שטעטל. און די צייטונג דערציילט דאָס, וואָס מיר זעען שוין מיט אונדזערע אויגן — די דאָרפֿישע באַפֿעל־קערונג וואַרפֿט זיך מיט אַ גוואַלדיקער נאַטור־קראַפֿט אויף דעם קליינעם האַנדל אין דאָרף און אין שטעטל. אויף דעם האַנטווערק אין שטעטל און אויך אויף דער אַזוי גערופֿענער „כאַלופּניצטוואָ", דאָס הייסט, אויף אַרבעט פֿאַר די געשעפֿטן.

די צייטונג מיינט, אַז יידן זענען טאַקע שטאַרקער מיט קאַפּיטאַל, מיט געניטקייט און קענטענישן, אָבער דאָך וועט די פּוילישע באַפֿעלקערונג בלייבן די זיגעריין. בפֿרט נאָך, אַז זי טרעפֿט אויף „אַזאַ פֿרוכטבאַרן באָדן, ווי די איצטיקע אַנטיסעמיטישע שטימונג, די פֿיל ביישפּילן פֿון אויסלאַנד און די פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע פֿון עטלעכע ריכטונגען".

אויב, אַלזאָ, אויפן יידישן קליינהענדלער און האַנטווערקער גייט די כוואַליע פון דאָרף, פון אָרעמע פויערים, פון קינדער פון פאַרמעגלעכע פויערים, וואָס האָבן נישט וואָס צו טון אין דאָרף, זענען דער יידישער מיטל־האַנדל און די יידישע ליבעראַלע פּראָפעסיעס (דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשיניערן אאַ״וו) נישט אין אַ קלענערע געפאַר. פאַראָרעמטע פּריצים, קינדער פון אַרונטערגעקומענע גוט־באַזיצער, קינדער פון רייכע פויערים, וועלכע האָבן שוין באַקומען העכערע אָדער מיטל־בילדונג, — אָט די אַלע מענטשן וועלן זיך אַ לאָז טון אויפן יידישן מיטל־האַנדל, אויף מעדיצין און אַדוואָקאַטור און אויף אַלע אַנדערע העכערע שטאָטישע פּרנסות.

זאָל זיין, אַז די רעגירונג וועט זיך אָפּזאָגן פון דער ביז־איצטיקער מלוכה־פּאָליטיק און וועט זיך נעמען אָפּשאַפן די מלוכה־פאַבריקן און דעם מלוכה־האַנדל, וועט דאָס אויך ברענגען גאָר אַ קנאַפּע פאַרגרינגערונג פאַר די יידישע מאַסן. ווייל די באַפרייטע פון די מלוכה־אונטערנעמונגען וועלן זיך וואַרפן אויפן פּריוואַטן האַנדל, אויף פּריוואַטער ווירטשאַפט בכלל. און דאָס זענען דאָך מענטשן, וועלכע האָבן שוין באַקומען אַ גאַנץ פיינע צוגרייטונג. זיי וועלן, אַלזאָ, זיין נאָך געפערלעכערע קאָנקורענטן. אָט די נאָר־וואָס אויסגערעכנטע קולטורעל העכער שטייענדע און קאַפּיטאַל קרעפטיקערע גרופּעס וועלן ווערן שטאַרקע קאָנקורענטן אויך אין גרויס־האַנדל, אין דער אינדוסטריע, אין באַנק־וועזן און אין אַ גאָר גרויסער און שאַרפער פאָרעם אין די ליבעראַלע פּראָפעסיעס.

דאָס בילד, וואָס די צייטונג מאָלט דאָ פאַר אונדז, איז, ליידער, נישט קיין צוקונפטס־מוזיק, נאָר שוין טרויעריקע ווירקלעכקייט. דאָס אויסגעמאָלטע בילד באַשטעטיקט נאָר מיין מיינונג, וואָס איך האָב אין מיינע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס״ נישט איין מאָל אַרויסגעזאָגט: אַז אין פּוילן ווערט דער אַנטיסעמיטיזם נישט אָרגאַניזירט און אָנגעוואָרפן פון אויבן, נאָר שפּאַרט פון אונטן אַרויף; אַז אין פּוילן טראָגט דער אַנטיסעמיטיזם אַ כאַראַקטער פון אַ מאַסן־באַוועגונג. און ענדלעך, אַז דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם גייט פון מאָגן צום קאָפּ.

די צייטונג „טשאַס״ קומט צום אויספיר, אַז די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידישע מאַסן מוז און וועט ווערן נאָך אַ סך ערגער, אַ סך געפער־

לעכער, קאַטאַסטראָפאַלער. „די יידישע באַפעלקערונג שטייט אין געפאַר פון אַ הונגער אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט" — אָט אַזוי פאָרמולירט די צייטונג איר אויספיר. מען דאַרף דאָ אַרויסוואַרפן דאָס וואָרט „געפאַר", וואָרום גאָר אַ גרויסער פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן הונגערט שוין, און דער טייל, וואָס הונגערט נישט, פילט אַז ער דערנענטערט זיך צו דעם דאָזיקן דלות־גרוב מיט ריזיקע טריט.

ווי־זשע איז דער אויסוועג? די צייטונג וואַרפט אָפּ אַלע כוליגאַנישע לייזונגען און מעטאָדן, אַלע רפואות, וואָס זענען געבויט אויף מאַכן לעכער אין קעפּ און פאַרטרייבן.

די איינציקע רפואה זעט די צייטונג אין עמיגראַציע. די צייטונג פאַר־שטייט אפילו, אַז דריי מיליאָן יידן קענען נישט און וועלן נישט אויסוואַנ־דערן, און זי איז איינשטימיק, אַז עס זאָל בלייבן אַ טייל יידן אין פוילן. דערביי זאָגט זי קיין איין וואָרט נישט וועגן דעם, ווי עס זאָלן לעבן די דאָזיקע יידן, וואָס וועלן דאָך בלייבן אין פוילן; צי וועלן זיי באַהאַנדלט ווערן ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. נאָך מיין מיינונג, איז פאַר אונדז גאָר ווייניק אינטערעסאַנט, ווי די פּוילישע צייטונג שטעלט זיך פאָר די צוקונפט פון די יידן, וואָס וועלן בלייבן אין פוילן. פאַר אונדז עקזיס־טירט דאָך קיין צווייפל נישט, אַז מיליאָנען יידן וועלן בלייבן אין פוילן און אַז מיר מוזן קעמפן פאַר פולע רעכט פון די מאַסן. די יידישע מאַסן זענען פּאָליטיש געניגנ רייף; די ביטערע פּראַקטיק איז אַ גוטער פּאָלי־טישער לערער, בפרט נאָך, אַז אויף רעוואָלוציאָנערע אידעען האָט די יידי־שע מאַסע גאָר נישט קיין גראָבן קאָפּ. דאָס הייסט נישט, פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף פאַרמאַכן דעם רעוואָלוציאָנערן סידור און זיצן און וואַרטן ביז די פּוילישע מאַסן וועלן אונדז אָניאָגן. פּאָליטישער קאַמף פאַרטראָגט נישט קיין איבעררייסן און קיין וואַרטן און קיין שום אומטעטיקייט.

די געפאַר איז גאָר אַן אַנדערע: מען זאָל נישט איבערשאַצן דעם ווערט פון פּאָליטישן אַקמף און פאַרלאָזן אינגאַנצן דעם קאַמף פאַר נייע עקאָנאָ־מישע פּאָזיציעס, פאַר נייע עקאָנאָמישע פלעצער אין לעבן. און צווישן די טעגלעכע נייע פּאָזיציעס מוז עמיגראַציע פאַרנעמען גאָר אַן אָנגעזען אָרט. דערווייל זעען מיר פון דער פּראַקטיק, אַז אַלע מיליאָנען יידן, וואָס האָבן אין די לעצטע 50 יאָר אויסגעוואַנדערט פון מזרח־אייראָפּע, לעבן

בעסער ווי די, וואָס זענען געבליבן אויף די ערטער. איך מיין, אַז די אַמעריקאַנער יידן, כאָטש זיי לעבן אין אַ בורזשואַזער אָרדענונג, וואָלטן זיך פונדעסטוועגן נישט געוואָלט בייטן מיט די יידן פון סאָוויעטן־לאַנד. אין העכער 60 מלוכות האָבן אויסגעוואַנדערט און וואַנדערן נאָך איצט אויס יידן פון מזרח־אייראָפּע אין מלוכות פון אַלע וועלט־טיילן. און פון אומעטום, פון אַמעריקע און פון אויסטראַליע, פון אַזיע און פון אַפריקע, אַבסאָלוט פון דער גאַנצער וועלט, שיקט מען שטיצע קיין מזרח־אייראָפּע. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן די לאַגע פון די מיליאָנען יידן אין מזרח־אייראָפּע אָן דער שטיצע פון די יידישע אינדזלען, וועלכע מען האָט פאַרפלאַנצט אין אַלע עקן וועלט אין די לעצטע פופציק יאָר.

פון דעם איז אָפּצולערנען, אַז מיר, יידן, האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר עמיגראַציע. אין אונדזער לעבן האָט ביז איצט עמיגראַציע אַלע מאָל געשפּילט אַ פּאָזיטיווע, אַ שעפערישע ראָלע. אַזעלכע גליקן, ווי אין פוילן אָדער אין רומעניע, קען מען געפינען אין די ווייטסטע לענדער. און די יידישע מאַסן פּשטלען זיך טאַקע נישט און פּאָרן, וויפל מען קען נאָר און וווהין מען קען נאָר. פאַר די לעצטע צען יאָר זענען אויסגעוואַקסן נייע יידישע קאָלאָניעס אין אַזעלכע לענדער פון זיד־ און מיטל־אַמעריקע, וווּ עס זענען פריער געווען ממש געציילטע יידן. און די קאָלאָניעס וואַקסן; מען נעמט שוין אַריבער קרובים. איצט האָבן די דייטשע יידן, וואָס האָבן מער קאַפּיטאַל, מער טעכנישע בילדונג, מער מוט צו לאָזן זיך אין די ווייטע וועגן אַריין, געגרינדעט נייע קאָלאָניעס נאָך אין נייע לענדער. און צו אַ יידן קלעפּט אַ ייד, — פּאָרט מען.

מען דאַרף, אַלזאָ, זיך נישט איבערשרעקן, ווען אַ פּוילישע צייטונג רעדט וועגן עמיגראַציע און מאַכן דאָס וואָרט דעריבער טריף און דערקלערן פאַר שעדלעך יעדן שמועס וועגן עמיגראַציע.

און סוף כל סוף טראַכטן און רעדן פּאָליאַקן נישט ווייניק וועגן מעגלעכקייטן פון עמיגראַציע אויך פאַר ריינע פּאָליאַקן. און זיי חזרן איבער גאָר אָפט, אַז עס איז אַן אומגליק פאַר פוילן, וואָס די עמיגראַציע פון פּוילישע פּויערים קיין אַמעריקע און אַרגענטינע, קיין דייטשאַלנד און פראַנקרייך, איז אָפּגעשטעלט.

10טער יוני, 1936.

דער פּאַרזאָרגער. און אַ תּכלית איז, זאָל אַזאַ יאָר זיין נישט נאָר אויף היטלערן, נאָר אויך אויף זיינע פּוילישע תּלמידים.

אָבער דער חשבון איז אַ גענוג קלאָרער: די גאַנצע שטאָט איז חרוב; דער ייִדישער טייל, פאַרשטייט זיך. אין הונדערטער הייזער זענען אויסגע־האַקט אַלע שויבן, צעבראָכן דאָס מעבל, צעריסן די קישענעס; אַרויסגע־לאָזט די פעדערן פון בעטגעוואַנט. הונדערטער קראָמען זענען צעראַבעוועט, צענדליקער הייזער פאַרברענט. און צו אונדזערע גרויסע מאַסן בעטלערס זענען צוגעקומען עטלעכע הונדערט און אפשר טאַקע אַ פּאָר טויזנט פריי־שע. די גערעטעניש אויף בעטלערס וואַקסט אין ייִדישן לעבן, — בעטלערס פון באָיקאָט, בעטלערס פון קריזיס, בעטלערס פון אַנטלויפן פון די דערפער, בעטלערס פון די שטעטלעך, ווו עס זענען געווען פּאָגראָמען, בעטלערס פון שטעטלעך, ווו מען וואַרט אויף אַ פּאָגראָם.

אָט אַזוי האָט מען געקענט די לעצטע טעג זען הונדערטער ייִדן זיך וואַלגערן אויפן הויף ביי דער קהילה, אַרומשלעפּן זיך איבער ייִדישע קאָ־מיטעטן און רעדאַקציעס — זוכן הילף, בעטן ברויט, חלשן נאָך אַ געלעגער, נאָך אַן אָרט, ווו אויסצורוען זיך און פאַרגעסן אַ ביסל דעם בייזן חלום.

און דאָס זענען אַלץ נעכטיקע באַלעבאַטים, וועלכע האָבן אַליין גע־טיילט ברויט די אָרעמע לייט, וועלכע האָבן אַליין געצאָלט אין צדקה־חברות.

די פּאַניק, וואָס האָט געהאַט אַרומגעכאַפּט די ייִדישע באַפעלקערונג פון מינסק־מאַזאָוויעצק, איז נישט צו באַשרייבן. די שטימונג איז דאָרט געווען אַן אָנגעצויגענע שוין פון דעם ערשטן מאַי, ווען ס׳איז דערהרגעט געוואָרן דער פּועל־ציוניסט ציליך, ווען ס׳זענען שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן עטלעכע ייִדן און אויך איין כוליגאַן האָט געכאַפּט מיט אַ מעסער. די גאַנצע צייט האָט די ייִדישע באַפעלקערונג נישט געהאַט קיין רו, ווייל די „ענדעקעס" (אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי), האָבן אָפּן, פאַר די אויגן פון דער אָרטיקער פּאָליציי, געפירט אַ ווילדע פּאָגראָם־העצע, אַ ווילדע נקמה אַגיטאַציע. זיי איז אויסגעקומען, אַז זיי האָבן באַצאָלט צו טייער — אַ גאַנצער כוליגאַן, אַ פאַרוווּנדעטער פאַר איין געהרגעטן ייִדן און פאַר 6—5 פאַרוווּנדעטע ייִדן. און זיי האָבן די גאַנצע צייט געסטראַשעט זיך אָפּצורעכענען. און דאָ האָט זיי גאָט ממש פון הימל אַראָפּגעוואָרפן אַ גאָל־

דענע געלעגנהייט אויף צו מאַכן אַ חורבן, אויף אָנצומאַכן ווונדן אין די יידישע קערפּערס און אין יידישע נשמות, אויף אָנוואַרפן אַ פּאַניק אויף צענדליקער שטעטלעך, וואָס ליגן אַרום מינסק־מאַזאָוויעצק, אויף באַרויבן די רו און זיכערקייט ביי דער גאַנצער פּויליש־יידישער באַפעלקערונג.

וואָרום וואָס הייסער ס׳איז געוואָרן די אַטמאָספער אין מינסק־מאַזאָוויעצק; וואָס מער מען האָט געפילט, אַז אַ שעה פון וואַרשע, ממש אונטער דער נאָז פון דער צענטראַלער רעגירונג, שלאָגט מען יידן טעג און נעכט און מען כאַפּט זיך נישט אָפּשטעלן; וואָס לענגער ס׳האָט זיך פאַרצויגן דאָס לויפן פון הונדערטער פאַמיליעס — אַלץ מער איז געוואַקסן די חוצפּה ביי די כוליגאַנעס פון אַלע שטעט און שטעטלעך, און אַלץ שטאַרקער איז געוואַקסן די פּאַניק און אומזיכערקייט ביי דער יידישער באַפעלקערונג.

מינסק־מאַזאָוויעצק ליגט דאָך אינגאַנצן אַ שעה פון וואַרשע. אין פאַרלויף פון איין שעה קען מען דאָרטן האָבן איבערגענוג פּאָליציי, וואָס זאָל איינשטעלן אָרדענונג. אין פּאָגראָם האָבן דאָס מאָל זיך באַטייליגט ווייט נישט די גאַנצע קריסטלעכע באַפעלקערונג. פאַרקערט, אַ גאַנץ באַדייטנדיקער טייל איז געווען קעגן פּאָגראָם. — אמת, נישט אַקטיוו קעגן, אָבער דאָך קעגן. און דאָס איז חוץ די אַרבעטער. עס זענען באַקאַנט צענדליקער פאַלן, ווען קריסטן האָבן אויסבאַהאַלטן יידן און האָבן אפילו ריזיקירט מיטן לעבן און מיט זייערע הייזער, ווייל די כוליגאַנעס האָבן טאַקע אונטערגעצונדן עטלעכע קריסטלעכע הייזער און האָבן געדראָעט אָפּצורעכענען זיך מיט די קריסטן, וועלכע האָבן באַהאַלטן יידן. עטלעכע צענדליק פּאָליציסטן וואָלטן געקענט די גאַנצע באַנדע כוליגאַנעס פאַריאָגן און אין נויטיקן פאַל אַרעסטירן. האָט אָבער די מעשה געדויערט אַ גאַנצע וואָך. און ערשט איצט הויבט מען זיך אָן צו ביסלעך אומקערן, דערביי האָט מען מורא צו עפענען די געשעפטן און מען זיצט פאַרשפּאַרט און מען שלאָפט אין די קליידער, אויב מען שלאָפט בכלל.

פיר טעג זענען געלאָפן ידיעות פון מינסק־מאַזאָוויעצק, ווי פון אַ שלאַכט־פעלד, אָבער פון זייער אַ מאָדנעם און אפשר מאָדערנעם שלאַכט־פעלד. דער שונא איז אַנטלאָפן אָדער ליגט באַהאַלטן אויפן בוידעם און אין די קעלערס; דער אָנפאַלער אָבער פאַרלירט נישט זיין חשק צו האַלטן מלחמה און נעמט נקמה פון קישנס, איבערבעטן, פענצטער, שראַנקען,

סחורות, בענקלעך, טישן. ער פאַרניכטעט און צעברעכט אַלץ, וואָס ס׳קומט אונטער זיינע הענט. דער דריטער צד, דער, וואָס דאַרף, אייגנטלעך, גאָר־נישט דערלאָזן צו קיין מלחמה צווישן בירגער, זאָל זיין פון פאַרשידענער מדרגה, אָבער דאָך בירגער פון איין מלוכה, — אָט דער דאָזיקער אמתער באַלעבאָס פון לאַנד און היטער פון אָרדענונג, מאַכט אַ פּנים, אַז ער איז שטאַרק נישט צופרידן פון דער בירגער־מלחמה; גיט באַפעלן און מאַכט אָן אָנשטעל, אַז אָט וועט מען אויסראָטן אַלע בייזע גייסטער און אַלע חורבן־מאַכער, און דערביי געדויערט דער פּאָגראָם פיר טעג, און די פּאַניק — אַ גאַנצע וואָך.

אָט וואָסערע מאָדנע־מאָדערנע זאַכן עס קענען אין איצטיקן פּוילן טרעפן! אָט ווי מען איז פאַרזיכערט מיטן לעבן אין פּוילן, און אָט ווי מען קען טראַכטן וועגן פּרנסה אָדער וועגן מאָרגנדיקן טאָג, אָדער בכלל וועגן אַ צוקונפט!

און ווי אַ מגפה צעטראָגט זיך אי די חוצפּה פון די פּאָגראָמשטשיקעס, אי די פּאַניק צווישן די יידן. אין שטעטל קאָלביעל, האָט מען געהאַקט שויבן אין יידישע הייזער און אין יידישע קראָמען. מען האָט עטלעכע יידן פאַר־וואונדעט און איינעם ראָזענשטיין צעשטאָכן מיט אַ מעסער און שווער פאַר־וואונדעט.

אין סקאַלע (מזרח־גאַליציע) האָבן אוקראַינישע פאַשיסטן אויסגע־שלאָגן עטלעכע הונדערט שויבן אין יידישע הייזער, און ס׳זענען אויך פאַר־וואונדעט געוואָרן עטלעכע יידן, איינער האָט באַקומען אַ שווערע וואונד פון אַ רעוואָלווער־קויל.

אין וואָווער ביי וואַרשע האָט מען דעם זון פון רב קעסטענבערג צע־שטאָכן מיט אַ מעסער, אַז מען האָט אים געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל. מען האָט דערביי אויסגעהאַקט אַלע שויבן אין די פענצטער פון זיין דירה און אין בית־המדרש.

אין ראַדזימין האָבן כוליגאַנעס־רעקרוטן גענומען שלאָגן די יידישע רעקרוטן, וועלכע זענען געשטאַנען נאַקעט, גרייט אַריינצוגיין צו דער מע־דיציניש קאָמיסיע. דאָס איז געווען די ערשטע לעקציע, וואָס מען האָט געגעבן די קומענדיקע יידישע קעמפער פאַרן פּוילישן פאָטערלאַנד.

אין דאָברא, וואָלאָמין, קאַרטשעוו, וולאָכי, — אומעטום, אויף דער

גאַנצער ליניע, וואָס אַרום וואַרשע, ווילדעוועט אַ שרעקלעכער טעראָר. מען שלאָגט, מען ראַבעוועט, מען האַקט שויבן, מען מאַכט ווונדן אין די קעפּ און מען פאַרביטערט אַזוי דאָס לעבן, אַז עס ווערט באמת נמאס און עקלדיק.

און אין וואַרשע אַליין, אין דער הויפּטשטאָט, אין צענטער פון אייראָפּע, ממש אויף די אויגן פון דער גאַנצער פּוילישער מאַכט, — אָט אין דער דאָזיקער שטאָט, גייט אָן אַן אומאויפהערלעכער פּאָגראָם. אויף מאָקאָטאָוו, אַ פאָראָרט פון וואַרשע, האָט מען זיך אַריינגעריסן אין אַ יידיש קלייטל פון איינעם ראָזענבערג, מיט אַ געשריי: „היינט וועט מען פון אייך מאַכן אַ באַרג אַש!" און ווען די באַלעבאָסטע האָט אָנגעהויבן שרייען, האָט מען איר דערלאַנגט מיט אַ שטיוול אין בויך אַריין, אַז זי איז געפאַלן חלשות. און אין זאַקסישן גאָרטן, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין געשריבן אַ פּאָר צענדליק מאָל, גייען ווייטער די אָנפאַלן אויף יידן. מען שלאָגט מיט שטעקנס און מיט אייזנס. ס'וועט גאָר נישט זיין איבערטריבן, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר זענען אין וואַרשע פאַרוווּנדעט געוואָרן מינימום זיבן אָדער אַכט הונדערט יידן, איינציקווייז, איינציקווייז, און עס קלייבן זיך אָן הונדערטער מיט לעכער אין די קעפּ. מיר האָבן די נעמען פון מער פון אַ הונדערט שווער־פאַרוווּנדעטע אין וואַרשע. די לייכט־פאַרוווּנדעטע מעלדן זיך גאָר אין ערגעץ נישט.

און ווי זאַלץ אויף די ווונדן איז געקומען די רעדע פון פּרעמיער־מיניסטער אין סיים (פּאַרלאַמענט). דער נייער פּרעמיער־מיניסטער האָט אַ גלעט געטון די יידן. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נישט לאָזן שלאָגן יידן, אָבער פון אַזאַ גלעט קען פינצטער ווערן אין די אויגן. און ס'איז טאַקע פינצטער געוואָרן, אַזוי ביטער און פינצטער געוואָרן, אַז מיט וועמען מען טרעפט זיך, הערט מען נאָר קרעכצן און זיפצן און מאַכן דעם אַלגעמיינעם אויספיר: ערשט איצט וועט זיך אָנהויבן אַ סדרה פּאָגראָמען.

דער פּרעמיער־מיניסטער האָט געזאָגט: „עקאָנאָמישער קאַמף — אדרבא, אָבער קריוודען נישט". און דאָס איז דער נוסח פון דער אַנטי־סעמיטישער צייטונג „דזשענניק נאַראָדאָווי". ער רופט אויך אַלע טאָג צו אַ פּאָגראָם אויף דער יידישער קעשענע. דער פּשוטער עולם ווייסט אָבער נישט קיין קונצן. זאָגט מען אים: „פּאָגראָם אויף דער יידישער קעשענע

פאַרשטייט ער, אַז אַראָפּטרייבן פון מאַרק, נישט לאָזן קיין פויערים קויפן ביי יידן, נישט לאָזן אַ יידן זיך שטעלן אין מאַרק, אים צווינגען אינגאַנצן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, — דאָס איז דאָך דער בעסטער פּאָגראָם אויף דער יידישער קעשענע, ער ווירקט גיך און שטאַרק. און באמת — ווילן נישט די יידן גיין מיט גוטן, מוז מען זיי ווייזן דעם וועג מיט שטיינער, מיט שטעקנס, מיט אייזנס, מיט שרפות, מיט רעוואָלווערן, אַנדערש וועט דער עקאָנאָמישער קאַמף און דער פּאָגראָם אויף דער יידישער קעשענע קיין רעזולטאַטן נישט געבן.

און אויב אַ פּרעמיער־מיניסטער דערקלערט פון אַ טריבונע פון פּאַר־לאַמענט, אַז מיט יידן מעג מען פירן אַן עקאָנאָמישן קאַמף און נישט קיין גלייכבאַרעכטיקטע קאָנקורענץ, מעג דער פּשוטער אַנטיסעמיט זיך מאַכן אַ לאָגישן אויספיר, אַז דער בעסטער קאַמף איז אַ שטעקן און אַ מעסער. און אין דער פּראַקטיק איז דאָס אַזוי. דאָס זעט מען טאָג־טעגלעך. שוין דריי וואָכן, אַז די רעגירונג איז אין אַמט. אַ שטאַרקע רעגירונג, — און די פּאָגראָם־כוואַליע פאַרברייטערט זיך און וואַקסט; די אָנפאַלן ווערן פאַרוואַנדלט אין גאַנצע שלאַכטן; די פּאָגראָמשטשיקעס פילן זיך פריי און מונטער און טוען זייער אַרבעט פלייסיק און מיט ברען. און מען הערט נישט קיין וואָרט פון דער נייער רעגירונג, שוין אָפּגערעדט פון מעשים!

גייט מען אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט ווונדן אין די הערצער, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, מיט צער אָן אַן עק און אָן אַ שיעור אין דער נשמה!

פון וואַנען און ווען וועט קומען די הילף?

20סטער יוני, 1936.

# רעגירונג-אַנטיסעמיטיזם

ס׳איז ווירקלעך שווער צו באַשליסן וועגן וואָס פריער צו שרייבן: צי ווייטער וועגן פשיטיקער פּראָצעס, ווו עס ווערט פון הונדערטער עדות און פון אַ פּאָר צענדליק מיט האַס ברענענדיקע אַדוואָקאַטן געשענדעט און פאַרחוזקט דער יידישער נאָמען; צי וועגן מינסק־מאַזאָוויעצק, ווו דער פּאָ־גראָם ווערט פאָרגעזעצט, אין אַנדערע פאָרמען, אין אַנדערע מאַסשטאַבן, אָבער ער ווערט ענערגיש און מיט אימפּעט, מיט פרייד און געלעכטער פאָרגעזעצט; צי וועגן דער שמוציקער, שרעקלעכער העץ־כוואַליע, וואָס האָט די לעצטע וואָך שטאַרקער פאַרפלייצט פוילן און דראָעט אין ד׳ער נאָענטער צוקונפט מיט אַ סך מערדערישערע פּאָגראָמען, ווי ביז איצט. צי זאָל איך אפשר שרייבן גאָר וועגן דעם הילכיקן אָפּקלאַנג, וואָס דער הכשר אויפן עקאָנאָמישן קאַמף קעגן יידן, וועלכן דער פּרעמיער־מיניסטער האָט פון דער טריבונע אין פאַרלאַמענט געגעבן זיין פאָלק, האָט געפונען אין די אַנטיסעמיטישע רייען און האָט זיי צוגעגעבן מוט און ענערגיע; צי זאָל איך גאָר שרייבן וועגן אונדזער שרעקלעכער אָרעמקייט און גע־פאַלנקייט, וועלכע האַלטן אין איין וואַקסן, וועלכע שלעפּן אַלץ גרעסערע טיילן פון דער פויליש־יידישער באַפעלקערונג אין אָפּגרונט, וועלכע פאַ־ראַליזירן אַלץ מער און מער דאָס יידישע לעבן און פאַרשטאַרקן אַלץ מער און מער די פאַרצווייפלונג.

אָט דאָס צעטל טעמעס איז נישט אויסגעטראַכט פון קאָפּ. דאָס זענען אַלץ ברענענדע פראַגן וואָס רייסן דעם מוח און פאָדערן מען זאָל שרייען אויף דער גאַנצער וועלט, מען זאָל איינרייסן וועלטן, וואָרום אַלע אין איינעם באַדייטן זיי פּאָלגענדעס: די לאַגע פון די העכער דריי מיליאָן פוילישע יידן ווערט אומדערטרעגלעך, ווערט מער ווי געפערלעך. דער שיקזאַל פון דעם אָרעמסטן אָבער זאַפטיקסטן טייל פון דעם יידישן פאָלק הענגט אויף

אַ האַר און פֿאַדערט צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַלע יידן אויף דער וועלט!

מיר וועלן דעריבער ביים באַהאַנדלען די טעמעס האָבן מער אין זינען די וואָג, די וויכטיקייט פֿון די געשעענישן, זייער באַדייטונג פֿאַר דער לאַגע פֿון די פּוילישע יידן אין דער צוקונפֿט. מיר וועלן בעסער נעמען קליינע פֿאַקטן, וואָס טראָגן אָבער אין זיך גרויסע רעזולטאַטן; מיר וועלן זיך מער פֿאַרנעמען מיט קליינע געשעענישן, וואָס וואַרפֿן אָבער אָפֿט אַ העלערן שיין אויף דער אמתער לאַגע, ווי גרויסע געשעענישן.

אָט איז אַ קלייניקייט, אָבער אַ כאַראַקטעריסטישע. די אָפֿיציעלע פּוילישע טעלעגראַפֿן אַגענטור האָט צוריק מיט אַ פּאָר טעג צעשיקט צו אַלע צייטונגען אַ ידיעה, אַז נאָך אַ רעוויזיאָניסטישן מיטינג האָבן זיך אויפֿן גאַס צעשלאָגן צווישן זיך יידישע רעוויזיאָניסטן מיט יידישע קאָמוניסטן. אַזוי ווי בשעת מעשה איז דורכגעגאַנגען אַ קריסטלעכע פּראָצעסיע, האָבן די יידישע קאָמוניסטן אַרויסגעריסן ביי אַ קריסטין דאָס בילד פֿון גאָטס-מאַמע און עס צעטראָטן מיט די פֿיס.

דאָס האָט דערציילט אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון דער אָפֿיציעלער אַגענטור, אַן אַנשטאַלט פֿון דער צענטראַלער מאַכט. דער קריטישער לעזער ווערט זיך באַלד כאַפּן, אַז דאָ איז עפּעס נישט אַלץ גלאַט: יידן שלאָגן זיך צווישן זיך, און פּלוצלינג וואַרפֿן די קאָמוניסטן אַוועק די רעוויזיאָניסטן און לויפֿן רייסן די הייליקע בילדער ביי קריסטן. און די לעצטע שווייגן און זאָגן גאָרנישט און טוען גאָרנישט. אויף מאָרגן האָט די אָפֿיציעלע אַגענטור אָפּגעלייקנט די ידיעה און זי צוריקגעצויגן. אָבער אַלע פּוילישע צייטונגען האָבן די ידיעה אָפּגעדרוקט; די אַנטיסעמיטישע צייטונגען מיט גרויסע קעפּ, מיט געשמאַקע אויסטייטשונגען, מיט פּאַסנדע אויפֿרופֿן. יידן האָבן געלייענט און האָבן געוואַרט, אַז אָט וועט זיך אָנהויבן אַ פּאָגראָם. ביי דער איצטיקער שטימונג, ביי דעם נערוועזן צושטאַנד פֿון דער פּוילישער באַפֿעלקערונג, איז גענוג איין פֿונק, אַז ס'זאָל זיך אָנצינדן אַ פֿייער. און ביים נערוועזן צושטאַנד פֿון די יידן איז גענוג דער קלענסטער פֿאַל, אַז זיי זאָלן שוין וואַרטן אויף אַ פּאָגראָם און אים זעען פֿאַר די אויגן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די אָפּלייקענונג פֿון דער באָבע-מעשה האָט קיין פּוילישע צייטונג נישט געבראַכט. אָבער פֿאַר אונדז איז אין דער גאַנצער

מעשה אינטערעסאַנט אָט וואָס — די אָפיציעלע אַגענטור פאַרשפּרייט אַ נישט־קאָנטראָלירטע ידיעה, וואָס קען פאַראורזאַכן די גרעסטע אומגליקן, וואָס קען אָנצינדן אַ פייער אין גאַנצן לאַנד, וואָס קען אַרויסרופן אַ פּאָגראָם־כוואַליע, פאַר וועלכער פּשיטיק, גראָדנע און מינסק־מאַזאָוויעצק וואָלטן געווען אַ שפּילכל. און מען מוז מודה זיין, אַז ביז איצט איז דאָס נישט געווען אַזוי — די אָפיציעלע אַגענטור פלעגט זיין פונדעסטוועגן פאַר־זיכטיקער.

טייטשן דאָס יידן אויס, ווי אַ נייעם קורס פון דער רעגירונג, ווי אַ נאָך גידעריקערער גליטש פון די אָפיציעלע קרייזן צו דעם אַנטיסעמי־טישן פּראָגראַם פון די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן.

עס ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג.

און יידן טייטשן שוואַרץ, נישט ווייל זיי זענען בלינד און זעען נאָך נישט קיין שום ליכט אַרום זיך, נאָר ווייל ס׳איז טאַקע שוואַרץ אַרום און אַרום. שטאָק־שוואַרץ, און עס ווערט שוואַרצער פון טאָג צו טאָג. אָט האָט דער פּרעמיער־מיניסטער געוואָרפן אַ פראַזעלע, אַז „עקאָנאָמישער קאַמף, ביטע זייער, אָבער נישט קריוודען". איז כדאי אָפּצושטעלן זיך אויף דעם אָפּקלאַנג, וואָס די דאָזיקע פראַזע, — פאַרשטייט זיך, די ערשטע העלפט, — האָט געפונען אין לאַנד.

אויפן פּשיטיקער פּראָצעס האָבן די דאָזיקע פראַזע ציטירט נישט נאָר די אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן, נאָר אויך צענדליקע קריסטלעכע עדות. און עס האָט זיך געשאַפן אַ געאייניקטער פראָנט צווישן די באַשולדיקטע פּאָגראָמשטשיקעס, די קריסטלעכע עדות, די אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן און די ריכטער אויף דעם באָדן: באָיקאָטירן יידן מעג מען; דאָס איז אַב־סאָלוט נישט קיין פאַרברעכן; פאַרקערט, דאָס איז גאָר אַ פּאַטריאָטישע טאַט. און די גאַנצע אַנטיסעמיטישע פּרעסע טאַנצט פון פרייד: די רעגי־רונג האָט דערלויבט פירן אַ קאַמף קעגן יידן; די רעגירונג האָט אפילו געזאָגט „ביטע זייער", דאָס הייסט, אַז זי האָט איינגעלאַדן די געזעלשאַפט צו פירן אַן עקאָנאָמישן קאַמף קעגן יידן. נו, אַז „עקאָנאָמישער קאַמף" איז גאָר אַ ברייטער באַגריף און אַז די אַנטיסעמיטן זענען גרויסע בריות אויף אויסטייטשן און אַריינטייטשן אין אַזאַ פראַזע אַ סך זאַכן, ווי קלעפּ, שטיי־נער אין קעפּ, מעסערס אין אַ זייט, פאַרשפּאַרט מען זאָגן. שטאָלצירט אייך

אַנטיסעמיטישע ציַיטונג און באַרימט זיך, אַז זי האָט געהאַט אַ זיג, וואָרום דער פּרעמיער־מיניסטער זאָגט איצטער דאָס וואָס זי פּרעדיקט שוין הע־כער פערציק יאָר. און זי איז געוויס גערעכט, אַז זי האָט געהאַט אַ זיג. אמת, אַז פּראַקטיש האָט זיך גאָרנישט געענדערט. די רעגירונג האָט די גאַנצע ציַיט געלאָזט פראַנק און פריַי פּרעדיקן נישט נאָר עקאָנאָמישן קאַמף, נישט נאָר באָיקאָט, נאָר אויך אויסראָטן און פאַרטריַיבן יידן. די רעגירונג האָט אַליין אַרויסגעשטויסן די יידן פון אַלע באַאַמטן־שטעלעס, פון אַלע פאַבריקן, וועלכע זי האָט מאָנאָפּאָליזירט, פון אַלע האַנדלס־אונ־טערנעמונגען, וועלכע זי האָט איבערגענומען. און דאָך האָט די ציַיטונג רעכט מיט איר באַרימען זיך. וואָרום ביז איצט האָט מען זיך פונדעסטוועגן געשעמט מודה צו זיין, אַז מען פירט אַן אַנטיסעמיטישע עקאָנאָמישע פּאָליטיק. און אויב איצט שעמט מען זיך שוין נישט אָפן צו רופן צו עקאָ־נאָמישן קאַמף, וועט מען שוין געוויס מאָרגן זיך נישט שעמען אָנצונעמען נאָך אַ פּאָר פונקטן פון דער פּראָגראַם פון די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן. און אַזוי ווי מען לעבט אין אַ שנעלער ציַיט, גייט די אַנטוויקלונג גאַנץ גיך. מען דאַרף איצט נישט קיין פערציק יאָר אויף אַ גליטש טון זיך נידעריקער צו דער אָפענער אַנטיסעמיטישער פּאַרטיי. מען קען עס מאַכן אין פערציק טעג און אַמאָל אפילו נאָך גיכער.

וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן שוויַיגט די רעגירונג.

אַז עס בלאָזן ניַיע ווינטן אין די „הויכע ספערן“, ניַיע ווינטן, וואָס וועלן נאָך מער צעטריַיסלען די שוואַכע יידישע געביַידע, איז ביַי יידן גאָר קיין צוויַיפל נישט. זיי דרינגען עס אַרויס, ערשטנס, פון דעם וואָס ביַי דער ניַיער רעגירונג האָבן זיך די אָנפאַלן אויף יידן פאַרמערט און פאַרשטאַרקט. ס׳גייט איצט נישט אַוועק קיין טאָג, מען זאָל אין עטלעכע פונקטן נישט מאַכן קיין אָנפאַלן אויף יידן. און די רעגירונג שוויַיגט, כאָטש אין אַלגע־מיין איז די איצטיקע רעגירונג אַ גאַנץ רעדעוודיקע. צווייטנס, זעט מען דאָס פון דעם, ווי די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע פּילט זיך און פירט זיך נאָך דעם לעצטן פּאָגראָם אין מינסק־מאַזאָוויעצק. נאָך די פריערדיקע פּאָ־גראָמען פלעגן זיי אויף עטלעכע טעג כאָטש איבעררײַסן די העצע אין דעם פונקט, ווו זיי האָבן שוין פאַרגאָסן יידיש בלוט, ווו זיי האָבן שוין געמאַכט לעכער אין יידישע קעפּ און אין יידישע הײַזער. דאָס מאָל האַלטן זיי זיך

גאָר, גאָר אַנדערש. זיי אַנטוויקלען אַ ריזיקע אַרבעט אין פּאָגראָמירטן מינסק־מאַזאָוויעצק, כדי צו שניידן אין פרייד וואָס זיי האָבן פאַרזייט אין שמחה.

מיר האַלטן פאַר וויכטיק צו ברענגען דעם אויפרוף, וואָס די נאַראָדאָ־ווע דעמאָקראַטן האָבן געזעצלעך, פריי פאַרשפּרייט אין טאָג פון יאַריד. אין ערשטן יאַריד נאָכן פּאָגראָם:

„פּאָליאַקן, סוחרים און האַנטווערקער! די מערהייט אין פּוילישן האַנדל און האַנטווערק בילדן יידן! די פּוילישע וואַרשטאַטן גייען אונטער אונ־טער דער לאַסט פון שטייערן, נויט און יידישער קאָנקורענץ.

„די יידישע גמילות חסדים קאַסעס, די יידישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַ־ניזאַציעס גיבן אויס מיליאָנען אויף צו פאַרניכטן קריסטלעכע פּאָזיציעס.

„לאָמיר שאַפן פּוילישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זאָלן זיין פעאיק אָפּצו־שלאָגן דעם דאָזיקן אָנגריף.

„דער פּויער און דער אַרבעטער פאָדערן פּוילישע געוועלבער, פּוילישע מאַרק־שטעלעס, פּוילישע וואַרשטאַטן.

„דאָס אַנטי־יידישע פּוילן וועט געוויס פאַרדרייפאַכן די איינקונפטן פון די קריסטלעכע וואַרשטאַטן, וועט שאַפן טויזנטער נייע פּרנסות פאַר פּאָ־ליאַקן.

„גרינדעט פּוילישע וואַרשטאַטן, אומעטום, ווו ביז איצט האָט געוועל־טיקט די יידישע קאַפּאָטע! גרינדעט קראָמען אומעטום, ווו ביז איצט האָט געוועלטיקט דער ייד!

„אָרגאַניזירט אייך אין די רייען פון דער פּוילישער נאַציע!

„אונדזער קאַמפס־רוף איז — די איינייקייט פון אַלע פּאָליאַקן!"

חוץ דעם דאָזיקן לעגאַלן אויפרוף איז נאָך געווען אַן אומלעגאַלער, אַ געהיימער, וועלכער האָט גערעדט גאַנץ אַנדערע דיבורים. ער האָט גע־רופן צו אַ גאַנץ אַנדערן קאַמף, צו פיזישן קאַמף, אויסצוניצן דאָס, וואָס יידן זענען אַנטלאָפן און פאַרכאַפּן די איבערגעלאָזטע ערטער. נישט לאָזן יידן זיך אומקערן אין זייערע קראָמען און אין זייערע וואַרשטאַטן.

דעם זעלבן טאָג האָט דער צענטראַלער אָרגאַן פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, דער „דזשענניק נאַראָדאָווי", געשריבן:

„מינסק־מאַזאָוויעצק מוז ווערן די ערשטע גרעסטע פּוילישע שטאָט,

ווו דער האַנדל און דער האַנטווערק זאָלן אַריבער אין פוילישע הענט. די לאַגע, וואָס איז איצט פאַראַן אין מינסק, איז אַן אויסגעצייכנטע און מען דאַרף זי אויסנוצן אין דער פולער מאָס.

„דאָס, צו וואָס מען וועט מוזן אין אַנדערע שטעט שטרעבן יאָרן קען מען איצט דערגרייכן אין מינסק אין חדשים. דער קאַמף דאַרף דערפירט ווערן ביזן סוף, מיר מיינען, אַז פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט וועט נישט זיין קיין שטער. עס האַנדלט זיך דאָך וועגן עקאָנאָמישן קאַמף, וועלכן דער פרעמיער סקלאַדקאָווסקי האָט אין זיין רעגירונגס־דעקלאַראַציע דער־קלערט פאַר געזעצלעך".

און די צייטונג פירט אויס מיט אימפעט:

„מען דאַרף גלייך אָנהויבן אַ גרויסע ווירטשאַפטלעכע אָפענסיווע אויף מינסק־מאַזאָוויעצק. די נאָענטסטע וואָכן אויב נישט טעג דאַרפן דאָרטן אויפקומען נייע קריסטלעכע קראָמען און וואַרשטאַטן".

און די צייטונג גיט ווייטער אַ ווונק, אַז איצט קען מען אָפקויפן ביליק ביי יידן הייזער, קראָמען, וואַרשטאַטן. און זי רופט פּאָליאַקן אויסצונוצן דעם מאָמענט און פאַרכאַפּן פּאָזיציעס. אויפן יאַריד זענען די העלדן־זיגער אַרומגעגאַנגען פראַנק און פריי און אַגיטירט, מען זאָל נישט קויפן ביי יידן, מען זאָל קויפן ביי פּאָליאַקן. און זיי האָבן קיין מורא נישט געהאַט פאַר קיין שום שטערונג פון דער פּאָליציי, ווייל דער פרעמיער־מיניסטער האָט דאָך געגעבן אַ דערלויבעניש אויף עקאָנאָמישן קאַמף.

דער באָיקאָט איז ערגער אפילו פון פּאָגראָם.

איז קיין וווּנדער נישט וואָס מינסק־מאַזאָוויעצקער יידן זענען ערשט איצט אין דער גרויסער זאָרג און טרויער. ערשט איצט זענען זיי אַריינגע־פאַלן אין אַ מרה־שחורה און אין פאַרצווייפלונג. אַ פשוטער ייד האָט עס מיר אַזוי דערקלערט: מען איז געווען אויף דעם פּאָגראָם־יאַריד; מען האָט געראַטעוועט דאָס לעבן; מען איז געלאָפן אַהין און צוריק — אַ יאַריד, אַ טראַסק, מיט אויסגעהאַקטע שויבן, אויסגעשלאָגענע ציין, אויסגעדרייטע הענט און צעבראָכענע טירן, האָט מען פאַרגעסן אין די טעגלעכע נויטן: אַז אַן פרנסה איז ערגער ווי אָן ציין, אַז אָן ברויט פאַר די קינדער איז ערגער ווי אָן קעפּ אויף די פּלייצעס. צו ביסלעך גייט איבער דער פּאָגראָם־טשאַד, די שטוב־לעכער ווערן פאַרשטאָפּט ווי נישט איז, דער פּאָגראָם „יום־

טוב" גייט אַוועק און עס קומט די פּאָגראָמלאָזע וואָך, די פּשוטע וואָכעדיקע טעג, ווען מען גיט דיר נישט קיין גרייטן סוף פֿון קאָמיטעט און מען ברענגט שוין נישט מער קיין פֿורן ברויט פֿון די אַרומיקע שטעטלעך. אָט די שווערע טעג, ווען מען מוז קויפֿן ברויט, ווען מען מוז צאָלן פֿאַר מילך; טעג, ווען מען מוז פֿאַרדינען און ס'איז נישטאָ ביי וואָס; טעג, ווען מען גיט אַ טראַכט, אַז מאָרגן מוז ווערן ערגער און איבערמאָרגן ביטערער — אָט די דאָזיקע וואָכעדיקע פּאָגראָמלאָזע טעג זענען שרעקלעך!

דער ייד מאַכט מיר אַ חשבון, אַז דער באַיקאָט מוז דערשטיקן אַ סך מער יידן, ווי דער פּאָגראָם האָט פֿאַרוווּנדעט. און ער אַנטוויקלט אַ טעאָריע, אַז שטאַרבן פֿון הונגער איז אַ סך ערגער ווי שטאַרבן פֿון כוליגאַנישע שטיינער אָדער מעסער. דערביי ברענגט ער מיר אַ צעטל יידן, וואָס זענען געשטאַנען אין מאַרק מיט סחורה, האָבן געהונגערט און געלעבט, געהאָרעוועט און דורכגעקומען מיטן דלות. איצט זענען די שטעלן צעבראָכן און מען האָט גאָר מורא ווידער אַרויסגיין אין מאַרק. אין אַ פֿאַרמאַכט געשעפֿט ריזיקירט נאָך דער אָדער יענער קריסט אַריינגיין צו אַ יידן עפּעס קויפֿן. חוץ דעם זענען דאָך דערוויַיל פֿאַראַן ווייניק נישט־יידישע גרויסע מאַנופֿאַקטור אָדער גאַלאַנטעריע געשעפֿטן און מען מוז נאָך אָנקומען צום יידן. אָבער אין מאַרק, פֿאַר די אויגן פֿון גאַנצן אַנטיסעמיטישן פֿאָלק, בשעת עס זענען דאָ צענדליקע קריסטלעכע שטעלעס מיט די אייגענע סחורות — וואָסער פֿויער וועט איינשטעלן צו ווערן אַ פֿאָלקס־פֿאַררעטער? וואָסער קריסט וועט האָבן די העזה צו קויפֿן אַ פּעקל שוועבעלעך אָדער אַ פֿאַסיק פֿאָדים דווקא ביים יידן? האָבן טאַקע די מאַרק־יידן און די דאָרפֿס־גייער קיין האָפֿענונגען נישט צו קומען ווידער צו אַ דלות פּרנסה, צו אַ הונגער־ברויט. און מיט שרעק טראַכט מען וועגן דעם טאָג, ווען דער הילף־קאָמיטעט וועט אויפֿהערן טיילן ברויט מיט הערינג. וואָס וועט זיין מיט די דאָזיקע הונדערטער משפּחות, וואָס וועלן שוין אויפֿן מינסקער מאַרק קיין תחית המתים נישט אויפֿשטיין?

און דערצו העלפֿן די אָפֿיציעלע אָרגאַנען, אַז יידן זאָלן זיך נישט פֿילן געשיצט און געשטיצט. אַזוי האָט אין דער שטאָטישער עלעקטראָווניע אַ סך יאָרן געאַרבעט אַ יידישער אינקאַסענט יחיאל טראָיאַנאָווסקי. באַלד נאָכן פּאָגראָם האָט מען אים אָפּגעזאָגט. די מאָטיוון זענען געווען שוויי־

גענדיקע, אָבער קלאָרע: מען האָט צוגענומען באַלד אַ פּוילישן אינקאַסענט. אַ יידישער אונטערנעמער האָט געהאַט אַרבעט אין אַ פּאָלק, וואָס שטייט אין מינסק — פאַרשידענע רעמאָנטן אין די קאַזאַרמעס. באַלד נאָכן פּאָ־גראָם האָט מען אים אַרויסגעטריבן. דעם 11טן יוני, אַלזאָ, אויפן צענטן טאָג פון אָנהויב פּאָגראָם און אויפן זיבעטן טאָג פון סוף פּאָגראָם, האָט מען ווידער פאַרוווּנדעט עטלעכע יידן: חיה זוסמאַן, יוסף רייזמאַן, דוד גאָלדשטיין, מלך ראָטשטיין (שניידער). דעם לעצטן האָט מען מיט אַ שווערד געשפּאָלטן דעם קאָפּ. פריער מיט אַ טאָג, האָט מען צעשלאָגן: דעם בעקער ראַדזינסקי, אברהם הערמאַן און שמואל זילבערשטיין.

ס׳גייט נישט אַוועק כמעט קיין טאָג, אַז ס׳זאָלן נישט פליען קיין שטיינער אין איינער אָדער צוויי יידישע הייזער.

און דאָס הייסט, אַז אין מינסק־מאַזאָוויעצק איז רואיק און יידן קענען זיך אומקערן צו זייערע צרות און פּרנסות, צו זייערע מכות און געשעפטן.

# פּראָטעסטן קעגן פּאָגראָמען

I

ווער ס'האָט געלייענט די לעצטע צוויי וואָכן די פּוילישע אַנטיסע־מיטישע פּרעסע, האָט גרינג געקענט מערקן אַ באַזונדער פּריילעכן טאָן אין זייערע אַרטיקלען: אַ טאָן פון זיג, פון דערפאָלג. יעדן טאָג האָבן זיי געבראַכט ידיעות, אַז אין דעם און דעם שטעטל האָבן זיך געעפנט אַזוי פיל און אַזוי פיל קריסטלעכע קרעמלעך, מאַרק־בודקעס, קליײטלעך, און ס'האָבן זיך געשלאָסן אַזוי פיל און אַזוי פיל יידישע קרעמלעך, יידישע בודקעס. אַזעלכע ידיעות האָבן אָנגעהויבן ברענגען אויך נישט־אַנטיסע־מיטישע צייטונגען, האַלב־אַנטיסעמיטישע און אפילו כלומרשט אַנטי־פּאָ־גראָם־צייטונגען. און די אַנטיסעמיטישע בלעטלעך האָבן דאָס אונטערגע־כאַפּט, געלעקט די פינגער און אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז די הילף פאַרן אָרעמען פּויער־טום איז נאָר אין צונעמען ביי יידן דעם האַנדל און די מלאכה. האָט מען געמאַכט גרויסע חשבונות, אַז אויב ס'האָבן זיך אין דריי שטעטלעך גע־עפנט 250 פּוילישע בודקעס און קרעמלעך, האָבן דאַן באַקומען פּרנסה 250 פּוילישע פאַמיליעס, האָבן דאָך שוין צום לעבן נישט ווייניקער פון טויזנט פּוילישע נפשות. און מען האָט באַלד באַרעכנט, אַז אויב מען וועט דערגרייכן די זעלבע רעזולטאַטן אין דריי הונדערט שטעטלעך, וועלן האָבן צום לעבן 100 טויזנט פּוילישע נפשות, און אין 600 שטעטלעך וועלן שוין האָבן 200 טויזנט פאָליאַקן צו לעבן און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אָבער חוץ דער דאָזיקער פרייד, האָט מען געפילט אין זייערע גיפט־אַרטיקלען גאָר אַ טאָן פון אַ גאַנץ אַנדער שמחה: דער יידישער ווידער־

שטאַנד איז געבראָכן; יידן זענען נידערגעשלאָגן, פאַרלוירן, פאַרמאַטערט און גיבן זיך אונטער. אָט דאָס האָט נאָך מער געפרייט די סם־פאַרשפּריי־טער און האַס־פּרעדיקער.

און פּלוצלינג — יידן פּראָטעסטירן! יידן שליסן די געשעפטן! יידן דערקלערן, יונג און אַלט, ראַדיקאַל און פרום, לינק און רעכט, אַלע ווי איין מענטש, אַז זיי וועלן זיך נישט לאָזן קוילען ווי שאָף, אַז זיי וועלן זיך שטעלן אַנטקעגן, אַז זיי וועלן מיט זייערע לייבער פאַרטיידיקן זייערע פרוי־ען און קינדער, אַז זיי וועלן מיט אַלע מיטלען פאַרטיידיקן אַלע פּאָזיציעס, אַז זיי וועלן מיט ציין זיך איינבייסן אין יעדער יידישער פּאָזיציע און זיך נישט לאָזן פאַרשרעקן און פאַרצווייפלען און וועלן קעמפן קעגן יעדן אַנטי־סעמיטיזם, מעג ער קומען פון די העכסטע פענצטער, מעג ער זיין ווי פאַרשלייערט, מעג ער זיין געוויקלט אין דער ווייכסטער וואַטע!

ס'האָט זיך געהאַט געדוכט, אַז וואָס געדיכטער די שוואַרצע אַנטיסע־מיטישע כמאַרע וועט ווערן, אַלץ דערשלאָגענער וועלן ווערן די יידן, אַלץ פּאַסיווער און אָפּגעלאָזטער וועט ווערן דאָס פּוילישע יידנטום. און דערויף האָבן גערעכנט נישט נאָר אַלע אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען און פּאַרטיי־עלעך, נאָר אויך יענע ריכטונגען און שטרעמונגען, וואָס טענהן, אַז זיי זענען נישט אַנטיסעמיטיש, זיי זענען קעגן די פּאָגראָמען, נאָר מען מוז זיך רעכענען מיט דער טרויעריקער לאַגע פון פּוילישן פּויערטום, וואָס שפּאַרט און שטופּט זיך אין שטאָט אַריין.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז די פאַרפאָלגונגען און די פּאָגראָמען דער־שלאָגן נישט, נאָר צעמענטירן און אייניקן אַלע קלאַסן און גרופּן; דערני־דעריקן נישט, נאָר שטאַרקן דעם מוט און הויבן דעם חשק צו קאַמף.

געוויס וואָלט דאָס אוממעגלעך געווען, ווען די יידישע מאַסן זאָלן נישט פילן, אַז אויף זייערע פּלייצעס ווערט אויסגעשפּילט אַ גרויסער סאָ־ציאַלער און פּאָליטישער שפּיל, אַז אין קאָן שטייט נישט נאָר דער גורל פון די יידישע מאַסן, נאָר אויך פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס און פון פּוילישן פּויערטום. אַזוי נאַקעט ווי דער דאָזיקער שפּיל טרעט אַרויס אין איצטיקן פּוילן, איז נאָך אין ערגעץ נישט געווען. און פון טאָג צו טאָג ווערט אַלץ קלאָרער און אָפענער דער קאַמף; אָדער די פּריצים און פּוי־לישע פאַבריקאַנטן וועט זיך איינגעבן אָפּנאַרן די פּוילישע אַרבעטער און

פוילישע פויערים און זיי איינרעדן, אַז דער עיקר איז דער קאַמף קעגן יידן און דעמאָלט איז דאָס פוילישע יידנטום פאַרמשפּט אויף אַ סך גרעסע־רע ליידן און טראַגישערע געשעענישן ווי די דייטשע יידן; אָדער פאַר־קערט, די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען וועלן באַהערשן די מוחות און די נשמות פון די אַרבעטער און פויערים און וועלן ברענגען אַ לינקע איבער־קעריניש און דעמאָלט זענען מיר פיזיש, עקאָנאָמיש און רעכטלעך גע־ראַטעוועט.

אָבער דאָס איז אַ טעמע, וועלכע מוז ספּעציעל באַהאַנדלט ווערן. איצט מוזן מיר דאָך דערציילן, ווי ס'איז געקומען צום לעצטן פּראָטעסט־שטרייק, וואָס האָט אַרומגענומען ווירקלעך 99 פּראָצענט פון פוילישן יידנטום און וואָס האָט נאָכאַמאָל באַוויזן, אַז די אַלע ביטערע קלעפּ און באַליידיקונ־גען, וואָס דאָס פוילישע יידנטום האָט איבערגעטראָגן די לעצטע יאָרן, האָבן נישט געבראָכן זיין מוט און נישט דערשלאָגן זיין פעאיקייט צום קאַמף.

דריי וואָכן איז געווען די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנצן פוילישן יידנ־טום, פון אַלע זיינע קלאַסן און פּאָליטישע ריכטונגען, קאָנצענטרירט אויפן פּשיטיקער פּראָצעס. עס איז דאָך נישט געווען קיין פּשוטער פּראָצעס וועגן געשלעגן און אָנפאַלן. עס זענען דאָך דאָרטן געמשפּט געוואָרן פון איין זייט די פּאָגראָם־פירער און פּאָגראָם־אויספירער, די געבילדעטע פּאָגראָם־אַגיטאַטאָרן און די האַלב־געבילדעטע כוליגאַנעס, שלעגער און מעסער־שטעכער, אַלזאָ דער גאַנצער אַנטיסעמיטישער לאַגער מיט זיין גאַנצער אידעאָלאָגיע און מיט אַלע מעסער־ און אייזן־העלדן; פון דער צווייטער זייט איז דאָס ערשטע מאָל אין די פוילישע פּאָגראָמען געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט די פוילישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט דאָך נישט נאָר בוידעם־מענטשן און קעלער־העלדן, נאָר אויך אמתע העלדן מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און מיט אַ שטיק אייזן קעגן אַ פּאָגראָמשטשיק. דאָס ערשטע מאָל איז געמשפּט געוואָרן דאָס עלעמענטאַרע רעכט פון יידן זיך צו פאַרטיידיקן, זיך שיצן, ענטפערן אויף אַן אָנפאַל מיט אַ שטעקן, ענט־פערן אויף אַ מעסער מיט אַ רעוואָלווער. אין פּנים פון די 14 יידישע באַ־שולדיקטע זענען דאָך געזעסן אויף דער באַנק אַלע דריי מיליאָן פוילישע יידן, זייער עלעמענטאַר רעכט צו ענטפערן אויף אַן אָנפאַל, צוגרייטן זיך

צו זעלבסט־שוץ, ווען די פּאָגראָם־כמאַרע הענגט איבערן קאָפּ וואָכן און חדשים.

האָט מען זיך מיט האַרץ־קלאַפּעניש צוגעהערט צו אַלץ, וואָס דאָרטן איז פאָרגעקומען. האָט מען מיט ציין־קריצן געלייענט די אָפענע פּאָגראָם־רופן פון די אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן; האָט מען מיט שרעק און צאָרן גע־לייענט וועגן דעם חוצפּהדיקן האַלטן זיך פון די פּאָגראָמשטשיקעס און די אָפענע אומפאַרשעמטע ליגנס פון די הונדערטער עדות; האָט מען מיט פרייד און גליק געלייענט די שטאָלצע רעדעס פון די יידישע אַדוואָקאַטן און מיט נאָך אַ גרעסערער פרייד און מיט אַן אומבאַשרייבלעכן נחת די מאָ־ראַליש־הויכע און פּאָליטיש־קלוגע רעדעס פון די צוויי קריסטלעכע אַדוואָ־קאַטן. און מען האָט געהאָפט און געגלויבט און אַרויסגעקוקט, אַז אָט, אָט וועט אַ שיין טון די זון, אָט, אָט וועט אַ פּויליש געריכט אַ בליץ טון מיט אַ מענטשלעכן פּסק־דין, מיט אַן ערלעכן אָביעקטיוון אורטייל. ס׳האָט זיך אַזוי געוואָלט באַקומען אַ באַווייז, אַז אין איצטיקן פּוילישן סדום זענען נאָך פאַראַן צדקים, ערלעכע ריכטער, אמתע שופטים, וואָס רעכט און גע־וויסן דאַרפן זיין ביי זיי העכער און פריער פון אַלץ.

זענען די נערוון געווען געשפּאַנט ביז דער העכסטער שטופע. איז דאָס יידישע פאַרוווּנדעטע האַרץ געווען פול מיט דערוואַרטונג.

פּרייטיק פאַרנאַכט, פאַר ליכט־בענטשן, ווען ביים רוב יידן אין פּוילן איז נאָך איצט אַ געהויבענע שטימונג, אַ יום־טובדיקע שטימונג, און האָפע־נונג און גלויבן געפינען גרינגער אַן אַריינגאַנג אין יידישע מוחות און הערצער — אָט אין די דאָזיקע פאַר שבתדיקע שעהען האָט אונדז דער דו־נער געטראָפן. איבערגעבן די ווירקונג פון דאָזיקן דונער איז אוממעגלעך. איין פראַזע האָט מען געהערט פונעם מויל פון יעדן יידן: איצט מעג מען שוין אוודאי הרגענען יידן! און אין די דאָזיקע ווערטער איז געווען צאָרן, און צער, און כעס אָן אַ שיעור, און טיפע פאַרצווייפלונג, און אַ גרויסע, גרויסע פראַגע: ווי ווייט נאָך קען גיין דאָס פאַלן פון פאָלק, וואָס ווערט פאַרבלענדט פון ווילדע האַס־פּרעדיקער, וואָס ווערט פאַרפירט פון פאַלשע פאַרזאָרגער און פון נידערטרעכטיקע דעמאַגאָגן? און אַ וויטערע פראַגע האָט אַרויסגעשריען פון די אויגן פון יעדן יידן: מיט וואָס דראָט אונדז אַזאַ פּסק־דין, וואָס באַפרייט אָפענע פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס גיט גערעכט

מעסער־שטעכער און שויבן־האַקער, וואָס לאָזט אומבאַשטראָפט דעם מינ־קאָווסקי־מאָרד, אַ מאָרד, וואָס שרייט צום הימל — אַ פסק־דין, וואָס באַ־שטראָפט דעם, וועלכער פאַרטיידיקט זיך, צען און צוואַנציק מאָל שטרענ־גער ווי דעם אָנפאַלער?

אויסערלעך האָבן אַלע יידן אויסגעזען נידערגעשלאָגן, דערהרגעט, אַראָפּגעדריקט ביז דער ערד! אָבער טיף אין האַרצן האָט געקאָכט אַ גע־פיל פון פּראָטעסט, פון קאַמף, פון ענטפערן מיט ווירדע, פון דעמאָנסטר־רירן אונדזער כוח, אונדזער גרייטקייט זיך צו שיצן, זיך צו פאַרטיידיקן.

דאָס מאָל האָבן די רעכטע פּועלי־ציון ריכטיק דערפילט דעם געבאָט פון מאָמענט, און לויט זייער איניציאַטיוו איז אויסגערופן געוואָרן אויף דינסטיק, אויפן 30סטן יוני, אַן אַלגעמיינער יידישער שטרייק אין גאַנץ פוילן. דער שטרייק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אויף די שעהען פון 12 ביז 2 און האָט זיך איינגעגעבן הונדערט פּראָצענטיק. אַ פערטל מיליאָן יידישע קראָמען און מאַרק־שטעלעס און 200 טויזנט יידישע וואַרשטאַטן האָבן זיך אין איין מאָמענט געשלאָסן אין גאַנץ פוילן. ס׳זענען געווען פאַלן, ווען מען האָט געמוזט בעטן קונים פון געשעפט אַרויסגיין. אין אַ סך שטעט איז געווען יאַריד אין דעם טאָג, אָבער די צאָל פאַררעטער און אָפּטריניקעס איז געווען נישטיק קליין.

ווי תמיד איז אויך דאָס מאָל דער יידישער אַרבעטער געווען דער אַק־טיווסטער, דער איניציאַטאָר, דער וועקער, דער פירער, אָבער דאָס גאַנצע יידישע בירגערטום האָט זיך געלאָזט פירן, ווי נישט ווילנדיק צוגעבנדיק, אַז די צוקונפט געהערט דעם אַרבעטער, דעם איינציקן קלאַס אין יידנטום, וואָס האָט פריינט און קאַמף־שותפים אין דער אַרומיקער וועלט. אין לעמ־בערג, ווו ס׳גייט אַן אַזאַ פאַרביסענער קאַמף צווישן די בירגערטומס פון דריי פעלקער, פון פּאָליאַקן, יידן און אוקראַינער, האָבן די אַרבעטער פון אַלע דריי פעלקער ווידער, צום הונדערטסטן מאָל, דעמאָנסטרירט זייער סאָלידאַריטעט. אין בענדין און סאָסנאָוויעץ האָבן געשטרייקט גאָר אַ סך פוילישע אַרבעטער. אין וואַרשע האָבן געשטרייקט די פוילישע אַרבעטער פון עטלעכע און צוואַנציק פאַבריקן. און ווען אין אַ פּאָר פאַבריקן האָבן זיך די פוילישע אַרבעטער אָפּגעזאָגט צו שטרייקן, איז געווען גענוג אַ רעדע פון אַ פּוילישן, אָדער אפילו אַ יידישן סאָציאַליסט, וואָס האָט אויפגעקלערט

די פּאָליטישע באַדייטונג פונעם דאָזיקן יידישן פּראָטעסט־שטרייק, אַז אַלע זאָלן וואַרפן די אַרבעט. אין אַ פאַבריק פון אַ יידישן באַלעבאָס האָט דער לעצטער געזאָגט די אַרבעטער, אַז ער וועט זיי דעם לוין באַצאָלן ווי פאַר אַ גאַנצן טאָג אַרבעט, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט און דערקלערט, אַז זיי וועלן אָפּאַרבעטן די צוויי שטרייק־שעהען.

איינער פון די וויכטיקסטע רעזולטאַטן פוןביידע יידישע פּראָטעסט־שטרייקן פון 17טן מערץ און 30סטן יוני באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ס׳האָט זיך איינגעגעבן אַריינפלעכטן דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין אַלגעמיינעם קאַמף פאַר פרייהייט און פאַר אַ נייע אָרדענונג. ס׳איז אויפן שרייענדיקסטן אופן דעמאָנסטרירט געוואָרן, אַז די לאַגע פון גאַנצן פּוי־לישן יידנטום הענגט אָפּ פונעם זיג פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס. דערמיט איז אָבער אויך דעמאָנסטרירט געוואָרן די אויסנאַם־לאַגע פון יידן, זיין גאַנץ באַזונדערע לאַגע: די יידישע בורזשואַזיע, נאַציאָנאַל פאַרפאָלגט און פיזיש באַדראָט, מוז אַפּעלירן און זוכן הילף ביי זיינע סאָציאַלע שונאים — ביי די יידישע און פּוילישע אַרבעטער.

באַזונדער פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן פּשיטיק, אָט דאָס שטעטעלע, וואָס האָט זיך אַ סך אָנגעליטן, וואָס טראָגט אָבער מיט כבוד און ווירדע דאָס פּעקל צרות און ווייזט אַלץ מער אַרויס זיין העלדנטום. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, מיט אַלע ווייבער און קינדער, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן שול־הויף. דאָס שטעטל איז ווי אויסגעשטאָרבן, פאַרהאַקט און פאַר־קלאַפּט איז געווען אַלץ. דאָ האָט מען דערמאָנט די געפאַלענע קדושים, און אַ סך האָבן געוויינט און געחלשט. אָבער די אויסרופן פון די רעדנער: מיר זענען נישט געבראָכן! מיר וועלן אונדזער קאַמף ווייטער פירן! האָבן אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג. צווישן די רעדנער איז אויך געווען דער נישט לאַנג באַפרייטער באַרענשטיין — ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ באַזונדערער ליבע און באַגייסטערונג.

פון ווילנע, ביאַליסטאָק, קראָקע, נאָווידוואָר, מעזריטש, פּרושקאָוו, גראָדנע, הכלל פון גאַנץ פּוילן קומען אָן פריילעכע, דערמוטיקנדיקע ידיעות וועגן דעם, אַז דער שטרייק האָט זיך גלענצנד איינגעגעבן, אַז אומעטום האָבן די פּוילישע אַרבעטער אַרויסגעוויזן אַקטיווע סימפּאַטיעס און האָבן מיטגעשטרייקט.

## ערב חורבן

ס׳איז נישט אָפּצושאַצן דעם ווערט פון פּראָטעסט־שטרייק פאַר יידן אַליין — ס׳איז עפּעס געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן און ליכטיקער אין די אויגן. ס׳איז געווען אַן אמתער פאַרגעניגן צו שפּאַצירן אין די יידישע גאַסן און זען די שטראַלנדע יידישע יוגנט, די אויפגעברויזטע יידישע אַרבעטער־מאַסן און די גליקלעכע פּנימער פון פּשוטע יידן. איך האָב בייגעוווינט עטלעכע סצענעס, ווי פּשוטע יידן, אפילו פיין געקליידטע און מסתמא פון בירגערלעכן לאַגער, האָבן געפאָדערט פון פאַרשפּעטיקטע זיי זאָלן גיכער שליסן די געשעפטן. אין קול פון דער פאָדערונג איז געווען צו הערן אַ באַזונדער גליק — דאָס גליק פון אַ מענטשן, וואָס פילט, אַז ער איז נישט אַליין, נישט איינזאַם, אַז ער קען זיך פאַרטיידיקן און האָט מיט וועמען אינאיינעם זיך צו פאַרטיידיקן.

פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליצייאישע גומי־שטעקנס האָבן נישט גע־שטרייקט. און ווו אַ פּאָליציאַנט האָט געמערקט, אַז מען פאָדערט שליסן די געשעפטן אָדער וואַרפן די אַרבעט, האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט. זענען טאַקע דאָ אין וואַרשע אַ 20 יידן פאַרוווּנדעטע און אַ 20 אַרעסטיר־טע, אין לאָדזש אַ 50 אַרעסטירטע. אין אַלגעמיין אָבער איז דער שטרייק אַראָפּ רואיק.

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז דאָס גאַנצע יידישע בירגערטום איז צו־געשטאַנען צום פּראָטעסט־שטרייק. דאָס איז פּאַקטיש אמת. אָבער ס׳מוז צוגעגעבן ווערן, אַז די „אגודה" האָט גערופן בעסער צו פאַסטן און האָט באַשטימט אַ תענית אויף שבעה־עשר בתמוז, ד"ה אויף אַ טאָג, ווען פרומע פאַסטן סייווי. האָבן זיך די פירער פון דער „אגודה" טאַקע געמאַכט לע־כערלעך, ווייל זייערע פרומע מאַסן, וועלכע שיקן זיי אין די קהילות אויף אַכטונג געבן אויף כשרות, אויף שחיטה, אויף רבנים, חתונות און גטן, פאַרשטייען גאַנץ גוט, אַז אין קאַמף פאַר יידישע רעכט דאַרף מען בעסער פאָלגן די יידישע אַרבעטער.

די פּוילישע פּרעסע, חוץ דער ווילד־אַנטיסעמיטישער, האָט זיך נאָך נישט אָנגערופן. די אַנטיסעמיטישע פּרעסע שוימט פון כעס און דראָט מיט פּאָגראָמען. אַזוי שרייבט אַ וואַרשעווער צייטונג („דזשעננִיק נאַראָדאָווי"):

„דער דאָזיקער פּראָטעסט פון גאַנצן פּוילישן יידנטום קעגן אַן אור־טייל פון מלוכהשן געריכט וועט זיכער קיינעם פון פּאָליאַקן נישט אָפּ־

שרעקן. פאַרקערט: מיר וואָלטן געוואָלט, אַז יידן זאָלן אַזעלכע פּראָטעסטן מאַכן 365 טעג אַ יאָר און דאָס נישט 2 נאָר 24 שעה אין מעת־לעת".

נאָך אַ גיפטיקער באַשרייבונג, אַז יידן האָבן פאַרוואַנדלט פּראַאורטייל־טע פאַרברעכער אין קדושים, ענדיקט די צייטונג:

„דער יידישער אָנגריף דויערט. אָבער דאָס וועט קיינעם נישט אָפּ־שרעקן".

אַן אַנדער בלעטל איז אַרויס מיטן געשריי, אַז יידן אָרגאַניזירן די רע־וואָלוציאָנערע עלעמענטן אין לאַנד, אַז יידן שטיצן די קאָמוניסטן און יידן קעמפן קעגן פוילן אויפן אויסערן און אינערן פראָנט.

מען מוז נאָך צוגעבן, אַז דער אורטייל אין פשיטיק האָט איבערראַשט נישט נאָר יידן, נאָר אויך קריסטן. אפילו די גרעסטע יידישע פעסימיסטן האָבן זיך נישט גערעכנט אויף אַזאַ אומגעלומפּערטן אורטייל און אפילו די אָפּטימיסטישע אַנטיסעמיטן האָבן נישט געהאָפט, אַז מען וועט זייערע חברים צוגעבן אַזוי פיל מוט צו ווייטערע פּאָגראָמען. ס'דערציילן די צײַ־טונגען איין פאַקט, וואָס וואַרפט אַ העל ליכט אויפן דאָזיקן אורטייל און באַווייזט אונדז, ווי ווייט מיר קענען זיך פאַרלאָזן אויף דער שוץ פון דער צענטראַלער מאַכט. דער פאָרזיצער פון געריכט, וואָס האָט די גאַנצע צייט פון פּראָצעס זיך געגנוג אָביעקטיוו געפירט און דעריבער געגעבן האָפע־נונג אויף אַן אָביעקטיוון אורטייל, איז פאַרן אַרויסטראָגן דעם אורטייל געפאָרן קיין וואַרשע. גלויבט מען, אַז די מתנה פון אורטייל האָט ער טאַקע געבראַכט פון וואַרשע.

22סטער יולי, 1936.

II

אַ מאָדנע לאַנד איז פוילן, אַזוי מאָדנע, אַז צייטנווייז הער איך פשוט אויף צו פאַרשטיין וואָס אַרום מיר קומט פאָר.

און אין דער אמתן — לאָמיר מאַכן אַ שטיקל חשבון פאַר איין לעצטע וואָך. פאַר דער לעצטער וואָך האָבן יידן אָפּגעהאַלטן אין פוילן ביז 400 פאַרזאַמלונגען, קאָנפערענצן, מיטינגען, אויף וועלכע עס זענען איבערגעוועזן

נישט ווייניקער פון 200 טויזנט יידן. מען האָט, אַלזאָ, קיין מורא נישט געהאַט צו גיין אויף פאַרזאַמלונגען מאַסנווייז, בלייבן דאָרטן לאַנגע שעהען, פאַרברענגען, דיסקוטירן און אָפּט אויך זיך גאַנץ פריילעך פאַרווײַלן און זינגען לידער און טאַנצן. אויף צענדליקער פון די דאָזיקע מיטינגען האָט מען געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל", די בונדישע „שבועה", — אַלזאָ, רעוואָלוציאָנערע לידער. און קיינער האָט נישט געטשעפּעט, קיינער האָט נישט געשטערט, קיינער האָט נישט אַרעסטירט אָט די זינגער, וועלכע האָבן דאָך גערופן צו אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אין היינטיקן פּוילן מעג מען, אַלזאָ, רופן צו אַ סאָציאַלער רעוואָלו־ציע — אַ פריי לאַנד! און איך קען אויסזאָגן נאָך אַ סוד: אויף צענדליקער פון די דערמאָנטע מיטינגען האָט מען זייער שאַרף קריטיקירט די איצטי־קע רעגירונג. גאָר שאַרף איז מען אָנגעפאַלן אויף דעם לאַגער, וועמעס פאַרטרעטער זיצן אין דער רעגירונג. מען האָט זיי באַשולדיקט נישט נאָר אין דולדן און צולאָזן פּאָגראָמען, נישט נאָר אין לאָזן די בורזשואַזיע באַ־ראַבעווען און עקספּלואַטירן די אַרבעטער, נישט נאָר אין לאָזן שטאַרבן פון הונגער די פּויערים, אַבי אָפּהיטן די פּריווילעגיעס און די מאַיאָנטקעס פון די פּריצים, נאָר פּשוט אין רואינירן פּוילן און עס איבערענטפערן אין די הענט פון די גרעסטע פיינט פון פּוילן — פון די דייטשן. מען האָט גערעדט, און קיינער האָט נישט געשטערט. פרייהייט! ממש ווי אין אַן איי־ראָפּעאישן לאַנד.

אָט זענען אַ פּאָר בילדלעך פון די גאָר לעצטע טעג, וועלכע מוזן איבערראַשן: איבער די גאַסן פון וואַרשע ציען זיך גרויסע מאַסן פּוילישע אַרבעטער מיט פאָנען און פּלאַקאַטן. אויף די פּלאַקאַטן זענען אויסרופן קעגן רעאַקציע, קעגן פאַשיזם, קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן עקספּלואַטאַציע, קעגן פאַרשקלאַפונג פון אַרבעטער־קלאַס, קעגן נאַציאָנאַלע אונטערדריי־קונגען. מיט די פּוילישע אַרבעטער גייען אויך יידישע אַרבעטער, אַ דעלע־גאַציע פון די יידישע געווערקשאַפטן. אויך זיי טראָגן גרויסע פּלאַקאַטן אויף פּויליש און אויף יידיש. און אויף די פּלאַקאַטן פּראָטעסטירט מען קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן פאַרפאָלגונגען. מען פאָדערט גלייכע רעכט פאַר אַלע פעלקער. און מען גייט איבער צענדליקער גאַסן און כמעט אָן איין אינ־צידענט. איין מאָל האָבן אַ פּאָר כוליגאַנעס געפּרוווט שטערן, אָבער זיי האָבן

באקומען אַ גאַנץ פיינע פּאַרציע קלעפּ און פּעטש און האָבן זיך גיך אָפּ־געטראָגן.

און אָט איז נאָך אַן אינטערעסאַנט בילד: אויף אַ הויף אויף דער זאַ־מענהאָף גאַס קומט פאָר אַ בונדישער מיטינג. 3.000 אָדער 4.000 יידישע אַרבעטער פּראָטעסטירן קעגן די אָנפאַלן אויף יידן, מען רופט צו זעלבסט־שוץ, זיך שטעלן אַנטקעגן יעדן אָנפאַל, זיך פאַרטיידיקן. מען באַשולדיקט נישט סתם די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג אין די פּאָגראָמען, נאָר בפירוש די איצטיקע הערשער פון פוילן. מען רופט צו אַ קאַמף פאַר אַן אַרבעטער־און פּויערים־רעגירונג, מען זינגט דעם „אינטערנאַציאָנאַל" און עס הערשט ממש אַ הויך־רעוואָלוציאָנערע שטימונג. דער פאַרטרעטער פון די פּוילישע סאָציאַליסטישע געווערקשאַפטן, גענאָסע זדאַנאָווסקי, באַגריסט די יידישע אַרבעטער, רופט צו געמיינזאַמען קאַמף קעגן די כוליגאַנעס פון אַלע סאָרטן — קעגן די באַהאַלטענע, ווי קעגן די אָפענע, זאָגט צו די יידישע אַרבעטער די הילף פון די פּוילישע אַרבעטער אין קאַמף פאַר זייערע מענטשלעכע רעכט אויף זיכערקייט, און אויך פאַר פולע גלייכבאַרעכטיקונג.

אין צען אָדער אין צוועלף שטעט זענען די לעצטע וואָך פאָרגעקומען געמיינזאַמע פאַרזאַמלונגען פון יידישע מיט פּוילישע אַרבעטער, ספּעציעל וועגן קאַמף קעגן פאַשיזם, קעגן דעם כוליגאַניזם און קעגן די פּאָגראָמען. אויף די פאַרזאַמלונגען האָט געהערשט אַן אמתע ברידערלעכע שטימונג, אַ קאַמף־שטימונג, אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג. איך זאָג עס גאַנץ ערנסט — אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג. וואָרום דער עולם איז געווען אַזוי קעמפעריש, אַזוי קרבנות־גרייט, אַזוי געהויבן אידעאַליסטיש געשטימט, אַז מען מעג כמעט גלויבן, אַז ווען מען רופט אים נאָר אין גאַס צום קאַמף, וועט ער געוויס גיין און געוויס מוטיק קעמפן פאַר זיינע אידעאַלן.

זאָל דער לעזער, וואָס איז געוווינט געוואָרן שוין מער פון צוויי יאָר צו לייענען יעדן טאָג וועגן פּאָגראָמען אין פוילן, און וועלכער האָט געוויס געמערקט, אַז אין די לעצטע וואָכן קומט פאָר אין וואַרשע אַן אומאויפהער־לעכער פּאָגראָם, — זאָל ער נישט מיינען, אַז איך טרייב קאַטאָוועס. און זאָל ער אויך נישט מיינען, אַז די קאָרעספּאָנדענטן, וואָס האָבן טעלעגראַ־פירט אָדער געשריבן וועגן פּאָגראָמען, האָבן גלאַט געוואָלט אים אָנטון יסורים. נאָר ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אין אַ לאַנד, וווּ עס איז נאָך פאַראַן

אַזוי פיל פרייהייט, זאָל מען פראַנק און פריי שלאָגן הונדערטער יידן, מאַכן פאַר קאַליקעס אומשולדיקע מענטשן?

פאַרזיכער איך דעם לייענער, אַז אַלץ, וואָס איך האָב אויבן אָנגעשריבן, איז אַבסאָלוט אמת. אַזוי פיל פרייהייט איז נאָך דאָ אין פוילן. דער אומגליק איז נאָר, גלייכצייטיק מיט דער אויבנבאַשריבענער פרייהייט איז דאָ נאָך אַן אַנדער פרייהייט. און שוין נישט נאָר אויף צו רעדן, נאָר אויך אויף טון. און אָט ווי דאָס דאָזיקע טון זעט אויס.

פאַר די לעצטע צען טעג, פון 10טן ביזן 20סטן סעפּטעמבער 1947, האָט מען אין וואַרשע פאַרוואונדעט עטלעכע און ניינציק יידן. פון די עטלעכע און ניינציק יידן האָבן מיר נעמען און אויך ידיעות וועגן די וואונדן, וואָס זיי האָבן באַקומען. און עס זענען דאָ צענדליקער אָדער אפשר הונדערטער, וואָס האָבן געכאַפּט בלוטיקע פּעטש, האָבן אָבער שטילערהייט אָפּגעוואַשן דאָס בלוט ביי זיך אין דער היים און געמאַכט אַ שווייג. אין האַרצן איז געבליבן אַ וואונד; אין דער נשמה איז געבליבן שטעקן אַ שאַנד־נאָדל, וואָס וועט אייביק שטעכן און מאַטערן. וואָרום דער היינטיקער ייד איז נישט דער מיטלאַלטערלעכער ייד, וואָס האָט געהאַלטן, אַז דער „גוי" איז אַ חמור, אַן אייזל, און מען קען זיך מיט אים נישט רעכענען ווי מיט אַ מענטשן.

פאַרוואונדעט? וואָס מיינט דאָס? מיר וועלן ברענגען נאָר עטלעכע פאַקטן און דער לעזער וועט שוין פאַרשטיין. אויף קראַכמאַלנע גאַס נומער 20 האָט מען אַזוי צעשלאָגן מענדל קאַפּלאַן, אַז ער איז געבליבן ליגן אין גאַס אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד. אברהם יאַקובאָוויטשן (פאַנסקע 4) האָט מען מיט מעסערס געמאַכט 4 שווערע וואונדן אין פּלייצע און אין ברוסט, זיין לעבן איז אין געפאַר. הערש וואַלקענברייט איז אַזוי ערנסט פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ באַק, אַז מען האָט אים געמוזט באַלד מאַכן אַן אָפּעראַציע אין שפּיטאָל. אין בעסטן פאַל וועט ער בלייבן אַ קאַליקע. די קרעמערקע קאַשער (גזשיבאָווסקע 20), וועלכע איז שוואַנגער און איז שוין אין די הויכע חדשים, האָט מען אומגעוואָרפן און געטראָטן מיט די פיס אין זאַקסישן גאָרטן האָט מען אַ יידישן בחור אַריינגעוואָרפן אין וואַסער, מ'האָט אים קוים אַרויסגעראַטעוועט. בשעת מעשה האָט מען געשלאָגן אַ יידיש מיידל, וועלכע איז געפאַלן אין חלשות. אויף קרולעווסקע גאַס איז מען באַפאַלן דעם יידישן סטודענט מאַרק קאַפּלאַן און די סטודענטקע

פּאָלאַ פרייד, אים האָט מען געגעבן מיט אַן אייזן אין קאָפּ און אַ באַגאַ־סענעם מיט בלוט געטראָטן מיט די פיס. די סטודענטקע האָט מען גע־שלאָגן נאָר מיט די הענט, אומגעוואָרפן אויך אויף דער ערד און געקאָפּעט, ביז עס האָט זיך באַוויזן בלוט.

און זאָל דער לעזער נישט מיינען, אַז דאָס איז פּאָרגעקומען ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, ווו אַ פּאָר כוליגאַנעס האָבן געטראָפן אַן איינצעל־נעם יידן און האָבן אים צעשלאָגן. ניין. דאָס אַלץ קומט פאָר אין וואַרשע אויף די באַלעבטסטע גאַסן. עס גייען גרופּעס צו 20 און 30 כוליגאַנעס, גייען און שרייען: „אַ טויט יידן! קיין פּאַלעסטינע! אַרויס פון פּוילן!“ זיי פאַלן אָן אויף די קראָמען, שלעפּן אַרויס פון די קראָמען און שלאָגן, שטעכן מיט מעסערס, שלאָגן מיט שטעקנס, פאַרניכטן די סחורות. און דאָס דויערט שוין צוויי וואָכן אין וואַרשע, אויף די אויגן פון דער גאַנצער מאַכט, און גאָרנישט.

אויך פרייהייט! אויב פרייהייט איז פאַר אַלע. די פּוילישע הערשער זענען אויסגעהאַלטן. מען קען נישט יידן לאָזן שרייען, אַז מען זאָל קעמפן קעגן פּאָגראָמען, און נישט לאָזן די אַנדערע מאַכן די פּאָגראָמען.

מען מוז פעסטשטעלן, אַז אין די לעצטע טעג מערקט זיך אַ זייער סימפּאַטישע דערשיינונג: יידן הויבן אָן ענטפערן און טאַקע אויך מיט אייזנס. פאַר די לעצטע טעג האָט מען אין וואַרשע פאַרוואונדעט ביז אַ צענדליק כו־ליגאַנעס. אייניקע האָט מען גאַנץ שטאַרק פאַרוואונדעט, און זיי וועלן קענען זייערע קינדער דערציילן, אַז שלאָגן יידן קאָסט טייער. אָבער דאָס איז גאָר אַ קליינע טרייסט. פאַר יעדן פאַרוואונדעטן כוליגאַן האָבן מיר באַצאָלט מיט צען. און לויט די סאַמע קנאַפּסטע חשבונות האָבן יידן געליטן אין וואַרשע די לעצטע צען טעג מאַטעריעלן שאָדן אויף עטלעכע הונדערט טויזנט גילדן. דאָס איז דירעקטער שאָדן פון פאַרניכטעטער סחורה. אָבער אַ סך גרעסער איז דער אומדירעקטער שאָדן. די יידישע בוכהאַנדלונגען זענען באַנקראָט, ווייל מען האָט נישט צוגעלאָזט קיין קונים צו זייערע געשעפטן. און בכלל אין דער פּאָגראָם־שטימונג, וואָס הערשט אין וואַרשע די לעצטע צוויי וואָכן, שמעקט נישט אַריין קיין איין קריסט אין קיין יידי־שער קראָם.

אין דער אייגענער וואַרשע, כמעט אין די זעלבע טעג, דעמאָנסטראַ־

ציעס פון פוילישע און יידישע אַרבעטער אויף די גאַסן קעגן פּאָגראָמען און קעגן פאַשיזם, און צענדליקער פאַרווונדעטע יידן און צענדליקער יידישע צעריבעטע געשעפטן. די מיניסטאָרן זענען אַליין אַרומגעפאָרן אין די גאַסן, האָבן מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי יונגע פוילישע שילער מאַכן פּאָ־גראָמען. און זיי האָבן מסתמא געזען אויך ווי פוילישע אַרבעטער דעמאָנ־סטרירן קעגן פּאָגראָמען און האָבן זיך פוןביידע זאַכן נישט גענומען צום האַרצן. עס איז דערוויל געבליבן ביים אַלטן. פאַרשטייט זיך, אַז אויף איין אַנטי־פּאָגראָם דעמאָנסטראַציע קומען אָן 20 אָדער 30 פּאָגראָמען. מען קען אין דעם נישט באַשולדיקן די פוילישע פּאָליציי. אַן אַרבעטער־דעמאָנ־סטראַציע באַגלייט זי, גיט אַכטונג, אַז זי זאָל זיך פירן ווי עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, מען זאָל, חלילה, נישט מאַכן קיין אויסגעשריי, וואָס מען האָט נישט דערלויבט. אַ סך גרינגער איז דער פּאָליציי בשעת אַ פּאָגראָם — זי דאַרף בפירוש נישט זיין, זי דאַרף ווערן טויב און נישט הערן נישט די געשרייען פון די שלעגער און אויך נישט די געוואַלדן און געוויינען פון די געשלאָגענע. איז קיין חידוש נישט, וואָס די פּאָגראָמען זענען איר אַ סך סימפּאַטישער. עס איז גענוג צו לייענען דעם באַפעל פון וואַר־שעווער רעגירונגס־קאָמיסאַר, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָך צוויי וואָכן פון ראַבעווען און שלאָגן, כדי באַלד פעסטצושטעלן ווי ווייך מען רעדט מיט די כוליגאַנעס.

אָבער וואַרשע איז דאָך נישט קיין בן־יחיד. די זעלבע פוילישע רעגי־רונג, וועלכע דערלויבט יידן אָפּצוהאַלטן אין איין וואָך אין גאַנצן לאַנד 400 פאַרזאַמלונגען, דערלויבט שוין באַלד אַ גאַנצע וואָך אין ביעלסק צו ראַבעווען און שלאָגן און האַקן שויבן און טעראָריזירן און פאַרוואַנדלען דאָס יידישע לעבן אין אַ גיהנום. וואָרום אַ רעגירונג, וואָס שטעלט נישט אָפּ פינף און זעקס טעג קיין פּאָגראָם, גיט שווייגענדיק איר צושטימונג אויף אים.

אין ביעלסק האָט געטראָפן אַן אומגליק — אַ ייד, געוויס אַן אויס־וווּרף, האָט געשאָסן אַ פוילישן אַרבעטער. דער גאַנצער קריג איז געווען איבער 45 גראָשן, און ווען עס זאָל אפילו זיין אמת, אַז דער פּאָליאַק איז געווען שיכור און האָט זיך געוואָרפן שלאָגן, שיסט מען אויך נישט באַלד פון אַ רעוואָלווער. אָבער אַזעלכע זאַכן טרעפן דאָך אין פוילן אין צענדלי־

קער יעדן טאָג, און מען מאַכט נישט קיין פּאָגראָמען איבער אַלע קריסטן, ווען איין קריסט הרגעט עמיצן. דאָ האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם, און ער דויערט שוין באַלד אַ גאַנצע וואָך. די פּאָגראָמשטשיקעס רוען זיך אָפּ און אַרבעטן ווייטער. פּאָליציי אַרעסטירט אַ פּאָר און רוט זיך אויך אָפּ. דערווייל קומען צו פרישע פּאָגראָם־כוחות און ראַבעווען און שלאָגן ווייטער, און פּאָליציי אַרעסטירט ווידער אַ פּאָר. אָבער די פּאָגראָמשטשיקעס פילן, אַז עס איז נישט שרעקלעך, גייען זיי ווידער אַרויס אין גאַס. און כאָטש אַלע יידישע קראָמען זענען שוין אויסגעראַבעוועט, געפינט מען נאָך ערגעץ פאַרשטעקט אַ ביסל סחורה. און אויב נישט סחורה, זענען אויך יידישע קישנס אַ זאַך וואָס איז עפּעס ווערט.

און פּאָגראָמען זענען זייער אָנשטעקנד. אָט איז אַ בילדל, וואָס גיט איבער גלענצנד די שטימונג אין דער באַפעלקערונג נאָך צוויי יאָר פּאָגראָמען.

אין די דערפער, וואָס אַרום דעם שטעטל זלאָטי־פּאָטאָק, אין מזרח־גאַליציע, האָבן די „ענדעקעס" (אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי) פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מיטוואָך וועט זיין דערלויבט אַ האַלבן טאָג צו ראַבעווען אין שטעטל. מיטוואָך פאַרטאָג האָבן זיך אַ לאָז געטון אין שטעטל הונדערטער פויערים מיט זעק אויף די פּלייצעס. די פּאָליציי, קליין אין צאָל, האָט געוווסט, אַז זי וועט מיט אַזאַ גרויסער מאַסע זיך נישט ספּראַווען, האָט זי אַרויסגעשיקט אַגענטן זאָגן די פויערים, אַז דאָס ראַבעווען איז אָפּגעלייגט אויף פרייטיק. די פויערים האָבן געגלויבט און רואיק געגאַנגען אַהיים. ביז פרייטיק האָט מען געבראַכט גענוג פּאָליציי און מען האָט די פויערים געגעבן צו וויסן, אַז מען וועט נישט לאָזן ראַבעווען. מען מוז מודה זיין, אַז די פויערים זענען געווען גרייט צו ראַבעווען, נאָר אויב די רעגירונג דערלויבט דאָס. ריזיקירן און האָבן אויף זיך פּראָצעסן, האָבן זיי גאָר נישט געוואָלט. אויב מען מעג, איז מהיכא־תיתי. אויב נישט, איז נישט. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז דאָך דאָ דאָס, וואָס מען קען גלויבן, אַז עס איז דערלויבט אַ האַלבן טאָג צו ראַבעווען ביי יידן.

אָט אַזוי טראַכט די קריסטלעכע באַפעלקערונג וועגן דער באַציאונג פון דער מאַכט צו יידן. גאָר אַנדערש טראַכט די יידישע באַפעלקערונג. אַ דע־מאָקראַטישע פּוילישע ווילנער צייטונג דערציילט, אַז יידן ווערן געשלאָגן, אָבער זיי האָבן אויפגעהערט צו מעלדן וועגן דעם אין דער פּאָליציי, ווייל

אָפּטמאָל טרעפט, אַז די געשלאָגענע ווערן פאַרוואַנדלט אין שולדיקע. די יידן זענען אַזוי פאַרצווייפלט, אַז זיי פאַרשווייגן בעסער. און די צייטונג דערציילט פּאָלגנדיקן פאַקט: אויף ראָג פּאָהוליאַנקע זענען צוויי כוליגאַנעס מיט שטעקנס און קאַסטעטן אָנגעפאַלן אויף פינף יידן און זיי שרעקלעך צעשלאָגן. דער האַלץ־הענדלער סמאָלענסקי איז אַוועק צו אַ דאָקטאָר און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַלע פאָדערשטע ציין און דער קינבאַק זענען באַשעדיקט געוואָרן. אויף דער פראַגע, פאַרוואָס זיי האָבן נישט פאַרהאַלטן די כוליגאַנעס, האָבן זיי גאַנץ אָפנהערציק זיך מודה געווען אַז זיי האָבן מורא געהאַט נאָך צו האָבן אויף זיך אַ פּראָצעס. ווייל אַזעלכע פאַלן האָבן שוין געטראָפן. די כוליגאַנעס דערקלערן, אַז די יידן זענען אויף זיי אָנגעפאַלן, און די פּאָליציי גלויבט די כוליגאַנעס און מאַכט יידן פּראָצעסן. און אַ חוץ די אויסגעשלאָגענע ציין, קען מען נאָך גיין זיצן אַ פּאָר חדשים. שוין בעסער אָפּצוקומען נאָר מיט אויסגעשלאָגענע ציין.

אָבער מיר האַלטן ערשט אָנהויב סעזאָן. אמת, ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גאָר גרויסער גערעטעניש. דער חודש סעפּטעמבער וועט געבן גאָר, גאָר אַ גרויס גערעטעניש: שוין איצט, אַ וואָך נאָך פאַר סוף חודש, קען מען זאָגן, אַז עס זענען שוין געווען דעם חודש ביז 500 פאַרוווּנדעטע. נישט ווייניקער פון 50 אַזעלכע פאַרוווּנדעטע וועלן בלייבן קאַליקעס. פינף פאַרוווּנדעטע וועלן געוויס נישט בלייבן לעבן, און אויב יאָ, איז נאָך ערגער פאַר זיי.

אין דעם ווינטער־סעזאָן וועלן קאָנקורירן ביים שלאָגן יידן און ביים טרייבן די יידישע סטודענטן אויף באַזונדערע בענק צוויי גרופּעס: די אַלטע כוליגאַנעס, די „נאַראַ״־לייט, וועלכע האָבן פּאַראַיאָרן דעם גאַנצן ווינטער געפּייניקט די יידישע סטודענטן, און די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון דעם נאַציאָנאַלן לאַגער. וואָרום כמעט אַלע מיניסטאָרן זענען שוין אַריינגעטראָטן אין דעם נאַציאָנאַלן לאַגער פון אַדאַם קאָץ. אין דער שפּיץ פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון דעם נאַציאָנאַלן לאַגער שטייט טאָקע אַ געוועזענער פירער פון דער „נאַראַ״־פּאַרטיי, אַלזאָ, זייער אַ געניטער פּאָגראָמשטשיק. און די קאָץ־יוגנט האָט שוין געמאַכט אַ „פּאָטשין״ פון איר נאַציאָנאַלער אַרבעט.

דעם ערשטן פּרווו האָבן זיי געמאַכט מיט יידישע פענצטער — ס׳איז

אַרויס זייער גוט. צוויי גרויסע שוי־פענצטער פון יידישע געשעפטן האָבן באַקומען אַ פּאָר גרויסע שטיינער. כדי דער עולם, וואָס איז געוווינט גע־וואָרן, אַז אמתדיקע נאַציאָנאַלע אַרבעט, ווי האַקן יידישע קעפּ, שויבן, פּלייצעס און דאָס גלייכן, מאַכן נאָר „נאַראָ״־לייט, זאָל קיין טעות נישט האָבן, האָבן די קאָץ־לייט זיך געלאָזט אַרעסטירן און ממש געבעטן, אַז מען זאָל זייער העלדישקייט מודיע זיין אין די צייטונגען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מען האָט די דאָזיקע העלדן דעם זעלבן טאָג באַפרייט.

נאָך מער דערפאָלג האָבן זיי געהאַט מיט אויסכאַפּן ביי די „נאַראָ״־לייט דעם סטודענטן־קאַמפּיין, דאָס הייסט, שלעפּן די יידישע סטודענטן פון די רעכטע בענק אויף די לינקע. אין וואַרשע איז פאַראַן אַ טעכנישע שול, וואָס טראָגט דעם נאָמען „וואַוועלבערג־שולע״, ווייל דער געשמדטער ייד וואַוועלבערג האָט זי געגרינדעט און זי פאַרזאָרגט מיט געלט אויך אויף נאָך זיין טויט. און אָט אין דער יידישער, ריכטיקער, פאַר יידיש געלט אויסגעבויטער שול, האָבן די קאָץ־לייט די ערשטע אָנגעהויבן דעם קאַמפּיין קעגן די יידישע סטודענטן. און כדי דער עולם זאָל וויסן, אויף וועמעס חשבון מען דאַרף פאַררעכענען די דאָזיקע פּאַטריאָטישע אַרבעט, האָבן זיי אויף מאָרגן אַרויסגעלאָזט אַ בלעטל, אין וועלכן זיי האָבן זיך באַרימט, אַז זיי האָבן שוין אין איין הויכשול דורכגעפירט, אַז די יידן זאָלן זיצן אויף באַזונדערע בענק.

די יידישע סטודענטן האָבן דאָס אָפּגעלייקנט, אָבער אָך־און־וויי איז צום אָפּלייקענען! — די יידישע סטודענטן שטייען די גאַנצע צייט. די יידישע סטודענטן האָבן זיך געקלאָגט ביים רעקטאָר, און ער האָט זיי גע־ענטפערט זייער לאָגיש: פאַראַיאָרן איז דאָס געווען אַ פאָדערונג פון אַן אָפּאָזיציאָנעלער פאַרטיי, אָבער איצטער ווערט דאָך דאָס דורכגעפירט פון דער יוגנט, וואָס איז אין איין אָרגאַניזאַציע מיט די מיניסטאָרן, ווי־זשע קען ער אַרויסטרעטן קעגן דעם? ווי קען ער, אַ באַאַמטער פון דער רע־גירונג, אַרויסטרעטן קעגן די חברים פון די מיניסטאָרן?

און דאָס קאַפּיטל „באַזונדערע בענק פאַר יידישע סטודענטן״ האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גאָר גרויסן טראַסק: אין לעמבערג האָט מען די יידי־שע סטודענטן נישט צוגעלאָזט צום ביורא, כדי זיך צו פאַרשרייבן אויף אָנקומען אין אוניווערזיטעט; אין וואַרשע שטייען ביים אוניווערזיטעט

„באָיוווקעס“ (שלעגער) און זענען די יידישע סטודענטן מקבל־פּנים מיט שטעקנס. פון ווילנע קומען שוין אויך אָן גרוסן, אַז מען גרייט זיך אַקטיוו צו דעם ווינטער־קאַמפּיין.

און מען מוז גוט זיך אין קאָפּ אַריינגעמען די ווערטער פון רעקטאָר: איצט ווערט די שטעקן־אַרבעט געפירט פון דער יוגנט, וואָס איז אין איין פּאַרטיי מיט די מיניסטאָרן.

מיר האָבן פאָרגעפירט פאַר אונדזערע לעזער 2 ווירקלעכקייטן: מיטינגען, דעמאָנסטראַציעס, רעזאָלוציעס, שאַרפע אַרויסטרעטונגען, רעוואָלוציאָנערע לידער; און אַ צווייטע ווירקלעכקייט — יידישע פּאָגראָמען, לעכער אין יידישע קעפּ, אויסגעשלאָגענע ציין, מורא האָבן זיך צו קלאָגן פאַר דער פּאָליציי, ווייל מען קען נאָך צוצאָלן צו די אויסגעהאַקטע ציין מיט אַ פּאָר מאָנאַטן תפיסה פאַר „באַליידיקן דאָס פּוילישע פאָלק“; מיר האָבן געטאָ־בענק, דורכגעפירט דורך אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס געהערט צום רעגירונגס־לאַגער. איין ווירקלעכקייט איז אַ גייסטיקע, די צווייטע — אַ בלוטיקע; איינע איז אַ טעאָרעטישע; די צווייטע — אַ פּראַקטישע.

אַז סוף כל סוף וועט זיגן די ערשטע, די מענטשלעכע, די דערהויבענע, די באַפרייענדע — אין דעם איז גאָר קיין צווייפל נישט. די פראַגע איז נאָר, ווי האַלט מען אויס ביז דעמאָלט? באַווייזט טאַקע די ערשטע ווירקלעכקייט, וויפל לעבנס־זאַפט פאַרמאָגן אין זיך די פּוילישע יידן, וויפל קאַמף־גרייטקייט, וויפל אָפּפערווייליקייט. און דאָס אפשר איז די איינציקע טרייסט אין לעבן פון די פּוילישע יידן.

15טער אָקטאָבער, 1937.

# יידן לויפן פון פוילן

איך וויל, אַז מען זאָל מיך נישט פאַלש פאַרשטיין, און מען זאָל מיך נישט פאַלש אויסטייטשן. איך האָב קיינמאָל נישט געשריבן און נישט געזאָגט, אַז די פוילישע יידן מוזן אויסוואַנדערן. דאָס וואָלט געווען לע־כערלעך און פאַרברעכעריש. און ס׳איז נישטאָ אין פוילן קיין איין פאַרטיי און קיין איין פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש, וואָס זאָל זאָגן אַזעלכע נאַרישע און שעדלעכע רייד. איך רעכן נישט די רעוויזיאָניסטן און זייערע פירער, וועלכע קנאַקן מיט פראַזעס און שיסן מיט פוסטע לאָזונגען, און זענען נישט פאַראַנטוואָרטונגס־פעאיק.

איך האָב אָבער יאָ געזאָגט, און וועל עס איבערחזרן טויזנט מאָל און וועל וועגן דעם נישט מיד ווערן שרייען אָט וואָס: פאַר די פוילישע יידן איז די אויסוואַנדערונג פון 50 אָדער 60 טויזנט יידן אַ יאָר נויטיק ווי די לופט צום אָטעמען, ממש ווי וואַסער אין אַ מדבר, פשוט ווי ברויט, אָן וועלכן מען קען נישט לעבן. דאָס איז אַ מינימום, אַ צאָל וואָס גיט כאָטש אַ מעגלעכקייט אָפּצואָטעמען, איבערכאַפּן דעם הונגער אין נייע פּרנסות, שאַפן נייע פּאָזיציעס, נייע שטיץ־פונקטן.

דערפון איז שוין געדרונגען, אַז 100 טויזנט אויסוואַנדערער אַ יאָר וואָלט געווען אַ גרויס גליק, וואָלט געווען אַ רעטונג, וואָס וואָלט אין צען יאָר, ווען אפילו אין פוילן זעלבסט וואָלט נישט פאָרגעקומען קיין פּאָלי־טישע ענדערונג, ראַדיקאַל געענדערט די לאַגע פון די יידישע מאַסן און וואָלט זי געמאַכט אַ סך גרינגער.

אין ערשטן פאַל וואָלט די אויסוואַנדערונג צוגענומען דעם גאַנצן נאַ־טירלעכן צוּוווּקס און נאָך מער מיט אַ צען־צוואַנציק טויזנט. מיר האַלטן דאָס פאַר אַ מינימום, ווייל דער גאַנצער אויפוואַקסנדער דור האָט אַבסאָ־לוט נישט פאַר וואָס זיך צו נעמען. ס׳איז גרינג צו זאָגן, אַז מען מוז זיך

האַלטן, אַז מען מוז קעמפן פאַר גלייכע רעכט אויף אַלע געביטן, אַז מען מוז קעמפן פאַר אַ נייער אָרדענונג, ביי וועלכער אַלע וועלן זיין פאַרזאָרגט. אָבער וואָס זאָל מען טון מיט די 40 אָדער 50 טויזנט יידישע בחורים און מיידלעך, וואָס ווערן יעדעס יאָר אַלט 20 און 21 און 22 יאָר, און זיי האָבן אַבסאָלוט נישט צו וואָס זיך צו נעמען? און זיי ווילן דאָך שוין לעבן, שוין עסן, שוין חתונה האָבן, שוין קליידן זיך. וואָס זאָל מען טון מיט אָט די אַלע צענדליקע טויזנטער, וואָס טרעטן יאָר־יערלעך אַריין אין לעבן אָן אַן אָנהאַלט, אָן אַן אָנשפּאַר, אָן אַ האָפענונג, אָן פּערספּעקטיוון? זיי שטייען טאַקע אין פּאָליטישן קאַמף פאַר רעכט; זיי גיבן טאַקע געניג קעמפּער פאַר אַ נייער סאָציאַלער אָרדענונג. אָבער נאָר דערמיט, נאָר מיט פּאָליטישע האָפענונגען קען מען נישט לעבן. און דעריבער לויפן טויזנטער יידן אין אַלע עקן וועלט, לאָזן זיך אויף די ריזיקאַלישסטע וועגן, שטעלן ממש איין דאָס לעבן און זוכן — זיי געפינען ווייניקער ווי זיי האָפן און נאָך ווייניקער ווי זיי דאַרפן, אָבער זיי געפינען.

פאַר די לעצטע 15 יאָר האָבן אויסגעוואַנדערט אין גאַנץ נייע אומ־באַקאַנטע לענדער ווי טשילע, פּאַראַגוויי, אורוגוויי, ווענעזועלע, קאָלאָמביע און אַנדערע לענדער ביז 50 טויזנט פּוילישע, רומעניש און ליטווישע יידן. דאָס זענען געווען די אמתע פּיאָנערן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין באַגריף און קיין פאָרשטעלונג וועגן די דאָזיקע לענדער, וועגן זייערע איינ־וווינער, די לעבנס־באַדינגונגען — און דאָך האָבן זיי זיך געלאָזט אין די דאָזיקע ווייטע און פרעמדע לענדער. און זיי האָבן נישט קיין חרטה! מען הערט נישט פון צוריקגעקומענע. און פאַרקערט, מען הערט וועגן נעמען צו זיך פאַמיליעס און קרובים, וועגן שיקן שטיצע אין די אַלטע היימען, וועגן בויען אַ בעסער און רייכער און זיכערער לעבן אין די דאָזיקע פאַר־וואָרפענע נייע היימען.

אָט די פּיאָנערן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט, נישט געקענט וואַרטן אויף משיחן, אויף רעוואָלוציעס און איבערקערענישן, האָבן עפּעס דער־גרייכט, פאַר זיך און פאַר אַלע פּוילישע יידן. ווייל דער פּאָליטישער קאַמף פון די יידישע מאַסן דאָ, וואָס מוז געפירט ווערן, איז אויף אַ האָר נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן דורך דער אָפּרייזע פון די דאָזיקע עטלעכע צענדליק טויזנט יידן. ער איז אפילו נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן דורך דער אָפּרייזע

אין די לעצטע 15 יאָר פון העכער 200 טויזנט קיין ארץ־ישראל און קיין אַמעריקע. אָט די 300 אָדער 350 טויזנט יידן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט פון פוילן אין די לעצטע 15 יאָר, האָבן נישט אָפּגעשוואַכט אויף אַ האָר די פּאָליטישע אַקטיוויטעט פון די יידישע מאַסן. ס׳איז אָבער גאָר נישט אָפּ־צושאַצן, אויף וויפל זיי האָבן פאַרגרינגערט די עקאָנאָמישע נויט, אויף וויפל זייער שטיצע פאַר די געבליבענע ראַטעוועט פון הונגער טויזנטער און צענדליקער טויזנטער.

אַלע זענען מקנא די אָוועקגעפאָרענע! אַלע קוקן אויף זיי ווי אויף גליק־לעכע, ווי אויף די געראַטעוועטע!

פאַרוואָס זענען אַלע מקנא? ווייל די ציוניסטן פּרעדיקן, אַז מען דאַרף אויסוואַנדערן קיין ארץ־ישראל? ווייל די ציוניסטן זאָגן צו אויפצובויען אַן אייגענעם יידישן שטאַט? ווייל אַזעלכע ווי דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האַלטן, אַז אימיגראַציע איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין יידישן לעבן און מען קען אים נישט פאַרשרייען?

אָ, ניין! ס׳זענען פאַראַן אַ סך, אַ סך וויכטיקערע אורזאַכן: אורזאַכן וואָס שמייסן ווי מיט אייזערנע בייטשן; אורזאַכן וואָס טרייבן אין עק וועלט, וואָס יאָגן און מאַכן לויפן, און לאָזן נישט הערן קיינע קלוגע אַגיטאַציעס און קיינע חכמהדיקע עצות.

און אָט זענען זיי:

אין דאָרף סאַנדיניעוו (נישט ווייט פון קעלץ) איז די טעג געווען אַ רעליגיעזער יום־טוב. זענען זיך צונויפגעפאָרן צענדליקע טויזנטער פּויערים. און עס זענען אויך געקומען הענדלער יידן און אויך נישט־יידן מיט שטעלעס — אָבער איידער די יידן האָבן נאָך אויסגעפּאַקט די סחו־רות, האָבן זיך דערהערט געשרייען: פּוילן פאַר פּאָליאַקן! נידער מיט די יידן! און די יידן האָבן באַלד פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

די אַנטיסעמיטישע צייטונג, וואָס ברענגט די דאָזיקע ידיעה, איז שטאַרק צופרידן. דער עיקר איז זי צופרידן, וואָס די יידן האָבן זיך נישט געעקשנט און גלייך אַנטלאָפן. זיי האָבן פאַרשפּאָרט די נאַראָדאָוועצעס אַ פּאָגראָם־אַרבעט. אמת, די נאַראָדאָוועצעס זענען נישט קיין פוילע און געבן מיט אַ מעסער אַ יידן איז פאַר זיי אַ גאַנץ גרויסער פאַרגעניגן, אָבער פאַר די פירער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי איז דאָך יעדער פּאָגראָם פאַרבונדן

מיט אומאַנגענעמלעכקייטן. זענען זיי צופרידן, וואָס אָן אַ פּאָגראָם האָט זיך איינגעגעבן אָפּהאַלטן אַ זיג.

פּאָליטיש גערעדט איז דאָס געוויס שעדלעך — מיר מוזן קעמפן פאַר יעדער פּאָזיציע, פאַר די קלענסטע רעכט, און שוין אוודאי און אוודאי פאַר די רעכט אויף לעבן: ווייל רעכט צו האַנדלען הייסט רעכט צו לעבן. איך וואָלט אָבער געוואָלט זען דעם דרייסטן יידישן רעוואָלוציאָנער, וועלכער זאָל נישט זיצן אין רעדאַקציע און שרייבן, אַז מען דאַרף זיך נישט אונטערגעבן און מען דאַרף זיך נישט לאָזן פאַרטרייבן, און מען דאַרף קעמפן פאַרן רעכט אויף לעבן, נאָר ער זאָל אויפן דאָזיקן מאַרק, אין דער אָנוועזנהייט פון די טויזנטער אויפגערייצטע און אָנגערייצטע פּויערים, האַלטן אַ דרשה און פאָדערן פון די אַנטלויפנדיקע יידישע קרעמער אויפפּאַקן די סחורות און האַנדלען. דערווייל זענען נאָך אַזעלכע נישט פאַראַן. און אָט וואָס מען דאַרף געדענקען: פאַרוואָס האָבן די דאָזיקע יידן אַזוי גיך זיך אָפּגעטראָגן? ווייל זיי ווייסן זייער גוט, אַז פּשיטיקער און אדזשיוואלער און פּשיסכער און אדזשיווילאָווער, און יידן פון אַנדערע צענדליקע שטעטלעך האָבן זיך געעקשנט, נישט נאָכגעגעבן, זיך נישט געלאָזט פאַרטרייבן, האָבן זיי געכאַפּט קלעפּ און מיט מעסערס און שטעקנס ביז פּאָגראָמען — און האָבן סוף כל סוף געמוזט זיך אונטערגעבן.

זיי האָבן אין האַרצן זיך נישט אונטערגעגעבן; זיי זענען געבליבן טיף באַליידיקט פון דער אומגערעכטיקייט, און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועלן זיי זיך נוקם זיין אין די אמתע שולדיקע פון די דאָזיקע פּאָגראָמען און פאַרטרייבונגען. אָבער וואָס האָבן זיי געטון? געמוזט טון פּראַקטיש? זאָלן זיי זיצן און וואַרטן ביז דער פּוילישער פּויער און פּוילישער אַרבעטער וועלן פאַרשטיין די אמתע סיבות פון אַלע צרות? זאָלן זיי האָדעווען זייערע הונגעריקע קינדער מיטן באַהאַלטענעם טיף אין האַרצן מוט און קאַמף־חשק? זאָלן זיי אַליין זיין זאַט מיט דעם באַליידיקונגס־געפיל און מיט דעם הייליקן צאָרן פון נוקם זיין זיך אין די אָנרייצער און פּאָגראָמשטשיקעס?

ווער וועט האָבן מוט פאַרצולייגן גאָר אַזאַ פּראָגראַם?

טראָגן טאַקע יידן אין זייערע הערצער נישט נאָר צער, נאָר אויך צאָרן. נישט נאָר פאַרדרוס, נאָר אויך קאַמף־חשק. אָבער בשעת מעשה

לאָזט מען זיך אויף אַלע ווענן און שטעגן צו זוכן פּרנסה, ברויט, אַ באַשעפ־טיקונג פאַר קינדער, אַ זיכער אָרט פאַר זיך און פאַר דער פאַמיליע. און מען לויפט נישט נאָר קיין לאָדזש און קיין וואַרשע און אין די נאָענטסטע גרעסערע שטעט, נאָר מ׳זוכט שפּאַרונעס אויף דורכצושטופּן זיך קיין ארץ־ישראל, קיין אַמעריקע, קיין בראַזיליע, קיין מעקסיקע, קיין פּאַראַגווײַ, קיין פּאַריז, קיין בעלגיע, קיין טשילע, קיין אורוגווײַ, קיין שפּאַניע, קיין פּאָרטו־גאַל, קיין מצרים און אין צענדליקע אַנדערע אַלטע און נײַע באַקאַנטע און פרעמדע, נאָענטע און ווײַטע לענדער און מלוכות.

ס׳זענען פאַראַן מיליאָנען אָרעמע און שרעקלעך אָרעמע פּוילישע פּוי־ערים, אַרבעטער און דעקלאַסירטע. און וואָלטן געוועזן אָפענע טויערן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פון קאַנאַדע, אַרגענטינע, פון פראַנקרײַך אָדער בעלגיע, וואָלטן זיי אויסגעוואַנדערט מיט שמחה און טאַנץ. עס זענען פאַ־ראַן נאָך אָרעמערע, נאָך אומגליקלעכערע, נאָך הונגעריקערע מיליאָנען אוקראַינער און ווײַסרוסן. — וואָלטן די נאָר וואָס אויסגערעכנטע לענדער, באַקאַנטע און שוין פון לאַנג באַזעצטע מיט גרויסע מאַסן פון די דאָזיקע פעלקער, געווען אָפן, וואָלט מען אַהין געלאָפן ווי אין אַ גן־עדן. אָבער די דאָזיקע גן־עדן לענדער זענען פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער. זיצט מען אין דער היים, זיי פּרווון נישט קיין גליק אין ווענעזועלע און אין קאָ־לאָמביע, אין פּאַראַגווײַ און אורוגווײַ, אין טשילע און אין פּערו. די לעצטע יאָרן קומען אפילו אַ 30 אָדער 40 טויזנט פּאָליאַקן יערלעך צוריק פון פראַנקרײַך און בעלגיע, און זיי שפּאַרן זיך צוריק אַרײַן אין די הונגע־ריקע דערפער און אין די פאַרשמאַכטע שטעט. אָט די צוריקוואַנדערער מיט אַ ביסל קאַפּיטאַל, מיט אָפענע אויגן, מיט רירעוודיקע נשמות, מיט שטאַרקערע עלנבויגנס ווערן די געפערלעכסטע קאָנקורענטן פאַר די יידי־שע קליינהענדלער און בעלי־מלאכות.

ביי יידן זענען נישטאָ קיין צוריקוואַנדערער. טויזנטער יידישע בחורים־לעך דרייען זיך אַרום אין פּאַריז אָן אַ קאַרטע אויף רעכט צו אַרבעטן, אַרבעט מען אין געהיים, פאַר האַלב געלט, מיט אַ מורא נישט געפּאַקט צו ווערן און אַרויסגעשיקט צו ווערן, און מען זיצט, אַבי נישט צוריק קיין פּוילן. און ווען ס׳איז שוין קיין אַנדער ברירה נישטאָ און מען מוז פאָרן, וואַנדערט מען איבער צענדליקע לענדער, מען בעטלט און ס׳צאַפּט

זיך דאָס בלוט פון בזיון. מען שלעפּט זיך אַרום פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד, און אָפט פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט, אַבי נישט צוריק קיין פּוילן. מיר זענען באַקאַנט פאַקטן, ווען אַ יידיש בחורל פון 20 יאָר האָט אויסגעוואַנדערט 18 לענדער, און איז צום סוף דאָך פאַרשליידערט געוואָרן אין פאַרשאָלטענעם פּוילן. און דאָ האָט ער זיך געמוזט שטעלן מיט שניפּסלעך אויפן מאַרק און שלעפּן ביי די פּאָלעס אַלע דורכגייער און פאַרקויפן אַ שניפּס איינעם פון הונדערט און ציטערן אַלע פינף מינוט פאַר אַן אַנדער פּאָליציאַנט און זיך באַהאַלטן און זיך פאַרשטעקן אין אַ באָענטן הויף. און איך קען פאַרזיכערן, אַז דער דאָזיקער צוואַנציק יעריקער וואַנדערער איז געווען ווייט נישט פון די ערגסטע — קוואַליפיצירטער וועבער, אַ באַוווסטזיניק, אַנטוויקלט יינגל, אַ גאַנץ נאָרמאַלער און געזונ־טער מענטש, וואָס האָט נישט געקענט אויסשטרעקן די האַנט נאָך אַ נדבה, נאָר האָט זיך אויסגעלערנט, זיך געמוזט אויסלערנען נעמען אין אַ פּאָר צענדליקע שטעט שטיצע פון די יידישע קהילות, כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער און נישט וואַרפן זיך אין טייך.

פּאַרוואָס־זשע קומען אָרעמע פּאָליאַקן צוריק אין זייער אָרעמע, דלות־דיקע היים און יידן לויפן פון דער דאָזיקער אַלטער היים אין אַלע עקן וועלט, אין פרעמדע קלימאַטן, אין די ווילדסטע ערטער, אַבי אַנטלויפן, אַבי זיך אַרויסצורייסן פון גיהנום?

ווייל אויף דעם אָרט אין מינסק־מאַזאָוויעצק, וווּ מען האָט פאַרברענט בשעתן פּאָגראָם אַ יידישע בודקע, און די יידישע קהילה האָט געמוזט באַ־צאָלן 6 זלאָטעס פאַר אָפּרייניקן די האָלאָוועשקעס — אָט אויף דעם אָרט שטייט שוין איצט אַ נייע בודקע, און די באַלעבאָסטע איז די טאָכטער פון דעם דאָרטיקן פּאָסט־באַאַמטן, פאַרשטייט זיך אַ קריסטין.

און דער ייד, וואָס איז אַוועק פון מינסק־מאַזאָוויעצק, וואָס האָט אין דער פאַרברענטער בודקע פאַרברענט אַלע זיינע האָפענונגען אויף פּרנסה אין דער שטאָט, ווו ער איז געבוירן און אויפגעוואַקסן געוואָרן — וואָס זאָל ער טון? זאָל ער טראַכטן וועגן ענדערן דעם פּאָליטישן רעזשים, אָדער זוכן פּרנסה אין אַן אַנדער שטאָט, אָדער גאָר אין אַן אַנדער לאַנד? זאָל ער זיך שעמען, וואָס ער טרעט אָפּ אַ פּאָזיציע און גיט זיך אונטער פּאָ־גראָמשטשיקעס, אָדער ער זאָל אָנשטרענגען אַלע זיינע יידישע כוחות,

אַרויסרופן אַלע זיינע וואַנדער־ירושות, וואָך מאַכן אַלע זיינע ריזיקע פּע־איקייטן און זיך לאָזן אין פרעמדע וועלטן זוכן אַ נעסט פאַר זיינע קינדער? און זיינע 15 יאָריקע און 16 יאָריקע און 17 יאָריקע קינדער — זאָלן זיי זיך אַוועקזעצן וואַרטן ביז דער פּוילישער אַרבעטער־קלאַס וועט ווערן באַ־ווסטזיניק און ביים פּוילישן פּויער וועט זיך עפענען דער מוח און זיי וועלן מאַכן אַ סוף צום פּאָגראָם סדר און דער ייד וועט זיי העלפן איבער־קערן די מיאוסע ווערעמדיקע וועלט, אָדער זיי זאָלן פאָלגן דעם געשריי פון זייער געזונטן מענטשלעכן אינסטינקט און זיך לאָזן קיין ארץ־ישראל, קיין ביראָבידזשאַן און אפילו אין עק וועלט, אַבי אָנהויבן בויען אַ ניי לעבן, אַן אומאָפּהענגיק לעבן?

פּאַקטיש ווערן אָט די דריי אָדער פיר אָדער פינף קינדער פון אַזאַ רואינירטן יידן, אָדער פון אַ קאַנדידאַט אויף רואינירט צו ווערן, פּאַרטיילט אויף עטלעכע מחנות: דער פּאַטאַלאָגיש־טעמפּעראַמענטפולער, דער אומ־געדולדיקסטער, דער, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט די גאַנצע פאַרצווייפּ־לונגס־שנאה צום איצטיקן ווערעמדיקן קאַפּיטאַליסטישן סדר, וואָס זידט און קאָכט פון האַס און אומגעדולד, אָט דער גייט צו די קאָמוניסטן. און כדי זיך אָנצושפּאַרן אויף אַ פעסטערן באָדן, ווי די יידישע סביבה, וואַרפט ער זיך אַריין אין דער ווייס־רוסישער אָדער אוקראַינישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און מיט פּאַנאַטישער עקשנות און ממש מיט משוגענעם פּאַנאַטיזם רעדט ער אין געריכט נאָר ווייס־רוסיש אָדער נאָר אוקראַיניש, און באַ־קומט צו די געוויינלעכע אַכט יאָר נאָך אַ פּאָר יאָר טורמע און צו די גע־וויינלעכע קלעפּ נאָך אַ מתנה פון אַ פּאָר צענדליק קלעפּ.

ער ברענט מער מיט שנאה צו דער אַלטער וועלט, ווי מיט ליבע צו דער נייער. אים איז וויכטיקער דאָס איבערקערן די אַלטע וועלט, ווי אויפ־בויען די נייע. אפילו ביראָבידזשאַן רייצט אים מער מיט זיין צו־להכעיס צום ציוניזם, ווי מיט זיין פּאָזיטיווער זייט פון אַ זעלבסטשטענדיקן שטאַט.

זיין ברודער, אויך מיט אַ זודיקן טעמפּעראַמענט, אויך מיט שנאה צום אַלטן סדר, אָבער נאָך מיט אַ גוואַלדיקער פאַראַכטונג צום יידישן האַנדל, צו דער יידישער לאַנדלאָזיקייט, צו דער יידישער פּאַרמיטלעריי אין עקאָ־נאָמישן און גייסטיקן לעבן, צו דער יידישער צווישנקייט און אָפּהענגיקייט אפילו אין אַ רעוואָלוציע מאַכן, מיט אַן אומגעהויערער בענקשאַפט צו־

גאַנצקייט, צו זעלבסטקייט, צו זעלבשטענדיקייט, צו שעפערישקייט, צו זיכערקייט, צו וואָרצלקייט, דערביי אָנגעלאָדן מיטן גאַנצן באַגאַזש פון טרוימען פון אַ סך דורות און פון בענקשאַפט צו אויסלייזונג און צו משיחס צייטן — אָט דאָס יידישע קינד גייט אין קיבוץ, האַקט האָלץ מיט געזאַנג, שלעפּט קלעצער מיט פרייד, אַרבעט און אויסלייזונג ווערן זיינע געטער, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע גאולה ווערן די לעבנס־מאָטאָרן און ער לויפט קיין ארץ־ישראל בויען און שאַפן, און אַז נויטיק אויך שטאַרבן.

דער דריטער, דער רואיקער, דער מוחדיקער, דער קעלטערער, דער קאָנסערוואַטיווער, דער מיושבדיקער, דער ניכטערער, דער אָפּהענ־גיקער, דער צו דער ערד געבונדענער, דער פאַנטאַזיע־אָרעמער, דער וויי־ניקער אָפּפער־גרייטער, דער טריט ביי טריט גייענדיקער, דער טעאָריע־געפּענטעטער, דער רעוואָלוציאָנערער יורש פון דער יידישער אויסגערעכנט־קייט און נאַציאָנאַלישקייט — אָט דער גייט אין „בונד״, וואָס איז אַזוי רייך אין פרעמדער ירושה און אַזוי אָרעם אין דער אייגענער, וואָס וויל אי־בערבויען און נישט איבערקערן, וואָס וויל געבראַכט ווערן צום גן־עדן און נישט אַריינרייסן זיך אַהין, וואָס וויל אַן אַנדערע וועלט, אַ בעסערע, אָבער נישט קיין גאָר נייע, פון דאָס ניי געשאַפענע, וואָס פון דעם גאַנצן יידישן טויזנט יאָריקן קולטור־אוצר געדענקט ער נאָר איין פסוק: „לא אצא חפשי!״ איך וויל נישט קיין אייגן לאַנד, איך וויל נישט אַרויס פון גלות.

אָבער חוץ די דריי אויסגערעכנטע, פאַרמאָגט נאָך אונדזער מינסקער רואינירטער ייד נאָך עטלעכע קינדער. און אַ פּאָר לאָזן זיך אין אַלע עקן וועלט פשוט צו זוכן פרנסה, פשוט צו זוכן ברויט. און ווער וועט וואַרפן אַ שטיין אין זיי? ווער וועט זיי דערקלערן פאַר פאַררעטער אָדער פּחדנים? און ווער וועט זאָגן, אַז מען דאַרף פאַר זיי נישט זאָרגן און זיך נישט באַמיען, אַז פון זייערע לויפענישן פאַר זיך, פאַר איינצעלנע, זאָל אפשר אַרויסקומען אויך אַ נוץ פאַר דעם כלל? ווער וועט דערקלערן די דאָזיקע פשוטע יידן פאַר שטיפקינדער?

און זיצט מען דאָ אין פוילן און מען לעבט מיט דעם גיהנום־לעבן פון די יידישע מאַסן, קען מען נישט זאָגן, אַז מען זאָל נישט רעדן וועגן

דער אויסוואַנדערונג און מען זאָל נאָר דערקלערן דער פּוילישער רעגירונג, אַז מיר לעבן אין פּוילן און מיר ווילן בלייבן אין פּוילן.

וואָרום וואָס זאָלן טון די פּשיטיקער יידן, ווען נאָכן פּאָגראָם און נאָך דעם פּיינעם אורטייל אין ראַדאָם איז געקומען אַ מתנה, אַז דער דאָזיקער יאַריד ווערט איבערגעטראָגן פון פּשיטיק אין נאָענטן דאָרף? אַלזאָ, בלייבן עטלעכע הונדערט יידישע משפחות אָן ברויט, אָן האָפענונג עפּעס צו פאַר־דינען, אָן אויסזיכטן אין פּשיטיק צו לעבן. זאָלן די עטלעכע הונדערט יידישע משפחות וואַרטן ביז דער פּוילישער משיח וועט קומען און וועט זיי אויך אויסלייזן? זאָלן זיי זיך פאַרנעמען מיט פּאָליטישע אַגיטאַציע, צי זוכן אויף הוצאות און אַנטלויפן? און אַז מיר ווילן זיי זאָגן טויזנט מאָל, אַז אַנטלויפן איז מיאוס, אַנטלויפן איז פּאָליטיש שעדלעך און סיי ווי קענען נישט און ווילן נישט אַנטלויפן קיין דריי מיליאָן יידן, ווילן זיי דען הערן אונדזערע רייד? ווילן זיי דען נישט קוקן אויף אונדז ווי אויף משוגעים, ווי אויף הימל־מענטשן, וואָס פילן נישט דעם טעם פון ערד־גיהנום?

און אָט בשעת איך ענדיק דאָס דאָזיקע אַרטיקל איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אין דזשעדזשגאָוו, ביי פּראַשניץ, איז נעכטן, דאָנערשטיק, דעם 2טן יולי, פאָרגעקומען אַ פרישער פּאָגראָם מיט העכער 20 פאַרוווּנדעטע. עס איז געווען אַ יאַריד און די ענדעקישע כוליגאַנעס האָבן גערייצט, מען זאָל נישט קויפן ביי יידן. עס איז געווען אַ נערוועזע שטימונג. ערלעכע קריסטן האָבן געראָטן די יידן איינצופּאַקן די סחורות באַצייטנס און אַוועק־פאָרן. אָבער די יידן האָבן זיך נישט געכאַפּט, ווייל מען מוז דאָך לעבן, מען מוז דאָך עסן, און אַז מען פאַרדינט נישט, האָט מען נישט צו עסן. האָט מען זיך געהאַלטן ביז אַרום 3 אַזייגער. און טאַקע ווען די יידן האָבן שוין אָנגעהויבן פּאַקן די סחורות, איז מען אָנגעפאַלן מיט שטיינער, מיט שטעקנס און מיט מעסערס און מען האָט געשלאָגן און געשטאָכן. אַ יידיש מיידל קירשענבוים האָט מען מיט אַ מעסער שווער פאַרוווּנדעט. אין אַל־געמיין זענען פאַראַן העכער 20 פאַרוווּנדעטע. אויך צוויי קריסטן זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן, אָבער נישט פון יידן, נאָר ווייל מען האָט זיי אָנגענומען פאַר יידן. די פּאָליציי, וועלכע איז באַשטאַנען אינגאַנצן פון דריי מאַן, האָט גאָר נישט געטון.

וואָס־זשע זאָל מען זאָגן די פּראַשניצער יידן, וועלכע האָבן געהאַט

אַזאַ יאַריד? אַז זיי זאָלן דאָך פֿאָרן און פֿאָרן? און ווי זאָל מען ווירקן אויף זיי, אַז זיי זאָלן נישט טראַכטן וועגן עמיגראַציע, אַז זיי זאָלן נישט צונויפֿ־נעמען אַלע זייערע לעצטע כּוחות און אַלע רעשטן ענערגיע און שטרעבן צו אַנטלויפֿן ערגעץ־וווּ?

און ווי באַלד פּראַשניצער און פּשיטיקער, און מינסקער, און פּשיסכער, און אַדזשיוואָלער און אַ סך אַנדערע יידן טראַכטן וועגן אויסוואַנדערונג, מוז אויך די יידישע געזעלשאַפֿטלעכקייט טראַכטן און זאָרגן וועגן עמי־גראַציע.

אָבער דאָס הייסט נישט, אַז אַלע פּוילישע יידן קענען און וועלן אויס־וואַנדערן. מיליאָנען יידן מוזן און וועלן בלייבן אין פּוילן און דעריבער מוז מען קעמפֿן מיט אַלע קרעפֿטן פֿאַר פֿולע גלייכבאַרעכטיקונג. אויסוואַנ־דערונג איז נאָר אַ רפֿואה אויף פֿאַרגרינגערן דעם חולה די לאַגע, אויף אויפֿצוהאַלטן זיין געזונט אויף בעסערע צייטן, אויף אָפּפֿרישן זיינע כּוחות, וואָס האַלטן ביים אויסגיין. מיט רפֿואות אַליין קען מען נישט לעבן, אָבער אָן זיי קען מען אַמאָל אויך אויסציִען די פּיס.

25סטער יולי, 1936.

# געטאָ-בענק

שוין צוויי וואָכן, אַז די וואַרשעווער יידן רוען זיך אָפּ. מען וויל שוין באַלד פּראַווען אַ יובילײ. צוויי וואָכן האָט מען געפּלעט קעפּ און געבראָכן שויבן און איצט איז אַ פּויזע, אַן אָפּרו. דאָס הייסט נישט, אַז מען האָט איינגאַנצן אויפגעהערט שלאָגן. מען שלאָגט אויך איצט, נאָר נישט אויף די הויפּט־גאַסן, נישט ביים ליכט פון טאָג, נאָר אין דער פינצטערניש פון נאַכט. מען שלאָגט אויך איצט, נאָר נישט מאַסן, נאָר איינצעלנע, און יעדן טאָג האָבן מיר פונדעסטוועגן אַ דריי־פיר פאַרוווּנדעטע. דריי־פיר איז אָבער פאָרט נישט צוואַנציק און נישט דרייסיק. איז מען גרייט צו לויבן גאָט און די וואָס האָבן געהאָלפן דעם רבונו של עולם אָפּצושטעלן אַן אומ־אויפהערלעכן מאַסן־פּאָגראָם. מען גייט נאָר אַרום און מען פרעגט: אויף ווי לאַנג? און כדי צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע, מוז מען וויסן פאַרוואָס מען האָט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט די פּאָגראָמען.

זאָגן אייניקע, אַז פון די „הויכע פענצטער" האָט מען גערופן די פּי־רער פון די פּאָגראָם־פּאַרטייען, און מ'האָט זיי געראָטן אָפּצושטעלן די פּאָ־גראָמען, און מ'האָט זיי דערפאַר צוגעזאָגט אַ שיינע מתנה, די „געטאָ־בענק" אין די אוניווערזיטעטן.

די מתנה איז אָנגענומען געוואָרן, און ס'איז באַלד געוואָרן שטיל.

ס'איז נאָך פאַראַן אַן אַנדערע מיינונג: די פּוילישע רעגירונג האָט דאָס מאָל געהאַנדלט אין גייסט פון איר פּראָגראַם, אָן וועלכן זי האַלט זיך שוין צוויי יאָר. טאַקע לאָזן שלאָגן, טאַקע לאָזן אָנברעכן יידישע ביי־נער, טאַקע לאָזן פאַרניכטן יידיש האָב און גוטס, אָבער אַלץ מיט אַ מאָס, נישט דערלאָזן אַז דער יידישער פּאָגראָם זאָל ווערן געפערלעך פאַרן גאַנצן מלוכה־לעבן. צוויי וואָכן אין וואַרשע, אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד,

אַ פּאָר הונדערט פאַרוווּנדעטע, נאָך אַ פּאָר הונדערט גרינג צעשלאָגענע, אַ פּאַניק וואָס האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט צעמישט און דערשלאָגן די וואַרשעווער יידן, וואָס האָט אין אַ גאַר גרויסער מאָס פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע־שטימונגען. דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן, און מען האָט געמאַכט אַ סוף.

ס׳זענען פאַראַן מענטשן, וואָס גלויבן, אַז די פּראָטעסטן אין אויס־לאַנד האָבן אויך אַ ביסל געהאָלפן.

איינס איז קלאָר: ווי באַלד נאָר די רעגירונג האָט געוואָלט, איז גע־וואָרן שטיל. דערפון דרינגען די יידן, אַז אויב ס׳איז פריער נישט געווען שטיל, אויב פריער האָט מען גאַנצע צוויי וואָכן געווילדעוועט און גע־הרגעט, איז אַ סימן אַז די, וואָס קענען אַזוי גיך און אַזוי גרינג אָפּשטעלן אַ פּאָגראָם, האָבן פריער נישט געוואָלט אָפּשטעלן.

אָבער דערווייל איז שטיל אין וואַרשע. וואָלטן דאָך יידן באַדאַרפט זיין צופרידן. איז ניין. אַן אומדאַנקבאַר פאָלק. נישט נאָר מען איז נישט צופרידן, נאָר מען פאַרשילט דעם טאָג, ווען דער פּאָגראָם האָט אויפגעהערט. דער פּאָגראָם אין גאַס האָט אויפגעהערט, אָבער אין דעם אייגענעם טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַנדער פּאָגראָם, אַ פיל ערגערער, אַ פיל געפערלעכע־רער, אַ פיל באַליידיקנדיקערער, וואָס ברענגט מיט זיך שרעקלעכע רעזול־טאַטן. די מתנה, מיט וועלכער מען האָט זיך אויסגעקויפט ביי די כוליגאַ־נעס, די „געטאָ־בענק״, דאָס האָט געטראָפן די יידישע באַפעלקערונג ווי אַ דונער.

עס איז שווער צו פאַרשטיין, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז נישט געקוקט אויף די פּאָגראָמען, וועלכע ציען זיך שוין מער ווי צוויי יאָר; נישט געקוקט אויף אַלע פאַקטישע באַגרענעצונגען אין עקאָנאָמישן לעבן, אין די אוני־ווערזיטעטן, אין פּאָליטישן לעבן; נישט געקוקט אויף אַלע דערקלערונגען פון מאַכט־פולע מענטשן, אַז יידן זענען נישט און קענען נישט זיין קיין גלייכבאַרעכטיקטע בירגער — האָבן יידן זיך נישט געריכט אויף דעם דאָ־זיקן אָפיציעלן שטיין אין קאָפּ. גייט מען אַרום דערשלאָגענע, דערנידע־ריקטע, און מ׳הויבט ערשט אָן צעקייען דעם אמתן זין פון די פייניקונגען ביז איצט, און מיט וואָס דאָס שמעקט אין דער נאָענטער צוקונפט. און ממש פון די יידישע פּלייצעס קען מען אַראָפּלייענען די פאַראורטיילטקייט,

די געפּאַלנקייט. די יידישע פּלייצע האָט זיך נאָך מער איינגעבויגן, האָט זיך נאָך מער אויסגעקרימט, און דער קאָפּ איז נאָך מער אַריינגעקראָכן אין די אַקסלען.

געטאָ־בענק! — און פון צען טויזנט סטודענטן אין וואַרשעווער הויכ־שולן האָבן זיך גאַנצע דרייסיק געזעצט אויף די באַזונדערע יידישע בענק. און גיי זיי בישט קיין פּעסימיסט! איך רעכן, אַז די אַלע, וועלכע האָבן צו מיר געהאַט טענות, אַז איך זע צו־שוואַרץ, אַז איך מאָל די בילדער מיט צו־געדיכטע שוואַרצע פאַרבן, וועלן איצט צו מיר האָבן טענות, אַז איך האָב צו־שוואַך געשריען, אַז איך האָב נישט גענוג פאַראויסגעזען ווי וויט מיר קענען פאַלן אין פּוילן. האַלט איך איצט פאַר מיין חוב אויסצושרייען ווי נאָר מעגלעך הילכיק, אַז מיר האַלטן ערשט ביים אָנהויב פון דער פּוי־לישער אינקוויזיציע. וואָרום פריער איז דאָס געווען די פאָדערונג פון דער אָפּאָזיציע, און די רעגירונג האָט נאָר געדולדעט. איצט איז דאָס געוואָרן די אָפיציעלע פּראָגראַם פון דער רעגירונג.

און די אַפּעטיטן וואַקסן. אָט וואָס עס שרייבט אַן „ענדעקישע" אַנטי־סעמיטישע צייטונג:

„די פאָדערונג פון דירעקטאָרן וועגן די געטאָ־בענק איז אָן צווייפל געקומען מיט דער איינשטימונג פון דער רעגירונג. דער עקשנותדיקער קאַמף פון דער פּוילישער יוגנט איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ פולשטענ־דיקן זיג. די אַקאַדעמישע געטאָ איז אַ ווירקלעכקייט. שוין פריער איז פאַרווירקלעכט געוואָרן דער פּרינציפּ פון „נומערוס קלאַוזוס". איצט ווערט די אויסזיכט אויף אַ „נומערוס נולוס". מיר גייען פאָראויס אויף דער גאַנ־צער ליניע! די יידן טרעטן אָפּ אויף דער גאַנצער ליניע! דער ערשטער עטאַפּ פון קאַמף פאַר דער אַנטי־יידישונג פון די הויכשולן איז פאַרענדיקט; די יידן וועלן שוין זיצן באַזונדער. דער פולער זיג איז נישט וויט, „מיר וועלן פון די יידן פּטור ווערן".

און די כוליגאַנישע צייטונג האָט אַבסאָלוט רעכט זיך צו פרייען. איר זיג איז ווירקלעך נישט וויט. פאַראַיאָרן האָט מען נאָך אָנגענומען 10 פּראָ־צענט יידן אין די הויכשולן. היינטיקס יאָר — שוין נאָר 5 אָדער 6 פּראָצענט. אין וואַרשעווער טעכניקום האָט מען אָנגענומען: אויף אינזשעניעריע — אויף 141 סטודענטן, 4 יידן; אויף עלעקטריק־קורסן — אויף 97 סטו־

דענטן, 4 יידן; אויף מעכאַניק — אויף 174 סטודענטן, 4 יידן; אויף אַרכי־טעקטור — אויף 68 סטודענטן, 1 ייד; אין אוניווערזיטעט, אויף מעדיצין — אויף 100 סטודענטן, 7 יידן; אויף יורי (לאָאַ) — אויף 350 סטודענטן, 11 יידן; אויף דענטיסטיק — אויף 105 סטודענטן, 13 יידן. אין דער פּראָווינץ איז נאָך ערגער.

וואָס טוען די יידן? איך מיין, חוץ קרעכצן און קריצן מיט די ציין פון מאַכטלאָזיקייט. די סטודענטן האָבן באַשלאָסן אַ 7־טאָגיקן שטרייק. די דעפּוטאַטן פון סיים און סענאַט זענען געלאָפן צו די פאַרשידענע מי־ניסטאָרן און זענען צוריקגעקומען מיט נאָך מער אַראָפּגעלאָזענע קעפּ ווי פריער. און מען דאַרף געדענקען, אַז דער איצטיקער בילדונגס־מיניסטער געהערט צו דער לינקער גרופּע פון פּילסודסקיס לאַגער. די יידישע פּאַר־טייען האַלטן אויך אָפּ באַראַטונגען, אָבער בסוד־סודות, וואָרום יעדע פּאַרטיי האָט מורא מען זאָל איר נישט אויסכאַפּן דעם קאַמף. וועגן צונויפרעדן זיך פאַר אַן אַלגעמיינעם קאַמף אין דער דאָזיקער טראַגיש־געפערלעכער צייט טראַכט נישט קיינער. וואָרום ווי מעגן זיך אינאיינעם פּאַרטיידיקן פּראָלע־טאַריער מיט סתם קבצנים? ווי אַזוי מעגן זיך זעצן ביי איין טיש סאָציאַ־ליסטן מיט ציוניסטן?

עס איז אָבער ערשט אַן אָנהויב: אין אומגעפער צען שטעט האָבן די בעלי־עגלות אויך איינגעפירט אַ געטאָ. די יידישע בעלי־עגלות מוזן שטיין באַזונדער, און חוץ דעם טראָגן די נישט־יידן נאָך בלעכלעך אויף די היטלען, וועלכע שרייען אַז זיי זענען קריסטלעכע בעלי־עגלות, דאָס הייסט די באַלעבאַטים פון לאַנד, די מיוחסים.

און אין נאָך מער שטעט זענען שוין איינגעפירט געטאָס אויף די מערק. די יידן שטייען באַזונדער, און אָפּט איז נאָך דאָ אַ שילד וואָס שרייט, אַז דאָ שטייען קריסטן; און ערלעכע, פרומע פּאָליאַקן קויפן נאָר ביי קריסטן.

און דאָס יאָר אין די פאָלקס־שולן האָט זיך אויך אָנגעהויבן מיט באַזונדערע בענק פאַר יידישע קינדער: די גאָר־קליינע פּאַטריאָטלעך, די אַכט־יאָריקע און ניין־יאָריקע קינדער, האָבן אָנגעהויבן שלעפּן יידישע קינדער אויף באַזונדערע בענק. אין אַ סך שולן האָבן די לערער און לע־רערקעס שטאַרק אָנגעקוואָלן פון די קליינע אַנטיסעמיטלעך און האָבן

טאַקע דורכגעפירט, אַז יידישע קינדער זיצן באַזונדער. עס זענען אויך געווען לערער, וואָס האָבן די קליינע פּאַטריאָטלעך אָפּגעקילט, און זיי געהייסן זיך פאַרלאָזן אין דער פראַגע אויף די דערוואַקסענע כוליגאַנעס. אָבער אַזעלכע לערער זענען געווען ווייניק.

די בעלי־עגלות, די הענדלער און די קלייניאַריקע כוליגאַנדלעך האָבן אַליין געפּסקנט, אַז זיי קענען נישט מטמא זיין זייערע „אַרישע" אָדער נאַרישע קערפּערס מיט זיין צו־נאָענט צו יידן. אָבער אַז די דערוואַקסענע סטודענטן, די קומענדיקע אינטעליגענץ פון פאָלק, קענען נישט זיצן אויף איין באַנק מיט יידן, האָט שוין געפּסקנט די רעגירונג. איז זיך לייכט פאָר־צושטעלן, וואָס פאַר אַ פאַרפלייצונג עס וועט ווערן פון באַזונדערע בענק און פון באַזונדערע מערק און פון באַזונדערע רעסטאָראַנען און פון באַ־זונדערע טעאַטערס, און פון באַזונדערע מוזייס, און גאָט ווייס וואָס פאַר אַ באַזונדערע זאַכן די כוליגאַנעס פון פאַרשידענע סאָרטן און פאַרבן וועלן דאָרטן אויסטראַכטן.

און אפשר וועלן גאָר פּריוואַטע מענטשן זיך נישט דאַרפן ברעכן דעם קאָפּ צוצוטראַכטן ווי אַרויסצושטויסן און אָפּצושטויסן די יידן. עס איז זייער וואַרשיינלעך, אַז די רעגירונג וועט זיי פאַרשפּאָרן די דאָזיקע אַרבעט.

מיר שטייען ערב גאָר גרויסע און גרינטלעכע ענדערונגען אין דער רעגירונג און אין דער גאַנצער אינעוויייניקסטער פּאָליטיק. דער „פירער", דער שאַפער פון נאַציאָנאַלן לאַגער, קאָץ, קלייבט זיך ווערן דער אמתער און מסתמא דער איינציקער באַלעבאָס איבער פוילן. עס גייען אָן אַ גאַנ־צע וואָך באַראַטונגען אין שלאָס פון פּרעזידענט און דער רעגירונג מיט הער קאָץ. פון שמועסן מיט זיינע אונטערפירער איז געוואָרן קלאָר, אַז מען קלייבט זיך איבערצוגעבן די מאַכט דער קאָץ־גרופּע. און די לעצטע, וואָס האָט שוין אין אירע רייען נישט ווייניק איבערלויפער פון אַנטיסע־מיטישן לאַגער, קלייבט זיך נישט נאָר איבערצונעמען די גאַנצע פּראָגראַם פון די פאַרביסענע אַנטיסעמיטן, נאָר טאַקע זיי איינלאַדן צו דער מאַכט.

קען מען זיך ריכטן אויף „ישועות" פאַר יידן.

איך קען נישט פאַרשווייגן, אַז אויך דער לינקער לאַגער שלאָפט נישט. ער נעמט אָן גאַנץ שאַרפע רעזאָלוציעס. ער שיקט דעלעגאַציעס צום

## ערב חורבן

פרעמיער־מיניסטער, ער רופט די אַרבעטער צו זיין אויף דער וואַך, ער פרוווט אויך שאַפן אַ פאַראייניקטן פראָנט פון אַלע אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען און גרופּעס. איך וואָלט געוועז גליקלעך צו קענען גלויבן, אַז דער דאָזיקער לינקער פליגל קען איינהאַלטן דעם שוואַרצן שטראָם. ליידער, ליידער, האָב איך נישט דעם דאָזיקן גלויבן. איך קען מיר נישט העלפן. און איך האָב נישט דעם דאָזיקן גלויבן, נישט ווייל איך בין שוין אַ פאַרפאַלענער פעסימיסט. די אורזאַכן זענען טיפערע: ווייל קיינער גלויבט נישט אין דעם.

26סטער אָקטאָבער, 1937.

# דער פּראָטעסט קעגן די געטאָ-בענק

ס׳איז געווען אַן אמתער יום־טוב — אַ יום־טוב פון זעלבסטאַכטונג, פון שטאָלץ, פון קאַמף־גרייטקייט, פון גרייטקייט פון גאַנצן פאָלק צו ווערן זיך מיט אַלע מיטלען קעגן דעם שמוציקן שטראָם פון שנאה און האַס, וואָס דראָט צו פאַרפלייצן די יידישע גאַס. עס האָבן געשטרייקט אַבסאָלוט אַלע קלאַסן און אַלע ריכטונגען: פון בונדיסט ביזן אגודהניק, פון פועל־ציוניסט ביזן רעוויזיאָניסט, פון אָרעמסטן ביזן רייכסטן, פון דעם וואָס האָט אַ געשעפט אין יידישן צענטער ביז דעם איינצעלנעם עלענדן יידישן קרעמער, וואָס איז פאַרוואָרפן אין אַ גויאישן ראַיאָן.

יעדער האָט אַריינגעלייגט אַן אַנדער אינהאַלט אין שטרייק, אָבער אַלע האָבן דעמאָנסטרירט דעם פעסטן ווילן פון גאַנצן פּוילישן יידנטום זיך נישט אונטערצוגעבן, זיך נישט לאָזן פאַרשטופּן צוריק אין געטאָ. עס איז געווען א גוואַלדיקער נחת צוצוזען ווי מיט אַמאָל, ממש טאַקע אין העכסטנס צען מינוט, זענען געוואָרן צענדליקע גאַסן פון וואַרשע פאַר־וואַנדלט: באַקומען אַן אַנדער פּנים, אַן אַנדער טעמפּאָ, אַן אנדער טעם. טויזנטער געשעפטן זענען געוואָרן געשלאָסן; פון טויזנטער וואַרשטאַטן און פאַבריקן האָבן גענומען אַרויסשטראָמען געדיכטע מאַסן אַרבעטער; פון טויזנטער הייף האָבן גענומען זיך ווייזן אויף דער גאַס יידישע אַר־בעטס־מענטשן: טרעגער, שוואַרץ־אַרבעטער, גאַסן־הענדלער און הענדלער־קעס. עס איז געווען די בעסטע דעמאָנסטראַציע נישט נאָר אַלס פּראָטעסט קעגן די געטאָ־בענק, קעגן די פּאָגראָמען, קעגן די געטאָס אויף די מערק, קעגן דעם אַריער־פּאַראַגראַף ביי די דאָקטוירים, נאָר אויך אַלס באַווייז, וואָס פאַר אַ כוח יידן שטעלן מיט זיך פאָר, וואָס פאַר אַ גרויסן חלק זיי האָבן אין גאַנצן אַרומיקן לעבן.

עס איז געווען אַ גרויסע טרייסט צו זען, ווי פּוילישע יידן לערנען

מיטן גאַנצן וועלט־יידנטום אַ פּרק קאַמף פאַר רעכט און זיין גלייך מיט אַלע. אין אונדזערע דערשלאָגענע צייטן, ווען יידן זענען גרייט אַראָפּצו־לאָזן די קעפּ, אָנבויגן די רוקנס און געדולדיק וואַרטן ביז דער ווילדער שטורעם וועט אַריבער, ווייזט דאָס פּוילישע יידנטום אַ ביישפּיל, אַז נישט פּאַסיוו וואַרטן, נאָר אַקטיוו קעמפן דאַרף מען.

לויט דעם היינטיקן שטרייק קען מען מעסטן דעם אָנטייל און אויך די וואָג פון יידן אין דעם וואַרשעווער עקאָנאָמישן לעבן. עס איז אַ וויכטיקער חלק, און נישט נאָר קוואַנטיטאַטיוו, נאָר אויך קוואַליטאַטיוו, אַז עס ווערט פּשוט פאַר יעדן קלאָר, אַז מאַכט מען חרוב אָט דעם דאָזיקן יידישן סעק־טאָר, מאַכט מען אויך חרוב דאָס אַרומיקע לעבן. מען קען נישט אָפּשניידן דריי פערטל קאָפּ פון אַן אָרגאַניזם, איין האַנט און איין פוס, און דער קער־פער זאָל בלייבן לעבן. דאָס איז קלאָר נישט נאָר אין וואַרשע, נאָר אויך נישט ווייניקער אין לאָדזש און אין ביאַליסטאָק, און אין קראָקע און אין לעמבערג, און אין צענדליקע אַנדערע שטעט.

מעגן די אַנטיסעמיטן פּלאַצן פון כעס און צאָרן, מעגן זיי קריצן מיט די ציין וויפל זיי ווילן — זיי האָבן באַקומען אַ לעבעדיקע אילוסטראַציע, ווי טויט און פּוסט, ווי געליימט דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבן וואָלט אויס־געזען, ווען מען וואָלט זיי געפאָלגט און מען וואָלט ווירקלעך נאָכגעטון היטלערן. און דער פאַרגונפטיקער פּאָליאַק האָט געקענט זען, וויפל פיזישע ענערגיע יידן טראָגן אין זיך, וויפל פריש לעבעדיק בלוט יידן גיסן אַריין אין פּוילישן עקאָנאָמישן אָרגאַניזם.

עס האָבן געשטרייקט נישט נאָר יידן, נאָר אויך נישט־יידן, אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן אין יידישע פאַבריקן. אין וואַרשע, אין לאָדזש, אין קראָ־קע, אין בענדין, אין סאָסנאָוויעץ, אין ווילנע, אין צענדליקע אַנדערע שטעט האָבן די פּוילישע אַרבעטער געשטרייקט צוזאַמען מיט די יידן. דערמיט איז שוין דער יידישער שטרייק אַריינגעפלאָכטן געוואָרן אין אַלגעמיינעם קאַמף פאַר פרייהייט.

די פּאָליציי האָט די גאַנצע צייט נישט געשטערט רופן צום שטרייק, נישט געשטערט אָרגאַניזירן דעם שטרייק, געלאָזט רופן גרויסע פּראָטעסט־מיטינגען, האַלטן שאַרפע פּראָטעסט־רעדעס. אָבער אין טאָג פון שטרייק גופא האָט מען אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט אויף צו שלאָגן און ממיתן

אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועז. מען האָט אויך אַרעסטירט אין וואַרשע 43 יידן, אין ווילנע 34, אין לעמבערג 12, אין לאָדזש אַ פּאָר צענדליק, אָבער די מערהייט אַרעסטירטע האָט מען דעם זעלבן טאָג באַפרייט.

עס האָבן אויך געשטרייקט אַלע יידישע שילער, און די אַכט־יאָריקע און ניין־יאָריקע קינדער האָבן אַגיטירט אין די גאַסן פאַרן שטרייק.

אין אַ סך שטעט זענען אויך געווען גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. אין וואַר־שע און אין לאָדזש האָט מען נישט דערלויבט קיין גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אָבער מיטינגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פון אַלע פּאַרטייען זייער גרוי־סע. מען קען רעכענען, אַז נאָר אין וואַרשע האָבן זיך באַטייליקט אין די פּראָטעסט־מיטינגען נישט ווייניקער פון צען טויזנט מענטשן.

פאַר דעם פּראָטעסט־שטרייק פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, איז פריער מיט צוויי טעג געווען אַ שטרייק פון אַלע יידישע סטודענטן: צוויי טעג איז קיין יידישער סטודענט נישט געקומען אין קיין שום אוני־ווערזיטעט; אַלע יידישע סטודענטן האָבן זיך צונויפגענומען אין זייערע אַקאַדעמישע הייזער און האָבן דאָרטן צוויי מעת־לעת דורכאַנאַנד אָפּגע־האַלטן פּראָטעסט־מיטינגען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז קיין יידישער סטודענט טאָר זיך נישט זעצן אויף די געטאָ־בענק.

דער לעזער פון ווייטע, פרעמדע לענדער וועט געוויס נישט פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. מען פירט איין אַ געטאָ אין די אוניווערזיטעטן, מען לאָזט אין אַ סך שטעט און שטעטלעך איינפירן אַ געטאָ אין די מיטל־ און פאָלקס־שולן, מען לאָזט איינפירן אַ געטאָ אויף די מערק, מען דערלויבט אין אַ סך שטעט די מאַגיסטראַטן נישט צולאָזן קיין יידן אויף די מערק, מען דערלויבט פּיקעטן שלעפּן קונים פון יידישע קראָמען — און נאָכדעם דערלויבט מען יידן פּראָטעסטירן, שטרייקן, רופן מיטינגען און אפילו טע־לעגראַפירן קיין אויסלאַנד וועגן די אַלע עוולות, וואָס מען טוט זיי אָן.

מוז איך מודה זיין, אַז איך פאַרשטיי אויך נישט, וואָס דאָ קומט פאָר. אייניקע זאָגן, אַז דאָס איז אַ טייל פונעם אַלגעמיינעם כאַאָס, וואָס עס הערשט אין לאַנד, און ברענגען באַווייזן, אַז איין מיניסטער ווייסט נישט וואָס אַ צווייטער האָט געטון; אַז איין מיניסטער האָט דערלויבט, וואָס אַ צווייטער האָט פאַרבאָטן. אַנדערע מיינען, אַז דאָס איז עפּעס אַנדערש; גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש: דאָס איז ציניזם, פאַראַכטונג, גרינגשעצונג פון

## ערב חורבן

די יידישע פּראָטעסטן און פון די יידישע שטרייקן. מיר וועלן זיך טון אונדזערס: ווייטער טרייבן יידן פון דערפער, ווייטער קלעפּן געלע לאַטעס אויף זייערע פּלייצעס, ווייטער אַרויסשטויסן זיי פון פאַרשידענע פּרנסות, ווייטער זיי אַוועקשטעלן אין אַ לאַגע פון פּאַריער און זאָלן זיי זיך דאָרטן פּראָטעסטירן.

עס איז שווער צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע. ווי עס זאָל נישט זיין, דער שטרייק האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג און גאָר אַ גרויסן ווערט. פאַר יידן אַליין איז דאָס געווען אַ טרייסט, אַן אויפלעבונג, אַן אָפּפרישונג, אַ דערמונטערונג, אַ מיטל זיך צו אָרגאַניזירן, זיך צו פאַראייניקן, צונויפנעמען די כוחות, שאַפן אַ געזינטערע שטימונג, הויבן דעם מוט. שוין צוליב דעם אַליין איז כדאי געווען דער שטרייק. אָבער דער שטרייק האָט אויך געהאַט אַ גאַנץ גרויסע ווירקונג אינעם זין פון דער־נענטערן די יידישע מאַסן צום פּוילישן אַרבעטער־קלאַס און צו אַלע אי־בעריקע אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן. איך מיין אָבער, אַז דער שטרייק האָט אויך געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף די מאַכט־האָבער. זיי האָבן געזען, אַז יידן שטעלן פאַר מיט זיך נישט קיין טשערעדע שאָף, וואָס מען קען מיט איר טון וואָס מען וויל, נאָר אַן אָרגאַניזירטע מאַסע, וואָס איר שטעלן זיך אויף דעם אָדער יענעם צד קען שפּילן גאָר נישט קיין קליינע ראָלע אין דעם קאַמף, וואָס וועט מוזן אין דער נאָענטסטער צייט אויסברעכן.

3טער נאָוועמבער, 1937.

# מען שלאָגט! מען שלאָגט!

איך וועל דאָ איבערגעבן בילדלעך און געשעענישן פון דריי באַזונ־דערע טעג אין פּוילן אין מאָנאַט אָקטאָבער 1937.

אויף די גאַסן פון וואַרשע: אויף עק סאָלנע און לעשנאָ, אין סאַמע געדיכטעניש פון יידישן ראַיאָן, שטייט אַ פרוי פון אַ יאָר פערציק און ציטערט. זי וויקלט זיך אין לאַנגע שמאַטעס, ציט זיי כמעט ביז איבערן קאָפּ. זי וויינט, זי קרעכצט, שטיל, אָבער מען מוז זיך אָפּשטעלן. איך ווער געוווירע, אַז זי איז אַ מוטער פון פיר קינדער, אַן אלמנה. זי האָט גע־ווויינט נישט ווייט אין אַ הויף, איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער דירה, וואַלגערט זיך מיט די קינדער אויפן הויף. זי באַקומט אויפן גאַס עטלעכע גראָשן, לויפט זי באַלד נאָך ברויט און טראָגט עס אָפּ די קינדער.

זעקס פאַרנאַכט, אויף גראַניטשנע גאַס, אין וואַרשע. אַ שטופּעניש און אַ יאָגעניש, אַז מען קען משוגע ווערן. אַלע לויפן, אַלע שטופּן זיך, מען מען טרעט אָן איינער דעם אַנדערן אויף די פיס, מען פאַלט כמעט איינער אַרויף אויף דעם אַנדערן. דאָס איז דער געוועגלעכער גאַנג פון דער דאָזי־קער גאַס, וואָס ליגט לעבן דעם גרעסטן יידישן מאַרק. פאַרנאַכט גייט מען אַ סך פון דער אַרבעט, מען לויפט איינקויפן, מען לויפט צו מנחה דאַ־ווענען, און יידן לויפן בכלל. פּלוצלינג אַ האַרצרייסנדער געשריי: „ביאָן", מען שלאָגט, מען שלאָגט! אַן אַלטער ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, פאַר־קאַטשעט זי און לאָזט זיך לויפן; אַ ווייבל מיט אַ קינד אויף די הענט הויבט אָן קוויטשען נישט מיט איר קול און וואַרפט זיך אין ערשטן הויף אַריין. גאַנצע שטראָמען יידן שטופּן זיך אין די הייף, אין די זייטיקע געסלעך.

קריסטלעכע מענער און פרויען שטעלן זיך אָפּ און קוקן מיט פאַר־וווּנדערטע אויגן אויף דעם געלויף, שמייכלען, האָבן הנאה, אַנדערע טרייבן

אונטער, אָבער נאָר מיט ווערטער, מיט שטעכיקע, מיט בייסנדע. פּלוצלינג הויבט אָן אַ קריסט שרייען: „שטייט, יידן, מען שלאָגט גאָר נישט, ס'איז גאָר נישט, ס'איז גאָר נישט". און מיט אָן אמת־פריינטלעכן געלעכטער הויבט ער אָן דערקלערן, אַז צוויי שיכורים האָבן זיך צווישן זיך צעפּאַטשט, און יידן לויפן.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב גאָר שטאַרק מקנא געווען דעם דאָזיקן פּשוטן גוי, זיין רואיקייט, זיין זיכערקייט.

אין זאַקסישן גאָרטן איז רואיק, שטיל, זעלטן ווען מען זעט דורכ־לויפן, יאָ, דורכלויפן אַ יידן. און שטענדיק זענען געווען צו דער דאָזיקער צייט הונדערטער, אויב נישט טויזנטער יידן. ווייבער מיט קינדער, אַלטע יידן, איינגעליבטע פּאָרלעך, אַרבעטסלאָזע אָנגעשטעלטע, סתם ליידיקגייער, שפּאַצירנדע און דורכגייענדע. נישטאָ קיין יידן: מאַמעס זאָגן אָן די קינדער, אַז זיי זאָלן אויסמיידן דעם זאַקסישן גאָרטן, דערוואַקסענע לייגן אַליין אָן וועג, אַבי אויסמיידן דעם אַמאָל אַזוי געליבטן גאָרטן, מיט וועלכן ביי גאָר אַ סך מענטשן זענען פאַרבונדן זיסע פּערזענלעכע אָדער רעוואָלוציאָנערע זכרונות. צוויי וואָכן האָט מען דאָ אַזוי שטאַרק געשלאָגן יידן, אַז כאָטש איצט איז כמעט רואיק, קען די יידישע באַפעלקערונג נישט קומען צו זיך.

אויף מאָרגן אינדערפרי: אויפן הויף פון די פּוילישע געווערקשאַפטן איז אַ מיטינג. עס זענען דאָ פאַראַן ביז 7 אָדער 8 טויזנט אַרבעטער, 90 פּראָצענט פּוילישע. עס רעדן די גענאָסן זדאַנאָווסקי און ניעדזשאַלקאָווסקי. זיי גיבן אַ בילד פון דער ווילדער אומאָרדענונג, וואָס הערשט אין לאַנד, פון דער פּאָליטישער פאַרלוירנקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם רעגירונגס־לאַגער. זיי רופן דעם אַרבעטער־קלאַס צום אַקטיוון קאַמף פאַר זיינע רעכט. רופן אויך צום אַקטיוון קאַמף קעגן דעם כוליגאַנישן און קעגן דעם „קולטורעלן" אַנטיסעמיטיזם. די אַרבעטער נעמען אויף מיט גרויס באַגייסטערונג די רעדעס און זינגען מיט אמתן ברען דעם „אינטערנאַ־ציאָנאַל".

דעם זעלבן אינדערפרי אויפן הויף פון גענשע 14, די צענטראַלע פון די פּועלי־ציון: העכער טויזנט יידישע סטודענטן און אַרבעטער. אַ פּראָ־טעסט־מיטינג קעגן די געטאָ־בענק. די רעדנער באַשווערן די סטודענטן זיך נישט אונטערצוגעבן, רופן צו קאַמף ביז פולן זיג. זיי ווייזן אָן, ווי

ענג עס זענען פֿאַרבונדן די אינטערעסן פֿון די יידן מיט די אינטערעסן פֿון גאַנצן לאַנד.

דעם זעלבן טאָג איז אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון צוויי פּוילישע פּאַרטייען: פֿון די קריסטלעכע סאָציאַלע און פֿון דער אַזוי גערופֿענער נאַציאָנאַלער אַר־בעטער־פּאַרטיי. זיי פֿאַראייניקן זיך אונטער דער פֿירונג פֿון גענעראַל האַלער, פֿון אַמאָליקן פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן מיט דער הילף פֿון יידישע שטימען. דעם נאָמען פֿון גענעראַל האַלער געדענקען מסתּמא אַ סך פֿון אונדזערע לעזער, און זיי וועלן זיך מסתּמא דערמאָנען, אַז זיינע סאָלדאַטן זענען געווען די גרעסטע ליבהאָבער פֿון יידישע בערד. די דאָזיקע צוויי מתים, וואָס האָבן זיך איצטער פֿאַר־איייניקט, כּדי צו גיין טאַנצן אונטער דעם אַקאָמפּאַניאַמענט פֿון באַרימטן פּוילישן מוזיקער פּאַדערעווסקי, האָבן, פֿאַרשטייט זיך, נישט פֿאַרגעסן, אַז ס'איז דאָ אויף דער וועלט אַ יידן־פֿראַגע. און זיי האָבן געפּסקנט, אַז קיין פּאָגראָמען דאַרף מען נישט מאַכן, אָבער מען דאַרף יידן נאָר אַרויסשטויסן פֿונעם האַנדל, אויך פֿונעם האַנטווערק, אויך פֿון די פֿרייע פּראָפֿעסיעס, אויך פֿון דער אינדוסטריע, און זיי וועלן שוין אַליין אַנטלויפֿן פֿון פּוילן. דאָס איז די יידישע פּראָגראַם, אָבער בכלל זענען זיי גרויסע דעמאָקראַטן און זאָגן צו אַלע בעסטע דעמאָקראַטישע לעקעכלעך.

אייניקע יונגע „דעמאָקראַטן" פֿון פּאַדערעווסקיס חסידים זענען גע־ווען שטאַרק נישט־צופֿרידן מיט דעם דאָזיקן נישט־אַקטיוון יידישן פּראָ־גראַם, וואָס דערמאָנט אין די צעקראַכענע ליבעראַלע צייטן, און האָבן געפֿאָדערט אַקטיוון, דאָס הייסט, פּאָגראָם־אַנטיסעמיטיזם. ביי דער תּפֿילה, וואָס מען האָט געפּראַוועט אין קלויסטער, איז מען אָנגעפֿאַלן אויף יידן און מען האָט צעשלאָגן אַ צען. די פּאָליציי האָט די כוליגאַנעס אַרעסטירט, און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס זענען מיטגלידער פֿון דער נאַראַ־פּאַרטיי (אַ נייע פּאַרטיי פֿון פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס).

דעם זעלבן טאָג זענען געווען אָפּגעדרוקט צוויי בריוו פֿון צוויי פּוי־לישע שרייבער צום רעקטאָר פֿון וואַרשעווער פּאָליטעכניקום, אַז זיי שע־מען זיך אים צו האָבן צווישן זייערע פֿריינט און וואַרפֿן אים אין פּנים זייער טיפֿע פֿאַראַכטונג פֿאַר איינפֿירן די געטאָ־בענק.

דעם זעלבן טאָג: אין זאַקסישן גאָרטן איז מען באַפֿאַלן יידן און

מען האָט שווער פֿאַרוווּנדעט מיט מעסערס מרדכי זוסמאַן, 18 יאָר אַלט. אין אקוניעוו האָט מען אַרײַנגעוואָרפֿן שטיינער אין בית־המדרש בשעת מנחה־דאַווענען. מען האָט אויך אַרײַנגעוואָרפֿן גרויסע שטיינער אין די וווינונגען פֿון די יידן זילבערשטיין און בורשטיין.

אין ברײַנסק איז ווידער פֿאָרגעקומען אַ פּאָגראָם, שוין צום דריטן מאָל אין איין מאָנאַט. ס׳זענען פֿאַרוווּנדעט געוואָרן 8 יידן. צוויי יידן זענען גאָר שווער פֿאַרוווּנדעט: משה שטיין, 72 יאָר אַלט, און מיכאל גאָלדבערג, 40 יאָר אַלט. די פּאָליציי האָט זיך ענערגיש אַרײַנגעמישט און האָט גיך אויפֿגעשטעלט די אָרדענונג. אָבער דאָך זענען עטלעכע יידישע וווינונגען און אויך עטלעכע יידישע קראָמען צעראַבירט און צעשטערט געוואָרן.

נאָך אַלץ דעם אייגענעם טאָג: אין סוכאָוואָלע איז געווען אַ קליינטשי־קער פּאָגראָם. פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער, וואָס זענען געקומען אויפֿן מאַרק, האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין די יידישע הייזער און אין פֿאַר־לויף פֿון דריי שעה גערויבעוועט און חרוב געמאַכט אַ סך מעבל און שטוב־זאַכן. מען האָט אויסגעהאַקט אַ סך שויבן, אפֿילו אַרויסגעריסן לאָדן. מען האָט אויך צעשלאָגן עטלעכע יידן. שווער פֿאַרוווּנדעט איז דער ייד טיקטין. מען האָט אים געמוזט אָפּפֿירן אין שפּיטאָל קיין גראָדנע.

נאָך אַלץ דעם זעלבן טאָג: אין קראָקע איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסער אַרבעטער־מיטינג. ס׳האָבן גערעדט פֿאַרטרעטער פֿון פּוילישע און יידישע אַרבעטער און האָבן גערופֿן צום קאַמף קעגן דער רעאַקציע, וואָס וויל צונעמען די לעצטע רעשטלעך פֿרייהייט ביי די אַרבעטער. באַזונדערס שאַרף איז אונטערשטראָכן געוואָרן די שווערע לאַגע פֿון יידישן אַרבעטער, און מען האָט גערופֿן צו געמיינשאַפֿטלעכן קאַמף.

אויפֿן דריטן טאָג: אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט האָט דער באַקאַנ־טער פּראָפֿעסאָר ראַדלינסקי געהייסן די יידישע סטודענטן זיך זעצן ווו זיי ווילן און נישט אויף די געטאָ־בענק. דער פּראָפֿעסאָר אָרלאָווסקי האָט באַ־פֿוילן די יידישע סטודענטן זיך זעצן נאָר אויף די פֿאַר בענק, וואָס זענען פֿאַר זיי באַשטימט. די יידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו זעצן זיך אויף די געטאָ־בענק און זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען. אַ גרעסערע גרופּע קריסטלעכע סטודענטן זענען געשטאַנען מיט די יידן. אין דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער

שולע זענען די יידישע סטודענטן געשטאַנען ביי די לעקציעס. דער פּראָ־פעסאָר גורסקי האָט געפאָדערט, אַז די יידן זאָלן זיך אומבאַדינגט זעצן אויף די געטאָ־בענק. די יידן האָבן פאַרלאָזט די אוידיטאָריע. אין דער האַנדלס־אַקאַדעמיע האָט דער רעקטאָר דערקלערט די יידישע סטודענטן, אַז אויב זיי וועלן ווייטער שטיין אויף די לעקציעס, וועט מען זיי אינגאַנצן נישט אַריינלאָזן אין אַקאַדעמיע. אין ווילנע האָבן די יידישע סטודענטן נישט געוואָלט זיך זעצן אויף די געטאָ־בענק, האָט פּראָפעסאָר קאַמינסקי געהייסן די יידן פאַרלאָזן אינגאַנצן דעם זאַל. דעם זעלבן טאָג: די לעמ־בערגער דאָקטוירים האָבן אָפּגעוואָרפן דעם „אַריער־פּאַראַגראַף" און זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן צום אַנטיסעמיטישן דאָקטוירים־צוזאַמענפאָר.

אין לובלינער וואָיעוודסטווע ווערן ביי יידן צוגענומען די קאָנצע־סיעס אויף פאַרקויפן בראָנפן און וויין. אין סאָסנאָוויעץ האָט מען היינטיקס יאָר אָפּגעזאָגט אַלע יידישע לערער פון די „שאַבאַסאָווקעס" (שולן, אין וועלכע עס לערנען זיך אויסשליסלעך יידישע קינדער און מען לערנט נישט שבת). אין בריסק האָט דער דאָקטוירים־פאַראיין אָנגענומען אַ רע־זאָלוציע, וואָס פאָדערט וואָס גיכער איינצופירן דעם „אַריער־פּאַראַגראַף".

פון לאָדזש שרייבט מען, אַז אויפן טעקסטיל־מאַרק הערשט אַ טויטע שטילקייט, ווייל אין צענדליקער שטעטלעך ליידן יידן פון די אַנטיסעמיטי־שע פּיקעטן און האַלטן זיך אָפּ פון איינקויפן סחורה אויפן ווינטער.

אַלץ דעם זעלבן טאָג: אין טעאַטער „נאָוואָשטשי" איז פאָרגעקומען אַ טויזנט־קעפּיקער מיטינג פונעם „קרן־קימת". די שטימונג איז געווען גאָר אַ געהויבענע. דער דעלעגאַט פון ארץ־ישראל, דער דיכטער ביסטריצ־קי, האָט געגעבן אַ רירנד בילד פון דעם טראַגיש־העראָאישן קאַמף אין ארץ־ישראל.

דעם אייגענעם טאָג: אין ראַדזיווילאָוו און אין דראָהאָביטש האָט מען אין די פאָלקס־שולן איינגעפירט באַזונדערע בענק פאַר יידישע קינדער. אויך אין לעמבערג האָט מען אין אַ פּאָר שולן איינגעפירט באַזונדערע בענק פאַר יידישע קינדער. עס האָבן זיך פאַרמערט אין די שולן די אָנ־פאַלן אויף די יידישע קינדער.

אין בריסק איז דער מאַגיסטראַט צוגעטראָטן צו בויען אַ ספּעציעלן

מאַרק פאַר די קריסטלעכע קרעמער. אין דראָגאָטשין האָבן זיך די לעצטע צייט געעפנט עטלעכע קריסטלעכע קראָמען, מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע געשעפטן און אויך צוויי בעקערייען. ביי די יידישע געשעפטן שטייען אַנטי־סעמיטישע פּיקעטן און לאָזן נישט אַריין קיין קריסטלעכע קונים. אייניקע יידישע געשעפטן האַלטן ביים פאַרמאַכן זיך. די יידן האָבן זיך געקלאָגט אין פּאָליציי אויף די פּיקעטן, אָבער מען האָט זיי געענטפערט, אַז פּיקעטן איז געזעצלעך.

דעם זעלבן טאָג: אין וואַרשע איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון יידישע מלחמה־וועטעראַנען, וועלכע האָבן געשאַפן אַ יידישע אָזאָן־אָרגאַניזאַציע (דאָס איז דער נאָמען פון דער אַנטיסעמיטישער אָרגאַניזאַציע פון פאָלקאָוויטש קאָץ).

אין קאָלאָמייער געריכט האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון מערדער קישטשוק, וועלכער האָט דערהרגעט איינעם קאָזלאָווסקי. דער מערדער טענהט די גאַנצע צייט, אַז ער האָט געמיינט, אַז קאָזלאָווסקי איז אַ ייד, און ביי זיי אין דאָרף זענען אַלע געווען זיכער, אַז אַ יידן מעג מען הרגענען.

אין קאָזשעניץ האָט די יידישע קרעמערקע עטע גאָלדבערג, דערזעענדיק דעם שטייער־באַאַמטן, באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק. מען האָט זי קוים אָפּגעראַטעוועט. דאָס יידישע מיידל באַטוויניק, פון אַ דאָרף נישט ווייט פון איוועניץ, איז באַפאַלן געוואָרן פון כוליגאַנעס, וועלכע האָבן זי מערדערלעך צעשלאָגן. מען האָט זי געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל קיין לאָמזשע.

אין ווילנע וועלן די קריסטלעכע בעלי־עגלות פון היינט אָן טראָגן אויף דער לינקער האַנט קרייצן, מען זאָל גרינג דערקענען, ווער עס איז אַ קריסט.

אויפן קאָנקורס־עקזאַמען אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע האָט דער יידישער שילער טאַפּיצער באַקומען פון פּוילישן בילדונגס־מיניסטעריום אַ סטיפּענדיום, וואָס וועט אים געבן די מעגלעכקייט פאָרצוזעצן זיין מוזיקאַלישע בילדונג.

מיר האָבן געגעבן ליכט און שאָטן, לעבן און טויט, באַגייסטערונג און געפאַלנקייט, נידערטרעכטיקייט און דערהויבנקייט, שנאה און ליבע, ממש ווי אין אַ פילם בייטן זיך די בילדער. מיר מאַכן נישט קיין אויס־

טייטשונגען. זאָל דער לעזער אַליין פּרוּוון אָפּוועגן און אָפּמעסטן, וואָס דאָ איז פאַראַן מער. דער עיקר דאַרף מען זיך פאַרטראַכטן, ווער עס וועט אין דער נאָענטער צייט ווערן באַלעבאָס אין פוילן, ווער עס וועט האַלטן די לייצעס אין די הענט. איך וויל נישט טרעפן, הלוואי זאָל נישט זיין אַזוי, ווי איך האָב מורא.

29סטער אָקטאָבער, 1937.

# אַלטמאָדישע מיטלען אין דער נייער צייט

ציַיטן בײַטן זיך! און נאָך ווי אַזוי זיי בײַטן זיך! און ביי יידן ווי ביי קריסטן. וואָרום ווי ס׳קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך.

נאָך גאָר נישט לאַנג צוריק האָט מען געמיינט און געהאַלטן, אַז וואָס ציַיטן בײַטן זיך איז אַ גליק — מען גייט פאָראויס! יעדער שפּעטערדיקער דור איז קליגער, גענייטער, רייכער מיט וויסנשאַפט און דעריבער ממילא בעסער, פיינער, לייטישער, מענטשלעכער! נו, איצט זענען שוין פאַראַן ווייניק נאַראָנים וואָס גלויבן אין די קינדערישע אנטוויקלונגס מעשהלעך. מען קען זיך אַנטוויקלען נישט צו בעסער, נאָר צו ערגער, נישט צו לייטישער און פיינער, נאָר צו מערדערישער און באַרבאַרישער. מען קען זיך אויסלערנען פליען אין הימל אַריין, אָבער נישט כדי צו זיין נענטער און ענלעכער צו גאָט, נאָר כדי צו וואַרפן שווערע באָמבעס אויף דער ערד.

מיר האָבן דאָס אַלץ דערפילט, ווייל אונדז האָט זיך די לעצטע צייט געוואָרפן אין די אויגן אַ מאַסע פאַקטן, וואָס פאַר אונדז, פאַרן אַלטן דור מיט די אַלטע טראַדיציעס און געוווינהייטן, זענען זיי עפּעס אויס אַזוי מאָדנע משוגע, אַזוי אויסטערליש משונה, אַז זיי קענען זיך אונדז בשום אופן נישט לייגן אויפן שכל.

אָט, אַ שטייגער, איז געווען ביי יידן אַ מנהג צו פאַסטן, גוזר־תענית זיין. האָט מען געקוילעט יידן, האָט מען זיי געטריבן פון אַ לאַנד, האָט מען זיי פאַרוואָרפן מיט גזירות און שטריק אויף די העלדזער, האָבן זיי געפאַסט און דערביי געבעטן צו גאָט, אַז ער זאָל אָפּשטעלן די הענט פון די קוילער, אַז ער זאָל איבערקערן דאָס האַרץ פון שלעכטן האַר אָדער מלך, צו גוטן.

איז געקומען נאָך דעם אַ דור פון יידישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע

האָבן אויסגעלאַכט און אויסגעשפּאָט די פּאַסטערס און די אַפּקומערס, די זעלבסטפּייניקער און די מאָגן־קעמפּערס. נישט זיך דאַרף מען פּייניקן, נאָר דעם פּייניקער! נישט דער מאָגן זאָל דאַרן, נאָר דער מאָגן פון אָנפּאַ־לער און אָנרייצער!

נו, און וואָס זעען מיר איצט? יידישע סטודענטן, געשלאָגענע, גע־בלוטיקטע, באַשפּיגענע, אַרויסגעוואָרפענע, מיט געלע לאַטעס באַקלעפּ־טע — פּאַסטן! יאָ, מען נעמט זיך צונויף אין קלוב, ווי אונדזערע זיידעס אין בית־מדרש, און מען עסט נישט! מען פּאַסט! מען דאַוונט נישט, נאָר מען האַלט דרשות! מען וויינט נישט און מען קלאָגט נישט, נאָר מען שווערט אַז נאָכן תענית וועט מען זיך נעמען צום קאַמף. נאָכן תענית, נאָכדעם ווי מען וועט דעם קעגנער און שונא אויסמאַטערן און אָפּשוואַכן דורך האַלטן ליידיק דעם אייגענעם מאָגן; נאָכדעם ווי מען וועט שטאַרקן די הערצער פון די קעמפער דורכן תענית ציבור, וועט מען אַרויס אין קאַמף. און מען איז צופרידן און מען פּאַטשט זיך אין בייכל און מען רופט דאָס אָן „העלדישער קאַמף".

איך וויל אַבסאָלוט נישט פאַרקלענערן די העלדישקייט פון די יידישע סטודענטן אין פּוילן. אָבער איך מוז זאָגן דעם אמת, אַז איך הויב נישט אָן צו פאַרשטיין, וואָס אַרום מיר טוט זיך. אין אונדזערע צייטן זענען די דאָזיקע באַגריפן געברויכט געוואָרן פאַר גאַנץ אַנדערע מעטאָדן פון קאַמף.

יאָ, געוויס, צייטן בייטן זיך! דעמאָלט זענען די נישט־יידישע סטו־דענטן געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. היינט שטייען זיי אין דער שפּיץ פון די פּאָגראָמען. דעמאָלט זענען די נישט־יידישע סטודענטן געגאַנגען אויף באַריקאַדן פאַר פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט; איצט גייען זיי מיט מעסערס און שטעקנס קעגן די, וואָס האָבן די העזה צו דערמאָנען די דאָזיקע אַלט־מאָדישע ווערטער. אַלס אַווידער־קול פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף האָט אָפּגעקלונגען אויף דער יידישער גאַס דאָס ליד פון זעלבסטשוץ, פון שטאַרבן פאַרן כבוד פון פאָלק — פּאָגראָמען זענען דאָך געווען אַ רעשט פון אַ פאַרפוילטן רעזשים, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף זיינע שוואַכע פיס. זענען אָבער היינט פּאָגראָמען אַ רוף פון יונגן דור, פון צוקונפט־דור, פון דער מערהייט פון דער אינטעליגענץ, אַלזאָ פון דער מערהייט פון פירער פון פאָלק — מוזן

אפשר קומען אַלס ווידער־קול תעניתים, פֿאַסט־טעג, זעלבסטפּייניקונגען און מאָגן־פּראָטעסטן.

איך וויל נישט טאַדלען און וויל באמת נישט קריטיקירן. איך קאָנס־טאַטיר נאָר פֿאַקטן, וואָס דאַרפֿן ממש אונדז אויפֿשווידערן, ווייל זיי באַווייזן דאָך, אַז די וועלט אַרום אונדז האָט זיך אַזוי געענדערט, אַז מיר זענען שוין אָפּגעוואָרפֿן צוריק אויף גאַנצע הונדערט יאָר אין די מעטאָדן פֿון קאַמף פֿאַר אונדזער עלעמענטאַרן רעכט צו לעבן, צו אָטעמען, צו זיצן און שטיין ווו מיר ווילן.

ס׳איז מיר אומגעהויער שווער צו שרייבן אויף דער טעמע. איך ווייס, אַז איך ריר אָן אַן אָפֿענע ווונד: איך ווייס, אַז ס׳איז בעסער נישט צו טראַכטן, דערשטיקן אין זיך אַלע מענטשלעכע געפֿילן, דערוואַרגן אין זיך אַלע פּרעטענזיעס אויף מענטשלעכן כבוד, אויף מענטשלעכן פּאַרטיי־דיקן זיך; איך ווייס, אַז מען טאָר נישט קומען צו קיין שוואַכן מיט טענות, פֿאַרוואָס ער איז נישט שטאַרק: איך ווייס, אַז אַ לועג לחלש, אַ חוזק־מאַכער פֿון אַ שוואַכן איז נאָך ערגער פֿון אַ לועג לרש. און זאָל איך געשטראָפֿט ווערן, אויב כאָטש איין אָדער אין מיר וויל עפּעס אָפּלאַכן אָדער פֿון עמיצן חוזק־מאַכן. און דאָך האָב איך נישט געקענט דערשטיקן אין מיר דעם ווײ־געשריי, וואָס מיר זענען שוין אַריין צוריק אין געטאָ, מיר זענען שוין ווידער מענטשן מיט געלע לאַטעס, מיר זענען שוין ווידער די נשמה־פּרינצן, וואָס בויגן אַזן דרייען דעם גוף און רעדן זיך איין, אַז זיי זענען געבליבן פּרינצן.

ווער טראַכט הײַנט וועגן זעלבסטשוץ? ווער טראַכט הײַנט וועגן מענטשלעכע ווירדע? וועגן נאַציאָנאַלן שטאָלץ? יידישע סטודענטן פֿאַסטן און יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, לינקע, וואָס גלויבן, אַז זיי זענען געבליבן טרײַ די רעוואָלוציאָנערסטע טראַדיציעס פֿון 1905, פֿאַטשן בראַ־וואָ און באַגריסן די העלדישקייט און דעם מוטיקן קאַמף!

זיץ איך און טראַכט: בין איך שוין ווירקלעך אַזוי אַלט? בין איך שוין ווירקלעך גאָר נישט אימשטאַנד צו פֿאַרשטיין די נײַע צײַט, דעם נײַעם דור? וואָס טוט זיך אַרום אונדז? יאָ, יאָ, צײַטן בײַטן זיך! נײַע מענטשן — נײַע לידער!

אָט, נעמט אַ שטייגער אַזאַ פֿאַקט. אויף די גאַסן פֿון לאָדזש שלאָגט

מען יידן. ס׳שלאָגן כוליגאַנעס, וועלכע זענען סוף כל סוף אַ נישטיקע מינדערהייט. לאָדזש האָט 100 טויזנט קריסטלעכע און 30 טויזנט יידישע אַרבעטער. טאָג־טעגלעך טרעפן זיך יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער אין פאַבריקן, ביי שטרייקן, אויף מיטינגען, אין שטאָט־ראַט, אין די פאַראיינען. אָט באַלד ווערט שוין 50 יאָר, אַז דאָס בלוט און דער שווייס פון יידישע און נישט־יידישע אַרבעטער אין לאָדזש איז אַזוי איבערגעמישט און צו־בויפגעגאָסן אין קאַמף און ביי דער אַרבעט, אַז מען קען בשום אופן נישט אָפטיילן דאָס יידישע בלוט פונעם נישט־יידישן, און דעם יידישן שווייס פון נישט־יידישן. צענדליקער טויזנטער קריסטלעכע אַרבעטער זענען אָר־גאַניזירט אין סאָציאַליסטישע פאַראיינען, און שטימען פאַר דער פוי־לישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. טויזנטער יידישע אַרבעטער זענען אָרגאַ־ניזירט אין יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען. און אָט אין אַזאַ שטאָט שלאָגט מען יידן! האָט מען שוין געהרגעט מער ווי אַ צענדליק יידן און פאַרוואונדעט מער פון 200. וואָס־זשע טוט מען? גייט אַ דעלעגאַציע פון דער רעוואָלוציאָנערסטער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי צו דער מאַכט בעטן שוץ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. בעטן! יאָ, בעטן!

איך דערלויב מיר צו זאָגן בעטלען! מעג מען שרייבן און אפשר זיך זייער ערלעך איינרעדן, אַז מען האָט געפאָדערט, מען האָט פאַרלאַנגט. אָבער איך האָב עדות, גוטע עדות, אַז מען האָט געבעטן, וואָרום די דעלע־גאַציע איז אַרויס פון קאַבינעט פון דעם מאַכט־פאַרטרעטער גאַנץ און אומבאַשעדיקט. דער בעסטער באַווייז! און מען וועט מיר נישט איינרעדן, אַז די פאַרטרעטער פון דער אגודה פאַלן אויף די קני און קושן די פאָלע פון בגד פון הערשער, בעת זיי גייען אין א דעלעגאציע, און די סאָציאַליס־טישע דעלעגאַציע האָט געקלאַפּט אין טיש און געדראָעט מיט אַ רעוואָ־לוציע, אויב מען וועט נישט געבן קיין שוץ. געוויס זענען געווען ניואַנסן אין די טענער און אין די ווערטער, אָבער אַזוי ווי דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער פון ביידע דעלעגאַציעס און מען שלאָגט ווייטער יידן, האָב איך אַ רעכט צו זאָגן, אַז ביידע דעלעגאַציעס זענען געגאַנגען בעטן אָדער בעטלען, און האָבן גאָר נישט געפועלט, וואָס מען האָט געקענט פאָראויס זאָגן. איז אויף דער אגודה, פאַרשטייט זיך, נישט קיין קשיא. דאָס איז דאָך איר נאַטור. אָבער ווי זאָל מען פאַרשטיין, ווי זאָל מען איבער־

קאָכן אַ בעט־דעלעגאַציע פון אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי?

און ווידער אַמאָל מוז איך איבערחזרן, אַז איך האַלט זיך נישט פאַר באַרעכטיקט צו קריטיקירן אָדער צו וואַרפן אַ שטיין אין מענטשן, וועלכע האָבן געוויס געוואָלט עפּעס אויפטון.

איבעררייסן דעם קאָשמאַר, מאַכן אַ פּרוּוו! איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז מען קען פאַרלירן דעם קאָפּ פון מאַכטלאָזיקייט, פון האָבן קרעפטן און זיך שטיקן און ווערגן מיט זיי, פון פאַרמאָגן אַ גאָלדענעם רעוואָלוציאָנערן קאַפּיטאַל און זיין געצוווּנגען צו צעטרענצלען אים אויף קלייניקייטן און נישטיקע רייסערייען אין געטאָ. איך ווייס גאַנץ גוט, ווי ווייט מען קען פאַרצווייפלט ווערן פון שטיקן זיך אין געטאָ, ווען מען איז אַבסאָלוט רייף פאַר קאַמף, פאַר פרייהייט, פאַר אַ ניי מענטשלעך לעבן, נאָר מען מוז וואַרטן ביז דער באַלעבאָס וועט קומען צום שכל און צום מוט און צום ווילן, און אַן אים איז מען גאָר נישט און מען איז פאַראורטיילט דערשטיקט צו ווערן אין זאַפט פון דער אייגענער ענערגיע. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ביי אַזאַ פאַטאַל־טראַגישער לאַגע קען מען באַגיין זעלבסטמאָרד און זיך לאָזן פירן און פאַרפירן פון יעדן מיראַזש.

מיר גייט, אַלזאָ, נישט אין קריטיק פון דער טאַט פון דער דעלעגאַציע, נאָר מיר ווילט זיך אויסשרייען: אָט וווּ מיר האַלטן! אָט ווי ווייט מיר זענען געפאַלן! אָט ווי טיף אין בלאָטע מיר זיצן שוין!

צייטן בייטן זיך! און ווייל מיר האָבן פאַר זיך גאָר אַ נייע וועלט, אַ מיאוסערע, אַ ווערימדיקערע, אַ ווילדערע, אַ נידערטרעכטיקערע, ווערן מיר אויך אַנדערע: אַנדערע מעטאָדן פון קאַמף! אַנדערע באַגריפן פון קאַמף און אַנדערע השגות אין קאַמף.

אָט איז נאָך אַ פאַקטעלע, וואָס וועט אונדז ווייזן, ווי אַנדערש, ווי מיאוסער, ווי ווערימדיקער די וועלט איז געוואָרן! און אויך ווי שטאַרק מיר זענען געצוווּנגען זיך צוצופּאַסן צו דער דאָזיקער וועלט.

אין לאָדזער שטאָט־ראָט איז געווען די טעג אַן אָפּשטימונג, אין וועלכער דער „בונד" האָט געשטימט מיט אַלע איבעריקע יידישע ראַטמענער. אַלזאָ, מיט כלל־ישראל, מיט דעם טריפהנעם טויזנט מאָל פאַרשאָלטענעם און אויסגעלאַכטן כלל־ישראל. און די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי

האָט געשטימט מיט די נאַראָדניקעס, מיט די פּאַרביסענע רעאַקציאָנערן, מיט די בלוטדורשטיקסטע אַנטיסעמיטן.

וואָס־זשע האָט געטראָפן? איז אַ דונער אַריין אין זאַל פון זיצונג און האָט צעטיילט די ראַטמענער אויף נאַציאָנאַלע געאייניקטע און געבונדענע גרופּעס? דער דונער איז אַריין, נאָר נישט פון דרויסן, נאָר דורכן מויל פון אַ לינקן פּועלי־ציוניסט. ער האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, אַז דער מאַגיסטראַט זאָל אָננעמען יידישע סעזאָן־אַרבעטער לויט אַ פּראָצענט. וואָס עס קומט די יידישע אַרבעטסלאָזע. האָבן אַלע יידישע ראַטמענער, אויך די בירגערלעכע, געשטימט פאַר און דער „בונד" אין דער חברה כלל־ישראל. און די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך נישט גע־שעמט צו שטימען קעגן, צוזאַמען מיט די נאַראָדאָוועצעס.

ווייל אין 1937 שעמט מען זיך נישט מיט אַזעלכע זאַכן! און אויך סאָציאַליסטן שעמען זיך נישט צו שטימען קעגן יידישע אַרבעטסלאָזע. מעגן שוין אפשר אָדער מוזן שוין יידישע סטודענטן פאַסטן און יידישע לינקע סאָציאַליסטן בעטן ביי דער מאַכט שוץ פאַרן לעבן פון יידישע מענטשן.

יאָ, צייטן בייטן זיך! און נאָך ווי אַזוי בייטן זיי זיך! אַז מען קען פשוט משוגע ווערן! און ווי צווינגענד דאָס „יידלען" מוז זיך צופּאַסן און פּאַסט זיך צו צום „קריסטלען" — ממש ווי מיר וואָלטן גאָר נישט געהאַט קיין אייגן לעבן, נאָר אַ ווידער־קול פונעם אַרומיקן לעבן.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

**ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע**

**רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו**

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) **מאַרק טורקאָוו** — מלכה אָושיאַני דערציילט... **(אויספאַרקויפט)**
2) **ה. ד. נאָמבערג** — י. ל. פּרץ **(אויספאַרקויפט)**
3) **וו. גראָסמאַן־וויערניק** — טרעבלינקע **(אויספאַרקויפט)**
4) **פּרץ גראַנאַטשטיין** — מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו **(אויספאַרקויפט)**
5) **ישראל טאַבאַקסבלאַט** — חורבן לאָדזש **(אויספאַרקויפט)**
6) **זרובבל** — בּאַרג חורבן **(קאַפּיטלען פּוילן)** **(אויספאַרקויפט)**
7) **אלחנן צייטלין** — אין אַ ליטעראַרישער שטוב **(אויספאַרקויפט)**
8) **ד״ר ח. שאָשקעס** — פּוילן — 1946 **(אויספאַרקויפט)**
9) **ז. סעגאַלאָוויטש** — טלאָמאַצקע 13 **(אויספאַרקויפט)**
10) **מ. נודעלמאַן** — געלעכטער דורך טרערן **(אויספאַרקויפט)**
11) **ד״ר מאיר באַלאַבאַן** — די ייִדן־שטאָט לובלין **(אויספאַרקויפט)**
12) **ישראל אפרת** — היימלאָזע ייִדן **(אויספאַרקויפט)**
13) **ד״ר יעקב שאַצקי** — אין שאָטן פון עבר **(אויספאַרקויפט)**
14) **דוד פלינקער** — אַ הויז אויף גזשיבאָוו **(אויספאַרקויפט)**
15) **ד״ר הלל זיידמאַן** — טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ **(אויספאַרקויפט)**
16) **זאַמלונג פון דאָקומענטן** — קינדער־מאַרטיראָלאָגיע **(אויספאַרקויפט)**
17) **חיים גראַדע** — פּליטים **(לידער)** **(אויספאַרקויפט)**
18) **ש. קאַטשערגינסקי** — פּאַרטיזאַנער גייען!... **(אויספאַרקויפט)**
19) **פרידע זרובבל** — נע ונד **(פאַרצייכענונגען פון אַ פּליטה)**
20) **מרדכי שטריגלער** — מאַידאַנעק
21) **יעקב לעשצינסקי** — אויפן ראַנד פון אָפּגרונט **(אויספאַרקויפט)**
22) **ז. סעגאַלאָוויטש** — געברענטע טריט
23) **אברהם טייטלבוים** — וואַרשעווער הייף
24) **טאַניאַ פוקס** — אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) **ש. ל. שניידערמאַן** — צווישן שרעק און האָפענונג
26) **לעאָ פינקלשטיין** — מגילת פּוילן **(אויספאַרקויפט)**
27) **יאָנאַס טורקאָוו** — אַזוי איז עס געווען... **(חורבן וואַרשע)**
28) **ש. איזבאַן** — „אומלעגאַלע״ ייִדן שפּאַלטן ימען
29) **יעקב פּאַט** — הענעך
30) **ד״ר י. קערמיש** — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) **שמחה פּאָליאַקיעוויטש** — אַ טאָג אין טרעבלינקע
32) **מרדכי שטריגלער** — אין די פאַבריקן פון טויט
33) **אברהם נחתומי** — אין שאָטן פון דורות
34) **יחיאל לערער** — מיין היים (**פּאָעמע**)
35) **יוסף וואָלף** — לייענענדיק פּרצן...
36) **צפּורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו** — יצחק קאַצענעלסאָן
37) **י. הירשהויט** — פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) **נחום סאָקאָלאָוו** — פּערזענלעכקייטן
39) **רחל קאָרן** — היים און היימלאָזיקייט (**לידער**)
40) **א. אלמי** — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) **מנשה אונגער** — פּשיסכע און קאָצק (**אויספאַרקויפט**)
42) **מ. בורשטין** — איבער די חורבות פון פּלוינע
43) **מ. קיפּניס** — הונדערט פאָלקס־לידער (**אויספאַרקויפט**)
44) **ז. סעגאַלאָוויטש** — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב
45) **ד״ר ה. שאָשקעס** — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי...
46) **שלמה וואַגאַ** — חורבן טשענסטאָכאָוו
47) **אברהם זאַק** — יאָרן אין וואַנדער (**לידער**)
48־49) **ש. איזבאַן** — פאַמיליע קאַרפּ (**ראָמאַן**) (**אויספאַרקויפט**)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)
50) **ד״ר א. מוקדוני** — מיינע באַגעגעניש (**זכרונות**)
51) **ר. שושנה־קאַהאַן** — אין פייער און פלאַמען (**טאָג־בוך**)
52) **י. י. טרונק** — די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) **יאָנאַס טורקאָוו** — אין קאַמף פאַרן לעבן
54) **יצחק פּערלאָוו** — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947״ (**ראָמאַן**)
55) **פּנחס ביזבערג** — שבת־יום־טובדיקע יידן
56) **שלום אַש** — פּעטערבורג (**ראָמאַן**)
57) **שלום אַש** — וואַרשע (**ראָמאַן**)
58) **שלום אַש** — מאָסקווע (**ראָמאַן**)
59) **ד״ר פיליפּ פרידמאַן** — אָשוויענטשים
60) **ב. ראָזען** — טלאָמאַצקע 13
61) **דוד פלינקער** — אין שטורעם (**ראָמאַן**) **ערשטער באַנד**
62) **דוד פלינקער** — אין שטורעם (**ראָמאַן**) **צווייטער באַנד**
63) **יאַנוש קאָרטשאַק** — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64) **מרדכי שטריגלער** — ווערק „צע״, **באַנד איינס**
65) **מרדכי שטריגלער** — ווערק „צע״, **באַנד צוויי**
66) **חיים גראַדע** — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) **רבקה קוויאַטקאָווסקאַ** — פון לאַגער אין לאַגער
68) **יואל מאַסטבוים** — מיינע שטורמישע יאָרן (**זכרונות**)
69) **אליהו טראָצקי** — גלות דייטשלאַנד
70) **ד״ר יעקב שאַצקי** — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה

71) **נחמן מייזיל** — געווען אַמאָל אַ לעבן...
72) **י. י. טרונק** — סימכע פלאַכטע פון נאַרקאָווע (**אויספאַרקויפט**)
73) **יהודה עלבערג** — אונטער קופערנע הימלען
74) **ד״ר א. מוקדוני** — אויסלאַנד
75) **זיגמונט טורקאָוו** — פראַגמענטן פון מיין לעבן
76) **יהושע פערלע** — יידן פון אַ גאַנץ יאָר

(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן און ליטעראַטור־־פרעמיע פון „בונד" אין פוילן, וואַרשע 1937)

77) **יעקב לעשצינסקי** — ערב חורבן

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

**דניאל טשאַרני** — ווילנע
**מנשה אונגער** — חסידות אין פוילן און גאַליציע
**יזכור־בוך** — בעלכאַטאָוו
**מ. י. שעליובסקי** — אויף דער פולער וואָך

## עס גרייט זיך צום דרוק:

**ב. מיכאַלעוויטש** — זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט
**ז. י. אנכי** — ר׳ אבא און אַנדערע דערציילונגען
**ד״ר יוסף טענענבוים** — גאַליציע — מיין אַלטע היים
**ש. בריאַנסקי** — זשעלעכאָווער געשטאַלטן
**מרדכי שטריגלער** — גורלות
**רחל אויערבאַך** — פון רינגעלבלומס אַרכיוו
**יוסף רייך** — זכרונות פון אַ פּאַרטיזאַן
**ד״ר יעקב וויגאָדסקי** — זכרונות פון אָקופּאַציע־יאָרן
**ד״ר גרשון לעווין** — דאָס בוך פון מיין לעבן
**ז. סעגאַלאָוויטש** — פּופּציק בריוו
**ש. בערלינסקי** — ירושה
**קאַדיע מאָלאָדאָווסקי** — אַמאָל איז געווען
**הערשעלע** — שבת אויפן טראַקט
**אברהם לעוו** — אַ ליד נאָך אייך
**גרשם באַדער** — קראָקע
**משה זאַנשיין** — „יידיש וואַרשע"

פרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום



**פאַליק לערנער** שרייבט אין צוזאַמענהאַנג מיט די דערשינענע 75 ביכער „דאָס פּוילישע יידנטום" („ראַזאַריער לעבן", ראַזאַריאָ, 1951).

אין חודש מאַי 1951 איז דערשינען דאָס בוך „פראַגמענטן פון אַ לעבן", פון זיגמונט טורקאָוו, דאָס 75סטע וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן

**בער י. ראָזען**



דער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום". דאָס ערשטע בוך פונעם פאַרלאַג, „מלכה אָווישאַני דערציילט...", איז דערשינען אומגעפער אין מאַי פון 1946, דאָס הייסט, אַז דאָס 75סטע בוך דערשיינט צו די פינף יאָר זינט דער פאַרלאַג איז געשאַפן געוואָרן.

ברדך כלל, שרייבט מען ביי אונדז אין היגע טערמינען און מיט מורא־דיקע סופּערלאַטיוון וועגן געוועזענע און ס׳רוב מאָל מינדערוועריקע ענינים... טאָ ווי אַזוי זשע זאָל מען באַצייכענען דעם פינפטן אַני־ווערסאַר פון אַ יידישן פאַרלאַג אין אַרגענטינע, וואָס האָט אין משך פון דער צייט אַרויסגעגעבן 75 ביכער?

יאָ, נישטאָ דאָס וואָרט אויף צו באַצייכענען די דאָזיקע געשעעניש אין אונדזער לעבן. און ווען מען ווייסט נאָך דערצו, אַז די גאַנצע אונטערנעמונג איז געגרינדעט גע־וואָרן און ווערט אָנגעפירט פון צוויי מענטשן — מאַרק טורקאָוו און אברהם מיטעלבערג — איז ממש צו שטוינען ווי דאָס אַלץ האָט געקענט צושטאַנדקומען.

ליגן פאַר מיר די צוויי ביכער וואָס צייכענען אָן דעם אָנהויב און דעם איצטיקן עטאַפּ פון דער דאָזי־קער טעטיקייט און עס וואַקסט פאַר מיר אויס אַ ווערק פון קאָלאָסאַלער

באַדייטונג, אַ ווערק וואָס איז גע־בויט געוואָרן, לייגנדיק ציגל אויף ציגל, און הגם נאָך ווייט נישט פאַר־ענדיקט, שטייט עס שוין איצט ווי אַ פּרעכטיקער עקספּאָנענט אין דעם היכל פון דעם יידישן קולטור־וועזן. דער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנ־טום" האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין דער פּאַטרימאָניום פון דער יידישער אַרגענטינע און זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ ענין פון אַלײדישן כאַראַקטער. אפילו ווען דאָס יידישע פאַרלאַג־וועזן אויף דער וועלט וואָלט געבליט, וואָלט די טעטיקייט פונעם „פּוילישן יידנטום" זיך אָנגעזען ווי אַ וואונדערלעכער אויפטו פון דעם אַרגענטינער יידישן ישוב, ווער שמו־עסט איצט, ווען דאָס די מערכה פונעם יידישן בוך איז אַזאַ ביטערע און די טעטיקייט אויפן געביט פון אַרויסגעבן ביכער איז אַזוי גוט ווי אָפּגעשטעלט, אפילו אין אַזאַ צענ־טער ווי עס איז פאַראייניקטע שטאַטן.

„דאָס פּוילישע יידנטום"! געווען אַ צייט ווען עס איז געווען אַ פּוי־ליש יידנטום, אָן גענדזנפּיסלעך. אַ פּויליש יידנטום וואָס האָט גע־שפּרודלט מיט שעפערישקייט, מיט לומדות, עכט־יידישן לעבנס־שטיי־גער און מיט שיין־גייסט. דאָס דאָ־זיקע פּוילישע יידנטום איז מער נישטאָ און עס איז נאָך גוט וואָס עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע צוויי זין פון יענעם פּוילישן יידנטום וואָס האָבן באַשלאָסן צו פאַראייביקן דעם אָנדענק דערפון און עס האָט נישט געקענט זיין קיין שענערער און וויר־דיקערער אופן ווי אַזוי אויפצושטעלן




דעם דאָזיקן מאָנומענט ווי דאָס שאַפן דעם פאַרלאַג, וועלכער פייערט איצט דאָס אַרויסגעבן דאָס 75סטע בוך. נישט אין שטיין און נישט אין בראָנדז קען מען פאַראייביקן דעם אָנדענק פונעם פּוילישן יידנטום, נאָר אין גייסט און ווי אַנדערש האָט מען עס דען געקענט טון, אויב נישט אַזוי ווי עס האָבן עס געטון טורקאָוו־מיטעלבערג?

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט שוין אַ סך מאָל געשריבן וועגן דער טעטיקייט פון דעם פאַר־לאַג „דאָס פּוילישע יידנטום". איך

האָב אויך געשריבן וועגן אַ גאַנצער רייע ביכער וואָס דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן און וואָס מער צייט עס




גייט אַוועק פאַרשטאַרקט זיך ביי מיר דער דרך ארץ פאַר די וואָס טראָגן אויס אויף זייערע פּלייצעס די שווערע לאַסט פון דער דאָזיקער קאָלאָסאַלער קולטור־אונטערנעמונג. איך ווייס נישט צי עס איז אין אונדזער מחנה פאַראַן עמיצער וואָס זאָל נישט פילן — שטאַרקער אָדער שוואַכער, אָט דעם רעספּעקט לגבי מאַרק טורקאָוו און אברהם מיטעלבערג; איך צווייפל אָבער צי אַ גרויסער פּראָצענט פון אָט די פאַרערער פילט און פאַרשטייט מיט וויפל שוועריקייטן עס איז פאַרבונדן די אַרבעט וואָס זיי האָבן אויסצופירן.

עס איז דאָ נישט דאָס פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן ברייטער אויפן ליטעראַרישן ווערט פון די ביכער וואָס זענען דערשינען אין דעם פאַרלאַג. פון לכתחילה איז די אַרבעט געווען כמעט אַן אימפּראָוויזירטע און די מערהייט ביכער זענען באַשטאַנען פון דער אַזוי גערופענער חורבן־ליטעראַטור. אין די ערשטע צייטן פון דעם פאַרלאַג איז נישט געווען קיין פראַגע פון קיין ליטעראַרישע סעלעקציע, נאָר פון אַ פּראָטאָקאָל־מעסיקער אַרבעט, פון איבערגעבן וועגן די פּאַסירונגען, וואָס האָבן זיך פאַרענדיקט מיט דעם פולשטענדיקן חורבן פון דעם יידישן לעבן אין מזרח־איראָפּע. אין דעם זין האָט

## מרדכי שטריגלער



דער פאַרלאַג רעאַליזירט אַן אויפגאַבע וואָס איז ממש נישט אָפּצושאַצן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ סע־

ריע ביכער, אין וועלכע עס ווערט אויף אַן אויספירלעכן אופן איבערגע־ געבן די טראַגעדיע וואָס ס׳האָט אי־ בערגעלעבט אונדזער פאָלק אין משך פון דעם צווייטן וועלט־קריג. אַזעלכע ביכער ווי די פון טאַניע פוקס, מרדכי שטריגלער, פרידאַ זרובבל, יאָנאַס טורקאָוו, ש. קאַטשערגינסקי און אַנדערע, זענען דאָקומענטן וועגן דעם לעצטן געראַנגל און אומקום פון אונדזערע ברידער אין די גע־ טאָס, אין די קאָנצענטראַציע און טויטן־לאַגערן. אין די אויפשטאַנדן און פּאַרטיזאַנקעס, וואָס האָבן אַ גע־




שיכטלעכן ווערט. פון אָט די ביכער־ דאָקומענטן פון מענטשן וואָס האָבן איבערגעלעבט די גרויל־געשעענישן אויף זייערע אייגענע פלייצעס, וועט

## מנשה אונגער



דער צוקונפטיקער היסטאָריקער שעפּן דעם מאַטעריאַל אויף צו פאַראייביקן די טראַגעדיע פון די אומגעקומענע און די שאַנד פון די אומברענגער; און דאָס פאַראייביקן די שאַנד פון די רוצחים און פיי־ ניקער פון אונדזער פאָלק איז אפשר נישט ווייניקער וויכטיק ווי דאָס פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונ־ דזערע קדושים, ווייל די וועלט, די נישט־יידישע וועלט, האָט אַ נייגונג צו פאַרגעסן דאָס וואָס האָט פּאַ־ סירט און אויסצוגעפינען אַ זכות אויף יענע, פאַר וועלכע עס איז נישטאָ קיין פאַרגעבונג.

אָבער נישט נאָר חורבן־ליטעראַ־טור האָט דער פאַרלאַג אַרויסגעגעבן.

יאַנוש קאָרטשאַק

# משהלעך, יאָסעלעך, ישׂראליקלעך



נאָכן פאַרענדיקן דעם ערשטן ציקל, האָט דער פאַרלאַג אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע רייע ביכער פון הויכן ליטע־ראַרישן ווערט און איניקע וואָס האָבן אַ גרויסן קולטור־היסטאָרישן ווערט. אַזעלכע ביכער ווי די פון ד״ר א. מוקדוני, יואל מאַסטבוים, א. אלמי, ד״ר מאיר באַלאַבאַן, ד״ר יעקב שאַצקי, זיגמונט טורקאָוו און אַנדערע מחברים וואָס האָבן גע־שריבן זייערע זכרונות אָדער באַגע־געגנישן, האָבן אויסער אַ ליטעראַ־רישן ווערט, אויך אַ גרויסע קולטור־היסטאָרישע באַדייטונג, ווייל זיי ברענגען אַרויס וויכטיקע מאָמענטן און גאַנצע תקופות פון דעם דורות־דיקן יידישן לעבן אויף דער פּוילי־שער ערד, אַ לעבן וואָס איז פאַר־ניכטעט געוואָרן און געהער שוין ליידער צו דער פאַרגאַנגענהייט. אויך ווערק פון גרויסן קינסטלע־רישן און הויך־פּובליציסטישן ווערט האָט דער פאַרלאַג אַרויסגעגעבן. שלום אַשס טרילאָגיע „פּעטערבורג, וואַרשע, מאָסקווע״. די ראָמאַנען פון דוד פלינקער, ש. איזבאַן, די לידער פון חיים גראַדע, אָדער אַזעלכע בי־כער ווי די פון ל. פינקעלשטיין, י. טרונק אָדער י. לעשצינסקי, צו דער־מאָנען בלויז געציילטע מחברים, זע־נען גענוג אויף צו געבן אַ פאָרשטע־



לונג וועגן דעם ליטעראַרישן ווערט פון די ווערק וואָס דער פאַרלאַג האָט

אַרויסגעגעבן. דורך די ביכער פון ז. סעגאַלאָוויטש, האָט דער פאַרלאַג פאַראייביקט איינע פון די רירנדסטע עלעגיעס וואָס מען האָט געשריבן נאָך דעם פאַרשניטענעם יידישן לעבן פון פוילן. סעגאַלאָוויטש וועלכער האָט געהאַט זיין ליטעראַרישן אויפ־שטייג אין דער יידישער פוילן און אַ מאַסן־לייענערשאַפט, האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיט דער טראַ־געדיע און זיין האַרץ האָט נישט געקענט שלום מאַכן — און ער האָט זיין גרויס בענקשאַפט פאַראייביקט אין אייניקע פּאָעמען, ווי „אַ בוים פון פוילן" און „נישטאָ", ווו ער האָט זיך באַוויזן אין די לעצטע יאָרן



פון זיין לעבן, חוץ פּראָזע־מייסטער, אויך אַלס טאַלאַנטפולער דיכטער, מיט אַ ראַפינירטן געשמאַק פון האַר־מאָניע און ריטם.




75 ביכער פון יעדער פאַרלאַג וואָלט געווען אַ גרויסע געשעעניש, אָבער 75 ביכער פון אַ פאַרלאַג וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון איינעם פון די שעפערישסטע און גייסטרייכ־סטע יידישע ישובים וואָס זענען אומ־געקומען, זענען אַ גרויסער כבוד פאַר דעם יידישן ישוב אין אַרגענ־טינע און פאַר די וואָס האָבן אונ־טערגענומען און רעאַליזירט די דאָ־זיקע גרויסע איניציאַטיווע. עס בלייבט נאָר צו פאַרענדיקן די דאָ־זיקע שורות מיט אַ ברכה פאַר די עקשנים און זיי ווינטשן כוח און אויסדויער פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט.

**אַ. לעיעלעס** שרייבט וועגן חיים גראַדעס „שיין פון פאַרלאָשענע ליכט" („דער טאָג", ניו־יאָרק, 24סטער מערץ 1951):

קראַפט, קאָנשאַפט און פאַנטאַזיע פאַרמאָגט דאָס לידער־בוך „שיין פון פאַרלאָשענע שטערן" פון חיים גראַדע.

אין דעם בוך גייען אַריין, דער עיקר, לענגערע לידער און פּאָעמעס, וואָס חיים גראַדע האָט געשריבן אויפן חורבן, אָבער מערסטנס שוין נאָך דעם חורבן.

איר האָט דאָ די פּאָעמע „קעלץ", וואָס איז געווען געשריבן אונטער דעם איינדרוק פון דעם קעלצער פּאָגראָם אין 1946. דער דאָזיקער פּאָגראָם איז געווען ווי אַ בלוטיקע התראה, אַז יידן זאָלן זיך נאָר ניט איינרעדן, אַז זיי וועלן דאָ אויפשטעלן נייע געצעלטן און אָנהויבן אַ ניי לעבן.

נישטאָ קיין לעבן־מעגלעכקייט פאַר יידן מער אין פּוילן! — האָט אָנגעקינדיקט קעלץ, און חיים גראַדע גיסט אויס זיין גאַנצן כעס, פאַרדראָס און טרויער אויף דעם פּוילישן פאָלק, וואָס האָט נאָך אַלץ נישט געהאַט גענוג יידיש אומגליק, נאָר אַלץ נישט גענוג יידישע מתים.

»«

אין דעם בוך זענען דאָ קרעפטיק געשריבענע באַוויין־לידער אויף די אויסגעלאָשענע יידישע שטעטלעך. נאָר איינער, וואָס מישט זיין האָס און כעס צו דער פּוילישער ערד מיט ליבע, קאָן שרייבן אַזעלכע ביטערע און שטאַרקע לידער.

ווי אַ מין לעצטן אַקאָרד צו די וועגן פון פּוילן, וואָס זענען אויסגעליידיקט פון יידן, רופט־אויס דער דיכטער:

איך גיי אויף די וועגן פון פּוילן
עס רוישן די ווינטן,
ווי מחנות פון חסידים, וואָס פאָרן
אויף יום־טוב צום רבין.
פאַרפלאָכטן די אָרעמס, זיי זינגען
און טאַנצן, זיי שפּרייזן פון
פאָרנט, פון הינטן,
און שטויסן פאַראויס מיך צום לעבן.

»«

חיים גראַדע האָט, ווי באַוווּסט, דורכגעמאַכט אַ לאַנגן און פאַרשידנאַרטיקן וועג אין די יאָרן פון דער מלחמה. ער איז געווען אין רוסלאַנד. ער איז צוריק געפאָרן קיין פּוילן — מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועט מען פאָרט דאָרט קאָנען באַנייען אַ יידיש לעבן. ער האָט זיך גיך אַנטוישט. ער איז מיט אַ סך אַנדערע אַרויס, זיך באַזעצט אין פּאַריז. פון דאָרט איז ער געקומען קיין אַמעריקע.

ווען ער איז געווען אין פּוילן, איז עס פאַר אים געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל וועלן זען די פּלעצער, וואָס זייערע נעמען וועלן ווי גרויליקע דערמאָנונגען אייביק גליען מיט שוואַרץ פייער אין אונדזער נאַציאָנאַלן זכרון.

איין נאָמען אַזאַ איז אָשוויענטשים — דער שווידערלעכער לאַגער, ווו מיליאָנען יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן צום פייער־טויט.

האָט חיים גראַדע עטלעכע לידער

וועגן און אַרום אָשוויענטשים.

אַן אומגעווענלעכן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דאָס ליד „די מר־כבה אין לאַגער אָשוויענטשים“.

חיים גראַדע שילדערט, ווי ער און נאָך אַנדערע דריי יידישע דיכטער זענען געווען דאָרט אין דעם גרויליקן אָרט. האָט זיך, זאָגט ער, באַוויזן פאַר זיי די זעאונג פון דעם נביא יחזקאל — די פיר פּנימער פון דער אַלמאַכט.

דאָס ליד איז אַ טענה צום האַר פון די וועלטן, זייער אָריגינעל אויסגע־דריקט, פול מיט דורכנעמענדיקע בילדער. אָט זענען די שלוס־פערזן:

... אין דעם טויט־לאַגער שטיי איך
מיט מיינע חברים. די אויגן
פאַרגלאָזט.
ווי כלים פאַרזשאַווערטע אויף אַ
מזבח
מיר זענען בלויז קופּעס פון אייזן
און ראָסט.
אפילו קיין אַש איז נישט
איבערגעבליבן,
בלויז בראָכוואַרג אַ קופּע פון
אַייזן־געשיר —
די שטומקייט פון טויט־לאַגער האָט
זיך פאַרקליבן
אין האָריקע גלאַנציקע פּנימער פיר.
ווי שטעכל־דראָט וואָלט זיי
אינאיינעם פאַרקאָוועט,
פיר יידישע דיכטער זיך טוליען
צונויף,
און איבער זיי שוועבט נישט דער
כסא הכבוד,
נאָר גאַז־וואָלקנס לייגן אויף זיי
זיך אַרויף.

»«

אַלע זאַכן אין דער נייער לידער־זאַמלונג זענען אָנגעזאָפּט מיט גע־פרעסטן אינהאַלט און דער אינהאַלט איז אַריינגעטון אין אַ פאַסיקער גבורהדיקער פאָרם.

חיים גראַדע איז זייער יידיש פאַר־וואָרצלט. דאָס קומט צום אויסדרוק אין דעם בילד, אין דעם פאַרגלייך, אין דעם גאַנצן כאַראַקטער פון זיין ליד. „שיין פון פאַרלאָשענע שטערן“ האָט די יידישע פּאָעזיע באַרייכערט מיט אַ וואָגיק ווערק.

